# אינהאַלט:

# א טאָג

דער טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אין קבוצה מיטן האָלענדער בופּלאָקס „רבי שמשון", וואָס האָט זיך ארויסגעריסן פון שטאָל אין הויף ארויס. דער בול האָט זיך דערפילט פרײַ פון דער קייט, האָט ער פאררריסן דעם קאָפּ צום הימל, ארויסגעשטשירעט צוויי פּארקאַנעם אײַזערנע ציין און אָנגעלאָדן פּולע לונגען מיט פרישער באַגינען־לופט. „רבי שמשון" האָט מיט תענוג אויסגעשלאָגן מיט די הינטערשטע פיס און זיך געלאָזט אין דער פרײַהייט ארײַן מאכן חרוב אַלץ, וואָס ס'איז אים געקומען אין וועג. דעם ערשטן קבלת פּנים האָט באַקומען גדליה דער נאַכט־שומר. „רבי שמשון" האָט אים געגעבן א פּלעם אין דער ברוסט, אומגעשלײַדערט און שיעור פאַרענדיקט... נאָכדעם האָט „רבי שמשון" זיך פאַרנומען טאַנצן מיט א חודשדיקן זשרעבעקל, וואָס האָט ארומגעהאָפּקעט אין הויף, און ר'האָט עס טאַנצנדיק קאַלט געמאַכט... אויסשלאָגנדיק ווידער מיט די הינטערשטע פיס האָט ער זיך ארײַנגעבראָכן אין מיטלסטן בלומען־גאָרטן, אומגעוואָרפן ס'פּארקאַנדל און אײַנגעלייגט דעם זײַל, אויף וועלכן ס'איז געווען אויסגעבויט די מעטעאָראָלאָגישע „סטאַנציע" פון דער קבוצה. אז דאָס גערטנדל איז געוואָרן צעמורשט, האָט „רבי שמשון" ארויפגעכאַפּט אויף א האָרן דעם רעגן־מעסטער, און זיך געלאָזט וואויל־גיין, ביז די סטאַדע איז אַוועק אין פעלד. דאָ האָט ער זיך ארײַנגעריסן אין דער מיט, אָנגעמאַכט א גרויסע סומאַטאָכע און צוזאַמען מיט די יונגע קי אוועק גאַלאָפּ אין פעלד ארײַן.

אזא „גוט־מאָרגן" האָט אָנגעוואָרפן א מרה־שחורה אויפן עולם

אין דער קבוצה „רמות״ וואָס איז געלעגן פאַרוואָרפן ווײַט צווישן בערג און בערגלעך אויפן סאַמע גרענעץ פון ייִדישן ישוב.

אין לעצטן חודש האָט מען די קבוצה אָן א שיעור מאָל באַשאָסן. האָט מען דאָ געלעבט אין כסדרדיקער שפּאַנונג; די וואַך פאַרטאָפּלט אפילו אין מיטן טאָג; די באַראַקן — פאַרפעסטיקט מיט טאָפּלטע ווענט, געפילט מיט שאָטער; די צעלטן האָט מען אַראָפּגענומען, און זייערע באַוווינער מסדר געווען אין דער עס־שטוב און אויפן בוידים פון דער נעמויערטער שטאָל.

אין גאָרטן צווישן עולם האָט יענעם פרימאָרגן אַרומגעזוגגען רחל, די אָנגעצווינגענע שטימונג האָט זי אינגאַנצן אויסגעמיטן. און גאָרנישט ווי איר שטייגער — אַרבעטן און שווײַגן — איז זי הײַנט געווען זינגעוודיק און פריילעך. רחל האָט געשטראַלט: איר איז הײַנט אַזוי גוט, ובפרט נאָך, אַז מען האָט זי אוועקגענומען פון דער שטאָל־אַרבעט און צוגעטיילט אין גרויסן שמעקעדיקן גאָרטן אַרײַן, צו דער פרישער חודש ניסן־לופט, וואָס האָט צוזאַמען מיטן קרעפטיקן ריח פון דער ערד אַרײַנגעדרונגען אין אַלע חושים און אָנגעפילט די גלידער מיט פרייד. אירע אויגן, שוואַרצע קוילן, האָבן איצט געשאָסן מיט פרייד און פולגעמאַכט מיט זיך דעם אַרום.

דער מצב־רוחדיקער עולם האָט זיך געבייזערט און האָט אַפילו צו־געברומט:

— אַזאַ פרימאָרגן, און דאָס טאַנצט אַרום ווי א ציג, און וואָס איז דאָ בכלל די שמחה, וואָס?! —

קיינער האָט נישט געהאַט קיין צײַט זי צו פאַרשטיין, נישט די „ותיקים״, די אייביק־פאַרדאַגהטע; נישט די אַלטע טאַטע־מאַמעס מיטן גרינצײַג אין די פאַרטוכער... און די יוגנט איז צום טייל געווען אויף שמירה אין די פעלדער אָדער אַרום גאָרטן, און טייל בײַ פעלד־אַרבעט; נאָר זי אַליין, רחל, מיט אירע צווייאונצוואַנציק יאָר, קען זיך קיין אָרט נישט געפינען — דאָס האַרץ זינגט און רײַסט זיך פון דער ברוסט אַרויס...

ווײַל ערשט נעכטן איז ד אָ ס געשען. נעכטן נאָך איז אַלץ געווען

סוד, און הײַנט? — מאָטל איז אוועק אין סעקרעטאַריאַט און געמאָלדן: „באשר... היות, ווי... בכן... פאַרשטייט איר מיך, חברים, איך דאַרף אַליין אַ צימער”. די חברים אין סעקרעטאַריאַט האָבן זיך רויִק איבער־געקוקט און געענטפערט פשוט, כמעט וואָכעדיק: „גוט, מאָטל”, בעת רחל מיט מאָטלען האָבן געמיינט: מי יודע, ווי שווער „ד אָ ס” וועט אָנקומען, איז „דאָס” צוגעגאַנגען אַזוי איינפאַך און זיך פאַרענדיקט מיט פעסטע האַנט־דרוקן פון גאַנצן סעקרעטאַריאַט: — „זײַ מצליח, מאָטל!”

איז מאָטל אוועק צו זײַן אַרבעט, און רחל איז אַרומגעגאַנגען אַ פריידיקע, אַן אויפגעלייגטע און געשײַנט מיט איר גליק.

ס'איז געווען אַ הייסער פרילינגדיקער פרימאָרגן. אַז קוילן האָבן גענומען פײַפן און זשומען און דערגרייכט אין גרינס־גאָרטן, אַ זאַך, צו וועלכער מ'איז אין „רמות” שוין צוגעוואוינט, האָבן זיך גלײַכצײַטיק דערהערט די אָפּגערעדטע סיגנאַלן פון די קאָמאַנדירן: „יעדערער אויף זײַן באַשטימטן אָרט!” — ווער אין די שטעלונגען, ווער אויף די דעכער, ווער נאָך געווער, ווער — צו דער גיכער הילף אין אַמבולאַטאָריע, ווייל קיינמאָל קאָן מען נישט וויסן פאָרויס, וואָס פון אַן אָנפאַל קאָן אַרויס־קומען...

מען איז גיך געקומען צו זיך אינעם גאָרטן, און דער עולם האָט גענומען פויזען אויף אַלע פיר, אויף די בײַכער, צווישן די בייטן פון גרינסן, צו דעם גראָבן, וואָס האָט פאַרבונדן דעם גאָרטן, פאַזע דעם בלאָטיקן וועג מיטן צענטער פון „רמות”. דער גראָבן איז געווען קלעפּיק, לײמיק, פײַכט, אָבער קוילן־קנאַלן, וואָס זאָגן אָן טויט, פאַרווישן די שווערסטע מניעות; יעדער מיחוש פאַרשווינדט, די גלידער ווערן לײַכט, די חושים געשפּאַנט, אפילו די עלטער — פאַרגעסן...

בײַ רחלען איז ס'געזאַנג אָפּגעשטאָרבן אויף די ליפּן און ס'האַרץ האָט געהאַמערט, ווי אַ פּויק. מאָטל איז איר איינציקער געדאַנק געווען, און מאָטל געפינט זיך איצט אונטן, אין אָפענעם פעלד מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע, מיט די הענטלעך פון אַקער־אײַזן אין די הענט הינטער צוויי ברוינע פרדות, און רחל טראַכט: אַן אָנפאַל אין העלן טאָג האָט נאָך קיינמאָל ביז איצט נישט פּאַסירט אין „רמות”, תמיד קומט עס

פאר אין אוונט, ביינאכט, ווען זי איז על פי רוב מיט איר מאטלען צוזאמען. וואס זשע טוט מען איצט? וואס וועט זיין מיט מאטלען? — פון דער פלוצימדיקייט האט זי פארגעסן זיך צוווארפן צו דער ערד און קריכן, ווי אלע, צום גראבן, און פון דארט צו דער אמבולאטאריע, ווו זי איז באשטימט אין סכנה־צייט. זי איז איצט געלאפן אהין גארנישט, ווי בעת אן אנפאל, ווען דער טויט פילט אויס דעם גאנצן חלל; זי איז געלאפן אן דעקונג, אן שוץ, גלייך נישט איר מיינען די קוילן...

אין אמבולאטאריע האט ארומגעשפאנט דער דאקטער. מיידלעך האבן פונאנדערגענומען פעקלעך באנדאזשן; זיי זענען געווען בלאס, גע־שפרייזט מיט פארכאפטן אטעם, מיט צעהאמערטע הערצער, און ווי דער דאקטער, — אויסערלעך רויק. די שאסן האבן געקנאלט געדיכט און געשמיסן די לופט מיט א יללה. דער טעלעפאן האט געקלונגען, מענטשן זענען ארויס און אריין, און רחל האט זיך אליין פארשאפט בזיונות, זי האט געפיבערט, די הענט האבן געציטערט אזוי, אז דער דאקטער האט איר געמוזט ארייננשפארן צווישן די פארקלעמטע ציין א גלעזל וואלעריאן.

שפעטער א נייע פאסירונג: דער אויטא מיטן גרינס, וואס איז גע־פארן אין שטאט, האט זיך איבערגעדרייט ערגעץ בארג־אראפ, און ברוך דער שאפער מיט ביניש דעם גאפיר, האבן זיך לייטיש צעממיתטמ. איז שוין ס׳מיטאג אויך נישט איינגעגאנגען. ס׳איז שטיל געווען אין דער גראמער עס־שטוב. בלויז די קינדער מיט זייער דערציערין, וואס זענען געקומען הערן ראדיא, האבן געמערעשט, געקלעטערט טאטע־מאמען אויף הענט און פלייצעס און זיי באשיט מיט טויזנטער פראגעס.

רחל איז געזעסן אין א ווינקל און זיך געשעמט פאר דער אייגענער שוואכקייט. ס׳האט זיך איר געדאכט, אז אלע קוקן אויף איר, און דער־ציילן, ווי אזוי דער דאקטער האט איר געגעבן וואלעריאן; ווי אזוי דער קאמאנדיר האט געזידלט, הלמאי זי האט געבראכן די דיסציפלין, נישט געקראכן דורכן גראבן צו דער אמבולאטאריע, נאר געלאפן, ווי א משו־גענע אין פייער. —

„וואסי, רחקע, — האט דער קאמאנדיר זיך געבייזערט, — מיינסט, דו ביסט אין תל־אביב אויף דער פליאזשע?"

און מאָטל איז נאָך אַלץ נישטאָ פון פעלד. רחל האָט זיך אַרויסגע־גנבעט פון הויף בעת דער גלאָק האָט גערופן צו מנחה־מאַלצײַט, און איז אַוועק אַראָפּצו דעם וועג, וואָס פירט אין די פעלדער. דאָ האָט זי ווידער פאַרגעסן, וואָס „דער קאָמאַנדיר האָט געזאָגט": — זי האָט פאַרגעסן, אַז ס'איז אַליאַרם־צושטאַנד, ס'איז גרויסע סכנה; זי האָט געשפּאַנט אַליין אין וועג פאַרוויגט פון אייגענער אינערלעכער אומרו.

וואָלט זי געווען ביים פולן קאַלטן זינען און נישט ווער ווייסט ווו מיט אירע מחשבות, יואָלט זי זיכער באַמערקט, ווי עטלעכע שאָטנס זענען גיך פאַרשוווּנדן פון וועג — אין דער ריכטונג צו די בערג, און אפשר געהערט דעם פײַערדיקן פּראַסק, וואָס איין שאָטן האָט מכבד געווען אַ צווייטן, מחמת יענער האָט דערזען אַ ייִדיש מיידל אַליין אין פעלד, און זײַן בלוט האָט זיך צעשפּילט און צעגאָסן אין פײַער ביז פאַרגעסונג, פאַרגעסן זײַן שליחות, די שליחות פון אַ „מודזשואַזין" (מצווה־קעמפּער) כלפּי די כופרים, די יאהוד. ס'לײַב פון אַ ייִדיש מיידל איז זיס, ס'לײַב פון אַ ז אַ איז מער ווערט, ווי הונדערט מצווה־מל־חמות. אָט־אָט־אָט — — — אָבער זײַן „ראַיס" (עלטסטער), וואָס קען גוט זײַנע מענטשן, האָט אים צוגעשטעלט אַ מאַוזער צום שלייף און געפאָדערט דיסציפּלין. ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס הענטל פון קינזשאַל, וואָס איז שוין געלעגן אין זײַן האַנט, ווײַל די איבעריקע שאָטנס האָבן אויסגעקוקט אַ בעסערן ביסן; אָט־אָט פאָרט אָן אַ פול־געפּאַקטער אויטאָ מיט ייִדישע אַרבעטער פון פעלד — אָט־אָט, באַלד... חוץ דעם האָבן זיי חושד געווען, אַז דאָס מיידל איז נאָר אַן אָנשטעל, אַ פּאַסטקע. דאַרטן היט מען זי אוודאי אָפּ פון דער ווײַטן. הײַנט ווידער האָט מען זיי אָנ־פאַרטרויט אַזאַ געפערלעך קעסטל מיט דראָטן, דרעטלעך, מיט באַטערייעס, וואָס מען האָט געשלעפּט אין סכנות־נפשות, דער שוואַרץ־יאָר ווייסט פון ווי ווײַט און נישט איינער פון זיי קען לייענען די שריפט פון די פרענ־דזשעס.

צוריקגערעדט: ווען זיי קענען שוין יאָ און לייענען איבער דעם „מעיד אין דזשערמעני" אויף דעם מסוכנעם וווּנדער־קעסטל, וואָס זיי האָבן דאָ אין וועג אַרײַנגעפּראַוועט, — וואָס וואָלט זיך דאָ געענדערט?

האָבן זיי דעם צעהיצטן קאָלעגע פאַרדרייט די הענט אויף הינטן, פאַר־שטאָפּט ס'מויל און מיטגענומען אין די בערג.

רחל איז געגאַנגען אַנטקעגן מאַטלען. אַזאַ טאָג, און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. דווקא הײַנט, אין טאָג פון איר פרייד, אַזאַ פּחד אויף רחלען, אַזאַ פּחד און זאָרג פאַר מאַטלען.

אַ סך פּשוטער ווי בײַ מענטשן איז די ליבע בײַ קראָליקלעך. ביי אַט די ליבע, סאַמעטענע קליינע באַשעפענישן, מיט די באַוועגלעכע נעז־לעך, גרויסע אומשולדיג־תמעוואַטע קײַלעכדיקע אויגן, מיט קאַמיש־שי־מערע, באַוועגלעכע עטלעכע־האָריקע וואָנצעס.

ס'האָבן זיך פאַרליבט צוויי קראָליקלעך, וואָס האָבן געוואוינט נישט ווײַט פון „רמות", ערגעץ אונטער אַ קזשאַק אין פעלד. פאַרליבט, נישט „צום טויט", ווי בײַ די נאַרישע מענטשן, נאָר פּשוט ווי בײַ קראָליקעס: צום לעבן, צום וואַקסן, צום קווועלן און זיך צו מערן... זענען ביידע קראָליקלעך אַרויס פון די נאָרעס אויף אַ חתן־כּלה־באַגעגעניש אויפן וועג פון „רמות".

— „גוטן טאָג", זאָגט דער „ער" און גיט אַ טרייסל מיטן נעזל פון תענוג.

— „גוט יאָר", ענטפערט די „זי", און גיט פאַרשעמט אַ רודער מיט די וואָנצעלעך.

דער „ער" האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּקעלעך;
די „זי" האָט זיך געכומען קוליען און פראַוען ווײַבערשע שטיק.

וואָלט רחל עס באַמערקט, וואָלט זי געמוזט פאַרלירן אַ שמייכל כאָטש זי איז געווען איצט אַזוי פאַרזאָרגט, זוכנדיק מאַטלען. אַזוי פּשוט, האַרציק האָבן זיך געשפּילט די פאַרליבטע חיהלעך, אָן מינדעסטן האַרץ־ווייטיק. געקוליעט זיך, געצויגן מיט די נעזלעך, וויברירט מיט די וואָנצעס, געמאַכט קונצן מיט די קינדישע אויגן ביז די „זי" האָט זיך פאַרפּלאָנ־טערט אין עפּעס אַ דרעטל אויפן כביש, און דער „ער" איז צוגעלאָפן זי כאַפּן מיט זײַנע קורצע לאַפּקעלעך. אָבער אין דער רגע, וואָס זי האָט זיך געפּלאָנטערט אַרום דרעטל, האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס וואָס ס'איז איבער אַלע השגות פון קראָליקעס: ס'האָט אויסגעזעצט אַ מוראדיקער

דונער פון דער ערד ארויס, א דונער מיט א סטויג פײַער ביזן הימל, וואָס האָט זיך צעלייגט און צעוועלגערט אין מרחקים ארום איבער בערג, טאָלן, וואדים און פעלדער; א דונער, וואָס האָט געשטעלט אויף די פיס די גאנצע סביבה אויף מײַלן ארום.

„רמות" איז פארציטערט און פארגליווערט געוואָרן.

ווען די מענטשן זענען געקומען צו זיך און זיך געכאפּט, אַז אין דער רגע דארפן אָנקומען די ארבעטער פון פעלד, זיי דארפן קומען מיטן אויטאָ, איז אריבער א גרויל איבער אלעמענס לײַבער. מען האָט פיבער־דיק געשפּאַנט וועגענער, געזאָטלט פערד, פארכאפּט געווער, און ווער ס'האָט נישט באוויזן — איז געלאָפן צופוס — צו יענעם אָרט באַרג־אַראָפּ, און דער דאָקטער האָט נישט פארגעסן די טראָג־בעטלעך, די געהילפן מיטן קעסטל, מיט די באנדאזשן.

אינגאנצן א פּאָר מינוט נאָכן אויפרײַס איז אָנגעלאָפן דער פול־געפּאַקטער אויטאָ פון פעלד. דער שאָפער האָט קוים באוויזן צו ברעמזן אויף א ראַנד פון א גרוב אין סאַמע מיטן וועג, ווײַל אקעגן זענען אָנגע־לאָפן די מענטשן פון „רמות" און די לופט האָט געשטונקען מיט דינאַמיט און זשעליאַטין.

ס'איז צוגעפאלן די נאכט. די עס־שטוב פון „רמות" האָט גערוישט, ווי א בינשטאָק. אלץ איז אוועק, אפילו די ספּאַזמעס בײַ א סך.

דער נס איז אָבער נאָך געהאָנגען אין דער לופטן איבער גרויס און קליין, וואָס האָבן זיך נישט געקאָנט זעטיקן מיט די אויגן, נישט צוימען דאָס, וואָס האָט געשפּאַרט פון די טיפענישן פון מענטשלעכן געמיט, געשפּארט, געשטראָמט הילכיק, רוישיק, פארבונדן, פאראייניקט, פאר־קניפּט מיט אזעלכע פארבאָרגענע פעדים פון קעגנזײַטיקער איבערגע־געבנקייט, טרײַקייט און דבקות.

ס'איז צוגעפאלן די נאכט. אין סעקרעטאריאַט, וווּ די קאָמאַנדירן האָבן מסדר געווען די שמירה, די סעקרעטארן — די ארבעט אויף מאָרגן, איז געווען רויִק, שטיל.

רויִק איז געווען אויפן לײַכט־טורעם, וווּ צוויי באוואָפנטע מיידלעך האָבן זיך געפּאָרעט ארום פּראָזשעקטאָר, סיגנאַליזירנדיק מיט מאָרז־

## ל. חײן (שמעוני)

צײכנס די ליכט־בשורה פון לעבן אין דער ייִדישער סביבה ארום.

אין דער אַמבולאַטאָריע האָט רחל פּאַרענדיקט איר טאָג אויף אַ טראָג־בעטל, דער דאָקטער האָט איר װידער געשפּאַרט װאַלעריאַן צװישן די פּאַרקלעמטע צײן. מאָטל, אַ דערשיטערטער, אַ צעחושטער האָט זיך ארומגעדרײט אין דרויסן ארום די פּענצטער. ער האָט גאָרנישט געװוּסט, חוץ פון דעם װאָס מען האָט אים דערצײלט, װי אַזוי מען האָט רחלען געפונען אַ צעקלאַפּטע אין חלשות נישט װײַט פון װעג, װוּ דער אויפרײַס איז געװען. מען האָט איר געפונען אויסגעשמירט אין קויט און לײם, און דאָס משונהדיקסטע: נעבן איר האָבן זיך געװאַלגערט אין בלוט צװײ צעריסענע װײַסע קראַליקלעך.

# אַ נאַכט

דאָס אָוונט־עסן אין קבוצה איז געוואָרן אַן אָפּקומעניש. זינט עטֵ־
לעכע וואָכן איז די פרייד אויסגערונען. דורך די פענצטער פון דער
גרויסער עס־שטוב קוקן אַרײַן שוואַרצע אויסגעברענטע פעלדער, און
איבער די קעפּ אויפן דאַך, דריקט די לאַסט פון עטלעכע הונדערט זעק
זאַמד, צעלייגט ווי ציגל אַרום די קאַרניזן. אין דער שטילקייט קלאַפּן
ווי אַ זייגער די טריט פון די שומרים, וואָס שפּאַצירן אויפן דאַך אַהין
און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, אַהין און צוריק, מיט ביקסן אויף די
אַקסל פאַרוואָרפן.

אַן אָפּגעריסן געלעכטער ברעכט אין דער שטילקייט, אַ יונג געלעכ־
טער, וואָס רײַסט זיך אָפּ און פאַרשטומט אונטערן שאַרפן בליק פון אַ
וותיק, אַ בליק פון אַ פּאָר נישט אויסגעשלאָפענע אומרויִקע אויגן.

איינציקווײַז פאַרשווינדט דער עולם פון דער עס־שטוב. אַ העלפט
גייט אין קינדער־הויז זאָגן אַ „גוטע נאַכט”, די צווייטע העלפט אויף
אָפּרו און שמירה.

מ'האָט אין קינדער־הויז די לעצטע טעג אויפגעהערט ריידן פון שעפּ־
סעלעך און לאָשעקלעך, פון טרויבן און בלומען. וואָרום דער שאָטן פון
טויט שפּאַצירט אין די בערג אַרום. נאַכט בײַ נאַכט פאַלן קוילן ווי האָגל
אויף די דעכער, פלאַמען פון פעלדער הייצן די הימלען, און ס'גייט אויף
אַזאַ דערשיטערנדיקע שיינקייט אין די פינצטערע סוף־חודשדיקע נעכט,
אַז אַפילו די טויט מידע בחורים מיט געשוואָלענע אויגן פון רויך, וועלכע
לעשן זייער תבואה מיט נאַסע זעק, מוזן זיך אָפּרײַסן אַ ווײַלע, אָנקוקן ווי

די הימלען ברענען, ווי די הימלען פלאַמען הויך איבער די קעפּ, ווײַט ווײַט ביז הינטער די בערג פון גלבוע.

ווײַט אַראָפּ אין די פעלדער נאָענט צום וואַסער שטייט אַ יונגער פּרדס, שווער באַלאָדן מיט די ערשטע פּרוכטן. די ביימער שטייען תקיף, שמעקעדיקע, שטאָלצע ווי יונגע גליקלעכע מוטערס, איבערזעטיקט מיט דער ברכה פון דער ערד, די שטאַמען אויסגעפּוצטע, ווײַס געקאַלעכט, די שווערע זאַפטיקע צווײַגן זאָרגפעליק אונטערגעשפּאַרט, צוגעבונדן מיט לולב־פעדים — דער שטאָלץ און דאָס צירונג פון דער קבוצה!

זיי האָבן באַוויזן אַזאַ פּרעכטיקן גאָרטן צו פאַרפלאַנצן אויף אַ באָדן, וואָס איז נעכטן געווען האַרט ווי פעלדז, פאַרלאָזן ווי דער מדבר. יעדער בוים איז ווי אַ ציטעריק קינד געהאָדעוועט געוואָרן, יעדער שטאָק, יעדעס בלעטל, יעדער וואָרצל און קנאָספּ געצערטלט, יעדער שיסל און תלם, אויסגעבעטן מיט די שענסטע פּרילינגען פון מיידלעך און בחורים. פאַראַקערט און געמיסטיקט מיט זייער יוגנט, בלוט און שוויים. דער פּרדס האָט צוריקגעצאָלט מיט זײַנע בעסטע דופטן, מיט דער שענסטער בליונג, און די ערשטלינג פּרוכטן האָבן די אויגן געקוויקט און די הערצער גע־פרייט, האָפענונגען געשפּרייט ווײַט ווײַט איבער ימים און לענדער, ביז די פאַרוואָרפנסטע יידישע ישובים, — האָבן זיך די דופטן און האָפע־נונגען פון פּרדס געטראָגן...

מ'האָט ערשטע בליטן פון בוים, די שמעקעדיקע ווײַטע בשמים־בלעטלעך אין בריוו אַרײַנגעלייגט, אַוועקגעשיקט, אין אַלע טיילן פונעם כדור העולם — די דופטן פון א"י, — די בשמים פון אויסגעפּראַצע־וועטן טאָל יזרעאל. טאַטע־מאַמעס זענען מיט די בליטן מיט ציטערדיקע הענט פון שכן צו שכן געלאָפן:

— „נאָט, אָטעמט אַרײַן, שמעקט, זעטיקט זיך אויך מיט דער אַר־בעט פון אונדזערע קינדער אין א"י!"...

צופוסנס דעם פּרדס, האָט זיך אַ צײַטיקער ווײַנגאָרטן געשפּרייט, שווער באַלאָדן מיט הענגלען טרויבן, אויסגעבאַהאַלטענע אין זאַפטיקע בלעטער, באַצויגענע מיט נאַכטיקן טוי. דער ווײַנגאָרטן האָט געוואַרט אויפן בציר, אויפן בין־הזמנים פון שטאָטישער שול־יוגנט, וואָס קומען

צו הילף די שניטער און פאַרהילכן מיט געזאַנג די טעג מיט די נעכט.

גאָלדענע תבואות האָבן זיך געבראָכן אונטער דער משא פון די זאַנ־גען, און יונגע וועלדלעך אַרום האָבן זיך געשפּילט מיטן ווינט, און באַחנט די נאָענטקייט פון אַלטע פעלזן און בערג. די קללה פון דורות, די זומפּן אויסגעטריקנט, און די קוואַלן, וואָס האָבן זיי געשפּײַזט מיט טויט, אויסגערייניקט און פאַרוואַנדלט אין קוואַלן פון לעבן און פרייד. מיט הויכע פעלזיקע בערג איז אַרומגערינגלט די קבוצה, הינטער די פעלזן און אין די היילן ליגן שאַטנס צעלייגט, משחיתים מיט ביקסן איבער אַקסלען פאַרוואָרפן.

אָט שפּרייט מען אויס די אַבײַעס, מען טוט אויס די שיך, און מיט דער ביקס אויפן פּלייצע, פאַלט מען אָנצאָליקע מאָל כורעים, מיט די שטערנס צו דער ערד אין תפילה צו אַללאַה דעם אַלמעכטיקן, צו זײַן נביא מוחמד, צו אַלע אבות און הייליקע, זיי זאָלן באַגליקן די הײַנטיקע נאַכט, אַז די ביקס זאָל זיך נישט פאַרהאַקן, אַז דאָס אויג זאָל גוט און שאַרף צילן, אַז די קויל זאָל ריכטיק טרעפן, — אַללאַה, יאָ אַללאַה! — ס'איז נמאס ס'קנעכטישע לעבן, אַזויפיל דורות זײַן געשפּאַנט אין יאָך, צוגלײַך מיט דער בהמה, און אָט ליגט דאָ אונטן, צופוסנס די בערג אַזאַ עשירות, פּרדסים, וויינגערטנער, תבואות, ירקות, הײַזער, שאָף, עופות, רינדער און פרוכט, און זיס זענען די מיידלעך פון די יאַהוד!

וויפל יאָרן האָט מען זיי געטײַטלט אויף אָט דאָס יִדישע גוטס: — גייט ברידער, איר קינדער פון ערב, איר איידעלע פרײַע ריטער פון מדבר: — גייט, נעמט, זעטיקט אײַערע פאַרלאַנגען!

אָט איז דער טאָג געקומען: עולם הזה, עולם הבא, כבוד, עשירות וואַלגערט זיך צופוסנס און איר שווײַגט, איר גייט געשפּאַנט מיטן אייזל אין אַקער, איר רײַסט מיט די נעגל די ערד, איר פּילט אָן זעק און נאָכדעם — געניסט עס דער עפענדי... זענען די אָדערן פול געוואָרן מיט זודיק בלוט, — פויערן־בלוט פון זיידעס און עלטער־זיידעס, וואָס האָבן דורות געלעבט מיטן שטייגער פון מדבר. זענען די גוטע פעלאַכישע, די מילדע פויע־ישע אויגן אויסגעלאָשן, און אין זיי האָט זיך אַ פײַער פון טויט און שנאה אָנגעצונדן.

גענענדיקט די תפילות. צונויפגענומען די אבײַעס, אויסגעפרוווט די שלעסער פון די ביקסן, און אָנגעשטופּט פולע מאַגאַזינען קוילן.

— „דין מוחמד בסייף".

— פ ײַ ע ר !

— איינס, צוויי, דרײַ — פ ײַ ע ר !

האָגלט אַ פײַער אויף די דעכער פון דער קבוצה.

מען טראָגט אַראָפּ די שלאָפנדיקע קינדער פון די בעטן און מען לייגט זיי אויף דער ערד.

—„אמאַ־אַ־אַ. זאָלן זיי אויפהערן שיסן, כ'וויל שלאָאָאָפן".

— איינס, צוויי, דרײַ — פײַער!

טראַ־טאַ־טאַ־טאַ — פּויקט אַ מאַשין־געווער פלעמעלעך פון בלײַער־נעם טויט.

אַ רויטע ראַקעטע שנײַדט זיך אַרײַן אין הימל.

בעת איין טייל מענטשן שיטן פײַער פון די בערג, לאָזט זיך דער־ווײַל אַ צווייטער טייל אַראָפּ אונטן אינעם שטח פון דער קבוצה, צום פּרדס און ווײַנגאָרטן, צו די תבואות און וואַלד. זיי מאָרדן דעם פּרדס, שורה נאָך שורה פאַלן דיביימער, ביימער בליִענדיקע, שמעקעדיקע, בלומיקע, באַלאָדענע מיט צײַטיקע פּרוכט.

זיי מאָרדן מיט תאוה, מיט עקשנות, זיי מאַסאַקרירן בוים נאָך בוים און טרעטן מיט רציחה און ווילדער הנאה די זאַפטיקע פּרוכט...

צעשראָקענע פייגל שטורעמען אַרום מיט געוויין פון די פלאַמען, וואָס פאַרצערן יונגן וואַלד. שאַקאַלן, קראָליקלעך, העזעלעך און אינדן שפּרינגען פון פײַער אין פײַער.

אויפן דאַך פון העכסטן בנין אין קבוצה, ווו זעקלעך זאַמד ליגן צעלייגט אַרום די קאַרניזן ווי ציגל, שטייען ייִדישע בחורים מיטן געווער גרייט.

אַ באַפעל קורץ און שאַרף: — „ל אָ ד ן"!

— ציל — אש!

— פ ײַ ע ר !

טראַ־טאַ־טאַ־טאַ — — — — כאַפּן אויף די בערג דאָס פּויקן און

# אַ נאַכט

וואַרפן עס אַראָפּ אין די טאָלן און די טאָלן וואַרפן די קולות צוריק צו די בערג און אַ מוראַדיקער ווידערקול דונערט אַרום און אַרום, ווי אַמאָל אין מדבר בײַם באַרג סיני.

די פֿאָדערשטע קייט רוצחים איז נאָענט צו די הײַזער, זייערע אויגן גלײַען ווי בײַ שאַקאַלן, ווי די הייסע קוילן פון די ביקסן.

— „עליהום"! שעכט די יהוד! עליהום!

פֿײַערדיק, היים איז געווען דער קבלת פּנים אין קבוצה: — זין און טעכטער, פֿאָטערס און מוטערס, אפילו עלטערע קינדער, האָבן זיך משתתּף געווען אין קבלת פּנים...

קאָלירטע ראַקעטן פונעם ייִדישן אַרום האָבן זיך געריסן צום צונטער־רויטן הימל, ס'האָט געשטורעמט אַזאַ מכבייאישע סימפאָניע פון פײַער, בלײַ, טויט.

די באַנדע איז צעפּולוועט געוואָרן נאָך איידער ס'איז געקומען דער ערשטער פֿאַנצער פון דער שכנותדיקער קבוצה.

דער אָנפֿאַל איז אָפּגעשלאָגן.

אין דער עס־שטוב טיילט מען הייסן טיי. אין מזכירות זאַמלט מען אײַן דעם ערשטן שלל — נײַע ענגלישע ביקסן. אין אַמבולאַטאָריע בינדט מען איבער פֿאַרוווּנדעטע.

דער דרויסן ווערט בלאַס. מען לייגט די קינדער ווידער שלאָפֿן.

די שריפה איז אויסגעלאָשן.

— ליל מנוחה, קינדער, אַ רויִקע נאַכט עופּעלטיך!

# בײַם טויער

בעת די שיף איז שוין געווען ווײַט אין די וואַסערן, און פון דער יבשה איז געבליבן אַ פאַרנעפּלטער ווײַטער שטרײַף, האָט דער קאַפּיטאַן אָנגעקלונגען צום דיזשורנעם אָפיציר און אים באַפוילן אויפמאַכן יענע פאַרבאָרגענע קעמערל דאָרט אין טיפן אינגעווייד פון שיף, און אַרויספירן אויפן צווישנדעק דעם „באַגאַזש". דער אָפיציר האָט אַ ברום געטאָן: „צום באַפעל" און איז אַוועק אויספירן די שליחות. דערווײַל האָט זיך די שיף געשניטן פאָרויס, גראַציעז, זיכער, מאַיעסטעטיש און די גלאַנציק־אָפּגעפּוצטע סירענע האָט זאַט־צופרידן צוגעברומט און געזונגען, ביז דער מעטאַלענער ניגון איז ערגעץ פאַרלוירן געגאַנגען אין דער אומענדלעכקייט.

די פּאַסאַזשירן האָבן זיך שוין לאַנג מסדר געווען מיט זייערע פּעקלעך און פּעק. די יחסנים פון ערשטן און צווייטן קלאַס האָבן פרעמדלעך אַרומגעשפּאַצירט אין די סאַלאָנען און שפּייז־זאַלן. „עמך" פון דריטן קלאַס איז געלאָפן מיט קענדלעך נאָך הייסן וואַסער, אָדער זיך געקריגט פאַר אַ שפּאַן פּלאַץ, פאַר אַ הענגער אויף אַ בגד.

דער אָפיציר האָט זיך נאָך אַלץ געפּאָרעט אַרום דעם שלאָס פון יענעם פאַרבאָרגענעם קעמערל אין דער אינגעווייד פון שיף, ביז ער האָט מיט כוח און רוגזה אויפגעריסן די טיר און באַפרײַט דעם „באַגאַזש": — דרײַ האַלב־טויט דערשראָקענע פּאַסאַזשירן, וואָס זענען אויף טריף געפאָרן אין יענעם אויסגעבענקטן לאַנד, וווּ אַלע אַרבעטן און האָבן ברויט צו דער זעט.

# ביים טויער

איינער האָט געהייסן משה — געווען אַן אַפּטייקער אין גאַליציע, אַ שווערער יורד, יאָרן מלחמה געהאַלטן פאַר אַ כשרן סערטיפּיקאַט און נישט באַקומען ביז די משפּחה האָט זיך צונויפגעליינט, געמאַכט אַ פּאָר גילדן, און אַ שטאָטישער מאַכער האָט „מסדר" געווען דאָס איבעריקע.

דער צווייטער האָט געהייסן האַרי, אַ געזונטער ייִדישער בחור פון האַנאָווער, וואָס האָט מיטן טויט אויף די פּלייצעס עוקר געווען פון אַ קאַצעט. האַרי האָט אָנגעשפּאַרט ביז פּאַריז, ווו גוטע ברידער האָבן געפּועלט ביי כלעריי קאָמיטעטן מען זאָל אים געבן אַ ביסל פראַנקן אַ דאַנק וואָס ער האָט זיך אַרײַנגעקראָגן אויף דער שיף.

דער דריטער האָט געהייסן פּשוט: מיטרי, אַ בלוט־ריינער בולגאַר, אַ זון, אַן איניקל, אַפילו אַן אור־איניקל פון אַ דור טאַבאַק־אַרבעטער. אים, מיטרין, האָט מען אַזויפיל אָנדערציילט פון יענעם ווײַטן לאַנד, ווו אַלע עסן אַפילו עטלעכע מאָל אַ טאָג, אַז ער האָט אויך געפונען אַ געהעריקן מאַכער, וואָס האָט אים פאַרן פרײַז פון זײַן גאַנצן „פאַרמעגן" באַזאָרגט מיט אַן אָרט אויף דער שיף.

אָט די דרײַ זענען עס געווען דער „באַגאַזש".

אינעם דומפּיקן קעמערל זענען זיי געלעגן מער ווי אַ מעת־לעת אין עינויים, פאַרחלשטע אין ענגשאַפט, אָן וואַסער און אָן לופט. געלעגן זענען זיי צונויפגעדריקטע איינער צום צווייטן ווי זיי וואָלטן זײַן איין גוף מיט איין האַרץ, אָלאַ, די מחשבות האָבן זיך נישט געקאָנט צונויפגיסן אין איינס, יעדערן האָט זיך עפּעס געפּלאָנטערט אַנדערש אין האַלבן חלשות. משהן האָט זיך געדאַכט, אַז ער קײַקלט זײַנע פאַרגאַנגענע יאָרן ווי לײדיקע פעסער. עס שווימען אים פאַר די אויגן פּאָליצעס מיט אויסגעפּוצטע פלעשער און סלאָיקעס פעדאַנטיש צעשטעלטע, מיט ווײַסע שטערנס און שאַכטלעך. אָט כאַפּט ער גאָר אַ קוק אין שפּיגל פון דער שאַפּקע ווו ס'איז אויסגעמאָלן אַ שאַרבן מיט צוויי אַריבערגעוואָרפענע ביינער מיט אַ צושריפט: "טאָקסיקאָזא"; אָט זעט ער נישט אין שפּיגל זיך אַליין, אָלאַ ער זעט גאָר זײַן העניע מיט די זילבערנע האָר אויפן קאָפּ. איר קאָפּ קוקט אַרויס פון צווישן צוויי מיידלשע קינדער־פּנימער... גיט משהן אַ ברי ס'האַרץ אין אָנבליק פון די קינדער מיט

העניען, די געוועזענע מיוחסטע, די אַפּטייקערין, וואָס וויים שטיל און איידל צו הונגערן... אָט זעט ער גאָר אין שפּיגל דעם כרמל, אַ באַרג אין זײַן פאַנטאַזיע, — קײַלעכדיק הויך, ווי ס'האָט אַמאָל אויסגעזען אַ רו־סישער קאָפּ צוקער. איז דער באַרג באַדעקט מיט פּאַלמען און מיט ווײַנ־גערטנער. צופוסנס פונעם באַרג שטייט אַ גרויסע פאַבריק וווּ ער, משה אַרבעט מיט פלײַס און תענוג, צווזינגענדיק אין דער שטיל. העניע מיט די קינדער זענען נישט אַזוי באַגײַסטערט פון זײַן נײַער אומנות, אָבער זי מיט די מיידלעך הונגערן נישט מער.

טראַכט זיך האַרי, אַז מיט זײַנע אײַזערנע הענט איז ער מסוגל עוקר הרים זײַן. ער וועט אַקערן נישט אַנדערש ווי מיט אַ דאַפּלטן געשפּאַן, מיט צוויי פערד ווי לייבן, ער וועט אויפרײַסן פעלדזיקן באָדן, וואָס ליגט, ווי מען האָט אים דערציילט, פאַרוואָרלאָזט זינט דער ביבל־צײַט. עס פלאָנטערן זיך אים אין זכרון פּיצלעך רייד פון אַמאָליקן רעליגיאָנס־לערער, ראַבינער הער זאַק, וואָס פלעגט דערציילן וועגן ביבל־לאַנד, וועגן די פּאַטריאַרכן אברהם, יצחק און יעקב, וועגן עגיפּטישן מכירת יוסף. די וווּנדערבאַרע געשיכטע מיט רחל און לאה. צוריקגעטראַכט: וואָס גייט אים איצט אָן זײַן נאָכמיטאָקדיקע „מאָזאַישע" שולע מיט דער ביבל? — איצט וויל ער באַצווינגען אַ פּאָר ווילדע פערד און מיט זיי רײַסן פעל־דזיקע קרקע, ער וויל טראָגן אַ ברייטן פאַרטוך פול מיט זריעה און עס שיטן מיט שווונג, ער וויל די קערנער פאַרזייען צוזאַמען מיט דער אָנגע־קוואָלענער קראַפט, וואָס וועלקט מיט זײַן זעקס־און־צוואַנציק יאָריק לעבן.

מיטרי קײַט אַ פלעכטל ביטערן טאַבאַק און טראַכט פון גרויסע קאַסטנס מיט שווערע זעק, וואָס ער וועט אויף און אָפּלאָדן פון בלערליי שיפן, אַז ס'וועלן זיך מאַכן לײַכטערע לאָדונגען, וועט ער זיי וואַרפן ווי שפּילצײַג. ער וועט אַלע טאָג עסן קאָטלעטן פון קוקורוזע מיט פּאַפּריקע מיט ווײַסן ברויט, ער וועט די ערשטע צײַט נישט געברויכן פלייש, — ער וועט זײַן זייער שפּאָרזאַם, אָנקלײַבן אַ ביסל מזומן, אַוועק אין דאָרף, החתונה האָבן, זייען טאַבאַק און האָדעווען קינדער ווי עס האָבן זיך גע־פירט זײַנע אבות. דערווײַל קײַט ער ביטערן טאַבאַק, שפּײַט און חלומט.

## ב יי ם ט ו י ע ר

דאָס אײנגעװײד פון שיף לעבט, אַרבעט און פּיבערט אין אַ זיכערער רעגלמעסיקײט. דאָס ריטמישע הוקען פון די מאַשינען װיגט אײַן. עס שלעפערט.

אַזױ װעבן זיך די מחשבות בײַ אַלע דרײַ ביז זײ שמידן זיך אױס אין אַ שטאַרקער תשוקה — װאָס גיכער באַטרעטן דעם באָדן פון יענעם לאַנד, װאָס גיכער איבערקומען די נסיעה. שלעפּט זיך די צײַט װי אַן אײביקײט ביז יאוש. אַלע דרײַ דערפילן װי זײ האָבן פאַרלױרן דעם באָדן אונטער די פיס. נישטאָ, פאַרשװוּנדן די ערד. אַלע דרײַ שװעבן אין דער לופט צװישן הימל און ים. דער דורשט פּײַניקט און ס'װילט זיך אַזאַ פעסטן אָטעם טאָן פרישע לופט, לופט... טרוקענע יבשה־לופט געמישט מיטן ריח פון ערד.

דרײען זיך אַרום די דרײַ װי שאָטנס צװישן פּעק, מענטשן און בעטלעך. יענע רערן, שמועסן, פאַרברענגען, לאַכן, נאָגן לימענעס, ליבן זיך, אײַפערן, האַסן און פּײַנען זיך אױס. טרײַבן רכילות, באַריידן און דערציילן אײנער דעם צװײטן פון זײערע משפחות פון נאָענטע און װײַטע. ס'איז דאָ קאָנצענטרירט אַ שפּרודלדיק לעבן מיט אַלדאָס שײן און מיאוסקײט, מיט אַלדאָס גוטס און שלעכטס, מילדקײט און גרױזאַמ־קײט. אַלץ, אָט דאָ אױפן צװישנדעק פון שיף, צװישן פּעק און מענטשן, צװישן פאַרהאָרעװעטע אױסגעשמירטע פאַרשמײעטע מאַטראָסן און באַ־דינערס, צװישן אָפיצירן אין בלאַנקענדיקן װײַס און פאַרריסענע איבערזע־טיקטע טוריסטן, װאָס באַװיליקן אַ באַזוך דעם נידעריקערן מעמד אױף דער צװישנדעק.

װיפל די דרײַ באַמיִען זיך נישט אױסמישן מיטן עולם, זיך צונױפ־גיסן מיטן טומל און כאָטש אױף אַ װײַלע פאַרגעסן װער און װו זײ זענען איז עס נישט געגאַנגען. עס גיט אַ האַמער אין די געהירן: סטאָפּ! — „דאָ ביסטו אַ ממזר־מענטש, װײַל יענץ כישופדיק ביכעלע מיט קאָ־לירטע טאָװעלעך, מיט אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ כשרן בירגער מיט פאַר־שײדענע שטעמפּלען, מיט אױסגעדאַרטע אָדלערס, לײבן און אַנדערע מאַכערײַקעס ליגט נישט בײַ דיר נישט אין בוזים און נישט אין אַ הױזן־

קעשענע, אזעלכע ביכלעך ליגן נאָר ביי זיי. האָסט אפילו נישט אַ פּאָר ווערטער צו בייטן, — טאָ וואָס שטופּסטו זיך צווישן זיי?״

אזוי זענען פאַרלאָפן זעקס אָדער זיבן מעת־לעת, ביז ס׳איז געקומען אַ באַגינען, ווען אַלע זענען געשלאָפן אויפן שיף, חוץ די דריי.

משה, מיטרי און האַרי זענען געזעסן אין אַ ווינקל צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און שטאַר געקוקט אין פאַרנעפּלטן וויַט. אונטן איז געלעגן אַ פינצטערער צעשטורעמטער ים, מיט שוימיקע וואַסערן שוואַרץ ווי טינט, ווו נישט ווו מיט אַ וויַיסן זוים, אויבן האָט זיך געוועלבט אַ הימל פון סאַמעט אויסגעזעצט פול מיט פינקלדיקע בריליאַנטן.

דער סוף פון אַ ים־נסיעה הייבט זיך משמעות אָן אויף אַלע שיפן, אויף אַלע ימען פון דער וועלט אויפן זעלבן אופן: — איינער דערזעט אַ פויגל ווי אַ טעלעגראַמע פון עפּעס נאָענטס, אַ ביסל שפּעטער זעט מען מער פייגל שוין צו אונטערשיידן זייערע וויַיסע פליגל, וואָס פאָכען ריטמיש־געלאַסן. אַ צווייטער גיט אַ געשריי מיט התפּעלות: — ערד! ווי ער וואָלט עס זען צום ערשטן מאָל אין לעבן. צעטראָגט זיך די צויבערבשורה אין אַלע פּאַכן און צעלן פון דער שיף, ביז אַלץ שיט זיך אַרויס אָנקוקן די פלאַימדיקע אויסגעבענקטע מאַמע־ערד. אפילו די מאַטראָסן און הייצער, וואָס הערן דעם געשריי צום הונדערטסטן מאָל, רייַסן זיך אויך אָפּ אַ רגע כאָטש פון זייער פראַצע אַ קוק טאָן אויף דער ערד.

אינסטינקטיוו נעמען מענטשן בייַטן די פּנים, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך איבערצייַגן, אַז דערוויַיל האָבן זיי נאָך נישט קיין ערד אונטער די פיס.

איצט, ווען דער טומל אויפן שיף איז געוועזן גרויס, איז צו די דריי צוגעגאַנגען אַ שיף־אָפיציר, אָן צערעמאָניעס און אָן אַ „גוט־מאָרגן״ שטרענג באַפוילן: — „איר טוט ווי מיר האָבן לכתחילה אָפּגעמאַכט, יאָ? אויב ס׳וועט זיך אייַך נישט גלוסטן אַזוי צו טאָן, וועלן מיר עס מוזן אַליין מאַכן, פאַרשטאַנען?״

אָן ווערטער האָבן זיך די דריי נאָך מער צוגעדריקט איינער צום צווייטן, און דריי פערטל שעה שפּעטער האָבן גאָר צוויי פּאָר אויגן געזען

ווי די דרײַ, דער „באגאזש", שפּרינגט אַראָפּ פון שיף אין אָפענעם כוואַ־ליעדיקן ים.

געזעגן האָבן עס דער קאַפּיטאַן מיט זײַן פּאַרטרויטן דינסט־אָפיציר. ביידע האָבן פון קאָמאַנדע־בריקל געקוקט אין בינאָקלען און ווי גע־מורמלט צו זיך אַליין: — „דער ברעג איז נאָענט", ס'ביסל מענטשלעכ־קייט, וואָס האָט געטליִעט אונטער זייערע ווײַסע קיטלען האָט זיי אַ ביסל גענאָגט: — „מיר ווינטשן אײַך נאָר הצלחה".

דעם אויסלאָז פון דער פּאַסירונג האָט מען געלייענט אין די צײַ־טונגען אַזוי צו זאָגן:

„דרײַ מענטשן האָבן זיך שרעקלעך געראַנגלט מיט די כוואַליעס פון שטורעמדיקן ים. איינעם האָט מען געזען גיך פאַרשווינדן אין אומרויִקן וואַסער, דער צווייטער — ווער ווייס? וואָס איז שײַך דעם דריטן איז זיך נישט פאָרצושטעלן, ווי אַזוי ער האָט זיך דערקליבן צו די שטיינער פונעם וועלן־ברעכער אין פּאָרט".

דער דריטער איז געווען משה דער אַפּטייקער. אַ גאַנצן טאָג איז ער אָפּגעלעגן ביזן האַלדז אין קאַלטן וואַסער. אין די הפסקות צווישן דעם אויפשווונג פון איין כוואַליע ביז דער צווייטער, האָט משה געהערט ווי די שטאָט רוישט און טומלט, ער האָט געהערט ווי ס'לויפט די באַן, ווי ס'פאָרן אויטאָמאָבילן, ווי ס'זינגען סירענעס פון פאַבריקן. די פּראַכט פון כרמל האָט ער אויך געזען, אמת, נישט אַזוי ווי פריִער אין זײַן דמיון.

נישט צו פאַרשטיין, ווי אַזוי משה האָט זיך דורכגעריסן אַלע שמי־רות, און אַ דורכגענעצטער, אין אַ הילוך פון אַ נישט־דאָיִקן זיך דערקליבן אין אַ זײַטיקער גאַס פון חיפה בײַם פּאָרט. משה האָט דערזען פאָרן אַ טאַקסי האָט ער איר אָפּגעשטעלט. אין טאַקסי איז געזעסן אַן ענגלישער דזשענטעלמען, האָט משה צונויפגענומען זײַן לעצטן טראָפּן כוח און חיות און געבעטן דעם ענגלענדער אים טאָן אַ געפעליקייט און צופירן דאָרטן אין דער און דער גאַס. ר'איז געווען זיכער, אַז דער מענטש איז מאחינו בני ישראל.

— „אַללרײַט", אָלרײַט", ער וועט אים צופירן צום געוווּנטשענעם אָרט.

דער ענגלענדער האָט אים צוגעפירט גלייך — — — אין דער פּאָליציי.

אין דער פּאָליציי האָט משה צוזאַמענגעבראָכן און אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד. דאָרטן האָט מען מיט אים נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות, מען האָט אים אַראָפּגעוואָרפן אין אַ קעלערל ווו ער איז לאַנג געלעגן אין חלשות. אַז ער איז צו זיך געקומען האָבן אים די אַראַביש־ענגלישע פּאָליציאַנטן שטאַרק געשלאָגן ביז זיי האָבן אַרויסגעקריגן פון וואַנען און ווי אַזוי ער איז געקומען. אַ מעת־לעת שפּעטער האָט מען אים אַרויפגעפירט צוריק אויף דער זעלבער שיף, וואָס האָט אים געבראַכט. עס איז געווען פאַרן הייבן דעם אַנקער.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן פישערס געפונען בײַם ברעג אַ דערטרונקענעם, נישט פעסטצושטעלן ווער ער איז. לויט דער באַשרײַבונג האָט ער געטראָגן אַ בלויען סוועטער מיט רויטע פּאַסן. מען האָט בײַ אים נישט געפונען קיין דאָקומענטן. צווישן די ציין איז בײַ אים געווען פאַרקלעמט אַ שטיק קיי־טאַבאַק. אין „פּאָסט־מאָרטום" האָט דער דאָקטער פאַרצייכנט אַז דער דערטרונקענער איז נישט קיין ייִד.

אין די זעלבע טעג האָבן די צײַטונגען ווידער געשריבן:

„...אין רעגירונגס־שפּיטאָל ליגט אַ טיפוס־קראַנקער מעפּיל. אים צוקאָפּנס זיצט אַ טורמע־זשאַנדאַר, די דאָקטוירים האָבן פּראָטעסטירט און געפאָדערט מען זאָל דעם זשאַנדאַר באַזײַטיקן פון קראַנקנס בעט און אַראָפּנעמען פון זײַנע פיס די קייטן. די דאָקטוירים האָבן געטענהט, אַז אין דעם צושטאַנד וואָס דער קראַנקער געפינט זיך איז אַן אומזין אים אַזוי צו האַלטן, חוץ דעם וואָס ס'איז נישט מענטשלעך".

די קייטן האָט מען אַראָפּגענומען פונעם קראַנקנס פיס, אָבער דעם זשאַנדאַר האָט מען געלאָזט ווײַטער זיצן צוקאָפּנס. ס'האָבן אויך נישט געהאָלפן די פּראָטעסטן פון די נישט־ייִדישע, די ענגלישע שוועסטער און

דאָקטער. דער שומר זיצט שטײַף זיך נישט צו רירן פון אָרט. באַפעל איז באַפעל!

„נאָך אַלעמען", האָט אַ צײַטונג צוגעגעבן. „וואָס איז שולדיק דער זשאַנדאַר?"

אין דעם פאַל איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער קראַנקער אַרעס־טאַנט הייסט האַרי, אַ ייִדישער בחור, אַ פּליט פון דײַטשלאַנד, פון האַ־נאָווער. זשאַנדאַרן האָבן אים געכאַפּט אין פּאָרט, אין טויער פון לאַנד, אָן אַ פּאַס און אָן אַ וויזע, דערפאַר מיט הויכן פיבער.

— „מיר קאָנען אים לײַדער נישט באַפרײַען אויף ערבות כאָטש ער איז אַ פּליט פון דײַטשלאַנד, געזעץ איז געזעץ, ווער רעדט נאָך ווען דורך אַלע שפּאַרעס שטראָמען איצט אָן אויפהער אַזעלכע פּליטים, סאָררי, מײַנע הערן".

ליגט האַרי אין הויכן פיבער און זײַן שטים טראָגט זיך איבער די פּאַלאַטעס פון שפּיטאָל: „וויאָ־אָ־אָ, וויאָ מײַנע שימל, וויאָ־אָ־אָ...

# דער מחזור

דער חכם מורנו עזריה־יוסף אל שאמי איז ארומגעגאנגען איבער די גאסן פון „הדר" ווי א שאטן, ווי א נעבטיקער. דער אלפאגענער שוואר־צער קאפטאן פארפלעקט, צעקנאדערט, דער פלאכער תרבוש צעקנייטשט, נישט ארומגעבונדן מיטן שווארצן זיידענעם באנד, לזכר חורבן הבית (זאל דער בית וואס גיכער אויפגעבויט ווערן, במהרה בימינו, אמן ואמן). די ווייסע בארד נישט ליטיש צעקעמט, און די גוטע אויגן — פארנעפלט אין א פעלד פון קנייטשן און קנייטשלעך ארום.

בסך הכל אין איין נאכט האט מורנו עזריה־יוסף פארלוירן דעם באדן אונטער די פיס, די וועלט איז אים ענג געווארן, די ליכט אויסגע־לאשן. פינף צענדליק יאר איז ער געזעסן אין „ארד אל יהוד" ס'הייסט „יידישע ערד", די יידישע געגנט מיט אירע שמאלע געסלעך, מיט אירע נידעריקע און העכערע הייזלעך, געבויט קאפ אויף קאפ, מיט די העל־בלויע לאדנס, מיט די אויסגעמאלטע פינף פינגער פאר טיר און טויער (א סגולה קעגן נישט גוטיקע), מיט דער מחנה קינדער ארום, מיט דער אלטער שול אין דער נאענט, מיט די טויבן־שלאקן, ציגן און אייזלען, מיט דער שמעקעדיקער קאווע אין דער פרי, מיט דער ירושה נארגילע, ארומגערינגלט מיט זין, שניר, טעכטער, איידעמס, קינדער און קינדס־קינדער אן א עין־הרע, מיט אייגענעם ברויט, מיטן אייגענעם ווינקל, מיט דער אייגענער עדה „שאמער"־דמשקער יידן, מיטן גאנצן כבוד און דרך־ארץ ארום, מיטן געלאסענעם טראט, מיטן ירושה־שטעקן מיט דעם זילבערנעם קאפ אין האנט, מיט גוטן שמעק טאבאק **מכבד** צו זיין

באקאנטע דורכגייער יִדן, אראבער, נאענטע און ווייטע.

מורנו עזריה־יוסף איז דא געווען איינגעוואקסן אין זיין ווינקל ווי א דעמב מיט טיף־געשלאגענע וואָרצלען אינעם פעלדזיקן שטח ארום. וואס האט אים געפעלט? — פרנסה? כבוד? נחת פון קינדער? כיבוד אב?

יאָרצענדליקער איז ער געזעסן אין זיין גאס, זיין היים און סביבה, מיט זיינע מענטשן ארום און ארום. ווידער די אראבער? — דעם גרעסטן כבוד פארן גוטן חכם פון די יהוד, וואס האט געוווּסט זייער לעבן און שטייגער; ער האט זייערע מנהגים נישט גרינגגעשעצט און מכבד געווען ווי אייגענע יִדישע דינים און מידות, א האר זאל עס פעלן! נישט אומזיסט פלעגן אראבער פון נאענט און ווייט קומען צום יִדישן חכם שואל עצה זיין, א שטיקל בוררות דורכזעצן, א סכסוך אויסגלייכן, און אין די שווער־באגאלטע קאסטנס זיינע זענען געלעגן נישט ווייניק אראבישע זעקלעך פקדונות, פארריגלטע צוזאמען מיט אזעלכע יִדישע.

ביים חכם איז זיכערער ווי אין באנק; — ווער ס׳האט געלט אויף א ווייב געקליבן, ווער א נדן, ווער ס׳האט שטילערהייט „עפעס" פאר־איבריקט און פון קינדער אויסבאהאלטן לעת זקנה... פעקלעך מיט קניפּ־לעך מאגערערע און פעטערע.

מורנו עזריה־יוסף האט נישט איין צענערל אויסגעבאָרגט זיינע אראבישע ווי די יִדישע שכנים, לשם מצווה, חלילה נישט מחמת הנאה פון „בצע ריבית", וואָרום ס׳פעלט אים גאָרנישט: — שמעקעדיקע קאווע רויע און געברענטע באלד צום ניצן, רייז, טרוקענע פייגן, קרענצלעך פאפריקע, טייטלען, בשמים, צימרינג, כלערליי איילבירטן מיט פירות, — מתנות פון דער ווייט־פארצווייגטער, מיוחסדיקער משפחה פון דמשק. אויף „לבניה" און קעז פארדינט ער ברוך השם אליין, אן עוף, א זעקל ווייץ, גרויפּן, לינדזן, ארבעס וכדומה, ווערט אריינגעשיקט פון יִדישע ווי פון אראבישע ידידים פון נאענט און ווייט. ברויט? — לאה, זוגותי שתחי׳, די שניר און טעכטער באקן עס ווי קיינער נישט אין שטאט, אויף בגדים און נדנס פארדינט אויך מורנו עזריה־יוסף פון די בוררותן, פון משדך זיין א לייטישן שידוך, אפילו פון א שטיקעלע מסחרל, וואס פאלט אונ־טער דער האנט.

וואָס דאַרף דער מענטש? פאַרוואָס זאָל ער נישט זײַן אַ שמח בחלקו אין הייליקן לאַנד, אין טײַערן אויסגעבענקטן ארץ־ישראל. (זאָל עס נאָר פּאָר אונדזערע צײַטן אויפגעבויט ווערן, אָמן ואָמן).

אַזוי איז דאָס לעבן געפלאָסן, רויִק, נאָרמאַל גאַנצע דורות, (מיט קליינע אומרויִקע הפסקות בעת טערקישע נגישות, מלחמות, עסקים מיט באַפרײַען פון מיליטער־דינסט, פון גוייִשע הענט, זין, איידעמס און קרוי־בים). יאָרן זענען אַוועק ווי נעפּלען פאַרזונקען און פאַרטומלט אויף חתו־נות, בריתן, שמחות, תנאים, און נישט געדאַכט זאָל עס ווערן, קראַנקייטן און לוויות.

מורנו עזריה־יוסף האָט געוווּסט ווי אַזוי צו פאַרשטופּן צײַטן פון פורעניות אין נסיעות קיין טבריה, צפת, ירושלים, קיין מירון, חברון און אויף קבר רחל אין בית לחם. בעת ס׳פלעגן זיך פאַרוויקלען שטוביקע מחלוקתן, ווי אין יעדער ייִדישער היים, האָט מורנו עזריה־יוסף, גע־ווּסט אַ פּאָר צו טאָן קיין דמשק, וואָס איז גרויס און רחבותדיק, און די משפּחה דאָרטן נאָך גרעסער און פאַרצווײַגטער.

אומעטום האָט מורנו עזריה יוסף געהאַט אַ היים מיט אַלץ נויטיקס, אלא וואָס? איין זאַך האָט אים אין דער פרעמד אויסגעפעלט: זײַנע ספרים, די ירושה־ספרים פון עלטערנס עלטערן, די ספרים זענען אים נייי־טיק געווען ווי לופט צום אָטעמען, ווי ברויט צום עסן, ווי ס׳וואַסער צום טרינקען. ער האָט געהאַט זײַנע גמרות, תנך, זײַן זוהר, זײַנע סידורים, מחזורים און סליחות.

ער האָט באַזונדערס ליב געהאַט די מחזורים, די גרויסע גמראָ־פאָרמיקע בענד אין טונקל־ברוינעם לעדער געבונדן מיט די „מה־טובס" און „המלכם", וואָס האָבן געלעבט אין זיי, די פאַרגעלטע בלעטער מיטן באַזונדערן ריח, פול מיט פלעקן פון טאַבאַק, וועקסענע ליכט און טרערן, וואָס האָבן געצויגן זייער יחוס אַזש פון דמשקער עלילת דם.

ווו נאָר רבינו עזריה־יוסף זאָל נישט האָבן געפאָרן פון דער היים אַרויס, פלעגט מיט אים מיטקומען, אין רחבותדיקן טלית־זאַק, אַ סידור, אַ מחזור, אַ סליחה, און דער זוהר, אין הסכם מיט דער צײַט פון יאָר, — ער האָט נישט געקענט דאַוונען פון אַ פרעמדן סידור אָדער מחזור.

ס׳דאַוונען נישט אין אייגענעם סידור, פאַרלירט דעם טעם, דעם תענוג, ס׳שטערט דעם ריכוז פון דער כונה, עס גייט נישט! עס האָבן אים בכלל געפעלט די באַלאַדענע פאַליצעס מיט ספרים, ווי ס׳פעלט עמעצן אַ גליד...

אין דער אמתן, האָט מורנו עזריה־יוסף געקענט אַלע תפילות אויף אויסנווייניק, ווי ס׳קען אַ משורר זײַנע ניגונים, אָבער דאַוונען אָן אַ מחזור? — חלילה, דאָס איז נישט מעגלעך; בעת ער האָט געבלעטערט די פאַרפלעקטע בלעטער, האָט צו אים יעדער אות, יעדער וואָרט און פּזמון, יעדער פּינטעלע, גערעדט, געזונגען, דערמאָנט, געוועקט און — — אָט האָט זיך געמאַכט, אַז סליחות־צײַט תרצ״ח, איז מורנו עזריה־יוסף פאַרטריבן און אַרויסגעריסן געוואָרן פון דער אַלטער נעסט!

ווער וואָלט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ אומגליק!

מורנו החכם עזריה־יוסף אָן דער היים אויף „ארד אל יהוד״, אָן דער שטוב מיט די העל־בלויע לאַדנס מיט די פינף פינגער אויסגעמאָלן אויף דער טיר, אָן דער מחנה קינדער אַרום, אָן דער אַלטער ספרדישער שול, אָן פרימאָרגנדיקן קאַפּטאַן, אָן דער היימישער נאַרגילע, און — — — אָן די ספרים, אפילו אָן דעם ירושה־שטעקן מיטן זילבערנעם קאָפּ. „ועל אלה אני בוכה״... ווי נאַריש ער האָט זיך געלאָזט נעמען אין יענער אימהדיקער נאַכט. זיי זענען געקומען, די איידעמס, די זין, מיט גוואַלד, מיט כוח אים אַרויסגעריסן:

— „קום, קום, גיכער, גיכער, דער טויט לויערט אַרום, זע אַבּא, ווי ס׳ברענט אַרום, זע די פלאַמען, קום אַבּא״.

נישט באַוויזן די שפּיץ פינגער באַנעצן, די אויגן אויסרײַבן, ווי ער מיט זײַן אַלטער זענען שוין געזעסן אינעם פאַרשלאָסענעם „טראַמבעל״ (אויטאָ) און אין אַ פּאָר מינוטן, שוין פאַרשלעפּט אויפן גאַטלאַזן „הדר״, אין אַ לאַגער, אין אַ הו־האַ־טומל פון פליטים, אונטער די אַלטע אייל־בירטן און חרובים ביימער פון גאולה־קוואַרטאַל, אַ מקום פון כולו „שיכ־נזים״.

— „וואָס״, האָט מורנו עזריה־יוסף געטענהט, „ווער וועט מיר שלעכטס טאָן? ווער וועט מיר פּוגע זײַן? די שכנים, די אַראַבער? וואָס האָב איך זיי שלעכטס געטאָן? אונדזערע עלטערנס עלטער־זיידעס זענען

שוין דאָ הי־געבירטיקע, — זייער ראוס (מנהיג) אבו דורא, האָט ביי מיר די שבת־לייכטער פון טיש אראָפּגענומען, אַ צווייטער גדול, וואָס טומלט זיך איצט ערגעץ אין די בערג קומט מיר עד היום 15 שילינג, טאָ ווער? אחמד, חאסאן, נייעף, ווער, וואָס ווען זיי מיר טאָן? — 75 יאָרעלעך אָפּגעלעבט מיט זיי אָט דאָ אין דער זעלביקער גאַס, שטאָט און שטוב אין שלווה און פרידן ווי מיט אייגענע ברידער פון דת משה וישראל, געגאַנגען אויף זייערע בריתן און חתונות, געהאָלפן אויסגלייכן סכסוכים, געשריבן זייערע בריוו און בקשות, געגעבן הלוואות אָן ציגזן, אָפּגעשריִען גטן, דאָקטוירים און רפואות פאַר זייערע קראַנקע געבראַכט, אויף זייערע לוויות געגאַנגען, ווי ס׳פּירט זיך ביי שכנים, — שוטים וואָס איר זענט, — וואָס האָט איר מיך אַרויסגעריסן פון מיין היים? — קוקט ווי איך זע אויס, ווו זענען מיינע ספרים, בגדים, מיין געלעגער, מיין טאַטנס־טאַטנס שטוב מיטן טויבן־שלאָק, מיט די גרינע ביימער אַרום, מיט די בלויע לאָדנס, מיט די ראַגאַזשעס, מיט דער ציסטערנע באַטעמטן קאַלטן רעגן־וואַסער?״

וואָכן און חדשים זענען אַוועק, נכבדים האָבן זיך געבעטן ביי מורנו עזריה־יוסף: „עט, קומט צו אונדז, רבי, איז אונדזער היים נישט דיין היים, רבנו? קום מיר זענען רייך, מיר האָבן כל טוב, זיי נישט מביש רבנו, אונדז, די יידן פון דיין עדה, וואַרף אַוועק דעם טומל, פאַר דיין משפחה ווען מיר אויך זאָרגן, קום רבי!״

אָבער מורנו עזריה־יוסף איז שוין מער ניחא געווען דער פּליטים־לאַגער מיטן טומל, מיט די קולות, מיט די געוויינען פון די קינדער, ווייל דאָ איז המשך פון „ארד אל יהוד״, דאָ איז זיין באָדן, זיין חרובע היים, „בתוך עמי אני יושב״, אָט דאָ אויף דער ראַגאַזשע אויף דער נאַקעטער ערד. דאָ איז אים נאָענטער און אָנגעלייגטער, ווי אין די רייכע צימערן נישט אין זיין סביבה, ניין! — ער בלייבט אָט דאָ מיט זיינע יידן, כמו: „על נהרות בבל״...

— „זאָל מען נישט נעפּרוווט ווערן צו וואָס מען קען געוואוינט ווערן״. מורנו עזריה־יוסף האָט אַלעמען אָפּגעזאָגט, ער האָט זיך פאַר־קליבן מיט זיין אַלטער אין אַ ווינקל פון אַ גרעסער ביידל. פון די פאַר

קישעלעך, וואָס ידידים האָבן געבראַכט, האָט ער געמאַכט אַזאַ „מחיצה", ער איז געזעסן און שטיל פאַר זיך געזאָגט תהילים, אָדער בכלל געשוויגן. די אַלטע זיינע האָט שוין גאָרנישט געשוויגן, אלא, זי האָט געטאָן אירס, — זי האָט אַלע באַגינען, פון געוואוינטשאַפט, פאַרקנעטן טייג, געוועל־גערט בלעטער און געבאַקן פּיטעס, פאַרריבן „כומוס", געקאָכט מיטיק, מכבד געווען געסט מיט קליינע טעפּעלעך קאַווע, ווי פריִער אין דער היים.

— „אַז אָך און וויי צו אַזאַ לעבן"...

צענדליקער מאָל האָט מורנו עזריה־יוסף פּרובירט זיך אַראָפּכאַפּן צו זיין חרובער היים אין „אדר אל יהוד". צענדליקער מאָל האָבן אים יידישע בחורים פון דער שמירה, וואָס פלעגן אויסוואַקסן ווי פון אונטער דער ערד, און מיט גוואַלד צוריקפירן צו דער באַשטימטער גרענעץ:

— „גייט אייך זיידע, גייט צוריק, שטעלט נישט אין סכנה אייער לעבן און נישט אונדזערס"...

ער פלעגט זיך בייזערן און טענהען. — „וואָס זענט איר עם פאַרא באַלעבאַטים אויף מיין לעבן, וואָס געהערט מיר, אָדער הקדוש ברוך הוא?"

ער פלעגט פּרובירן מיט גוטן און מיט בייזן. אַ מאָל מיט תחנונים, אַ מאָל מיט געוויין: — „לאָזט מיך יידישע זין, אויף מיינע אחריות, איך בין דאָך אַן אַלטער מאַן, קיינער וועט מיר קיין שלעכטס נישט טאָן, לאָזט"...

איינמאָל האָבן צוויי בחורים נישט געקענט פאַרנעמען זיין צער, זיי האָבן זיך אונטערגענומען באַגלייטן דעם אַלטן חכם מיט ביקסן צו זיין היים. מעשה שטן איז דאָס מאָל אונטערגעקומען דער קאָמאַנדיר פון דער הגנה, פון יענעם פראָנט־אַפּשניט, און מיט אַ שטרענגן פאָרוואורף, צוריקגעקערט דעם אַלטן מיט די בחורים אין זיכערן שטח.

— „ס'טייטש, אַזוי היט איר באַפעלן? צי זענט איר ביים פולן זינען — גיין איצט מיט אַ זקן אין „ארד אל יהוד", ווער האָט עס אייך דערלויבט, ווער? תיכף מאַרש צוריק, מ י ד!"

חודש אלול האָט זיך אָנגערוקט, דער שופר פון דער נאָענטער שול האָט אינגאַנצן צעבראָכן דעם אַלטנס האַרץ; מען בלאָזט שופר, ס'קומען

אין די ימים נוראים, ווי וועט ער דאַווענען אין זײַנע מחזורים? ווי וועט ער אויסגיסן זײַן צעבראָכן האַרץ און געמיט פאַר אבינו שבשמים, אין דעם טאַטנס־טאַטנס מחזור מיטן געצאַצקעטן „המלך", מיט די געלע פלעקן פון וועקסענע ליכט, טרערן מיט שמעק־טאַבאַק געמישט, ווי אַזוי?

מורנו עזריה־יוסף האָט געדאַרט און געצאַנקט, די באַקן זענען אים אײַנגעפאַלן, די פלעמלעך פון די גוטמוטיקע אויגן זענען אויסגעלאָשן, דער הילוך אינגאַנצן אָפּגעלאָזן. ס'גאַנץ לעבן איז אים מער נישט ניחא, א גוט רויִק לעבן, וואָס איז אויסגערונען, אַוועק ווי א בייזער חלום, ווי קיינמאָל נישט געלעבט.

ס'איז אים אַלץ געוואָרן שווער און פרעמד, אַפילו די אייגענע קינדער; זיי באַנעמען נישט זײַן צער, זיי פילן נישט זײַן וויי, אַוועקגענומען די פירנדיקע האַנט פון טאַטן, ס'האָט זיך אויסגעלאָזן זײַן מאַכט און דעה אין דער אייגענער משפחה, אויס!

אַזאַ קורצע צײַט, און אַלץ איז מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַוועק אין די קרומע דרכים פון די אשכנזים, עס דוכט זיך אים, אַז די קינדער זענען גאָר אין האַרצן צופרידן, וואָס זיי זענען פּטור געוואָרן פון „ארד אל יהוד", נישט מען זעט נישט מען פילט, אַז זיי זאָלן שטאַרק בענקען נאָך יענעם ווינקל וווּ זיי זענען געבוירן און אויפגעהאָדעוועט געוואָרן. אָט דער קלאָגעדיקער מקום מקלט זעט אויס זיי צו זײַן בעסער ווי די אייגענע היים, דאָ האָבן זיי „אייראָבאַ" (אייראָפּע), אַנדערע גאַסן, אַנדערע זיטן, ווי נישט ייִדישע, נשים גייען בפרהסיה אין גאַס מיט שטיקער אַנטבלויזט לײַב, טריאַטערן, קאַפעען, טאַנצערײַען אין א פּראָסטן מיטוואָך, אַזויפיל גאָטלאָזיקייט!

גראַדע איצט, אין דער צײַט פון די פּורעניות און שפיכת־דמים, דאַרף זיך דער באַווײַבטער עלטערער זון דערמאָנען, ווי דער טאַטע האָט אים געגעבן א פּאַטש ווײַל, ווײַל ער דערלויבט זײַן יונג ווײַבל רעדן אויג אויף אויג מיט פרעמדע בחורים, בעת ער איז דערבײַ נישטאָ. מילא, ער האָט שוין משלים געווען מיטן טאַטנס שווערע האַנט, די האַנט פון א חכם בישראל, ער קאָן אים אָבער ביז הײַנט נישט מוחל זײַן הלמאי ער

האָט געפּאָדערט פון אים, דעם בכור, ער זאָל דערפאַר אויך אויספּאַטשן זײַן יונג ווײַבל...

— „הלמאי, אבא, זאָל איך אַזאַ צאַרט באַשעפעניש שלאָגן? האָט זי דען געזינדיקט?"

— „חלילה מײַן בכור, מײַן זון ניסים", האָט דער חכם מורנו עזריה־יוסף געענטפערט.

— „דערווײַל האָט זי נישט געזינדיקט, אָבער זײַ וויסן מײַן בכור, אַז אַ אשה איז געגליכן צו שוועבעלעך. ליגן די שוועבעלעך ווײַט פון פײַער — שאַדן זיי נישט. ליגן זיי נאָענט צום פײַער — קאָנען זיי אויפ־פלאַקערן, געדענק מײַן זון — היט דײַן אשה!"

ניסים איז שווער געטראָפן געוואָרן פון טאַטנס תורה, ער קאָן עס נישט פאַרגעסן, ווײַל ער האָט פאַרזייט אַ חשד אין זײַן האַרץ. אָט זעט ער ווי פרײַ און געטרײַ עס זענען די נשים פון די אשכנזים אָן שלאָגן. ניסים בן מורנו החכם עזריה־יוסף קאָן זיך נישט העלפן, ער שטרעבט אַ לעבן לאַנג אויך צו זײַן פרײַ ווי עס זענען זײַנע חברים די אשכנזים, — אָט איז זי די געגאַרטע באַפרײַונג געקומען, פרײַ געוואָרן פון דער אַלטער גאָס מיט דער שווערער הײם. אמת, נישט בדרך הטבע, אלא, בײַ בלוטיקע אומשטענדן מיט חורבן, וואָס אָבער איז ער, ניסים, שולדיק, אַז ס'האָט זיך דוקא אַזוי געמאַכט, וואָס איז ער שולדיק? די איבעריקע ברידער און שוועסטער זענען אויך נישט מיטן טאַטן, ניין, זיי זענען אויך אויפן צד פון די אשכנזים, אויב ער מיט זײַנע ברידער און שוועס־טער ווייטיקן איבערן פאַרגאָסענעם יידישן בלוט, און אויסגערויבטן יידישן האָב און גוטס, זייערס בתוכם, ווייטיקט זיי גאָרנישט, וואָס זיי זענען אַוועק פון „ארד אל יהוד", אַלץ איז דאָרטן צעשאָטן געוואָרן, און אי־נערלעך אַרט זיי נישט. זיי ווי ער, ניסים, ווילן זיך וועגן דעם נישט דאגהן, כאָטש ס'האַרץ ווײנט זיך צוצוקוקן אויפן מעמד פון די עלטערן, אין דעם פּרט פּרובירט מען דעם געוויסן רייניקן מיט דער עקשנות פון פאָטער: — בעת קרובים און סתם יידן, גוטע פרײַנט האָבן זיך אַזוי געבעטן בײַם אַלטן נישט צו ליגן דאָ אין צרהדיקן לאַגער, וואָס האָט ער נישט געוואָלט? זיי ווייסן אויך, אַז חוץ דעם באַשלאָגענעם

קופערט, וואָס איז געבליבן אין „ארד אל יהוד", האָט נאָך דער טאַטע ערגעץ אַ קניפּל, טאָ וואָס עקשנט ער זיך און בלײַבט ווײַטער אין לאַגער? מער ווילן זיי זיך נישט גריבלען, זיי האָבן זיך נישט פאַרעקשנט, און אַוועק צו קרובים, ס'איז זיי געווען אַ רחמנות אויף די קליינע קינדערלעך, און בעת טאַטע־מאַמע פלעגן זיך שטעלן פאַר די אויגן און געוויסן, בײַנאַכט, ליגנדיק אויף די ריינע געלעגערס, בײַ די קרובים, ס'געוויסן פלעגט נעמען נאָגן, פלעגט מען זיך באַמיִען די שווערע מחשבות פאַר־טרײַבן ווי בייזע פליגן.

אויב די אייגענע קינדער האָבן נישט באַנומען דעם טאַטנס צער און יסורים, אפילו איצט, ערב די ימים נוראים, טאָ וואָס פאַר אַ טענות קאָן ער האָבן צו די בחורים מיט די ביקסן און צו זייער שטרענגן קאָ־מאַנדיר?

ס'איז אים אַ קנאַפּע טרייסט, וואָס זײַן אשה, די אַלטע לאה, פאַר־שטייט עפּעס יאָ. זי איז געווען אַ שווײַגערין פון שטענדיק אָן, איצט איז זי אַלט און צעבראָכן, אַ חורבע, אויסגעפּראַצעוועט, אַ געל פּנימל, אַ שטערן־טיכל, רויטע אויגן פון קלאָגן, קנאָכיקע הענט, וואָס האָבן קיינ־מאָל נישט גערוט. זי האָט אַ סך געוויינט אין איר לעבן, נאָר אַ סך, אָבער אַזוי שטיל, אַז קיינער האָט קיינמאָל נישט געהערט, מען האָט עס אָראָפּ־געלייענט פון איר פּנים. ער מורנו עזריה־יוסף פאַרטראָגט נישט קיין געוויין, ס'רעגט אים אויף...

יענער ראש השנה מיטן יום כיפור, זענען אַוועק ווי אַ קאָשמאַר, און ערב סוכות איז דער אַלטער פאַרשוווּנדן פונעם לאַגער.

לאה האָט אַלץ געטאָן כדי דעם אַלטן צו פאַרגיטיקן אין זײַנע לײַדן, באַטש מיט די היימישע יום־טובדיקע און ערב יום־טובדיקע מאכלים, לויט דעם אַלטנס רגילותן אַ גאַנצן לעבן. זי האָט ערב סוכות אויסגעו־באַקן ווּנדערלעכע פּיטעס, אַ תאווה געווען נאָר צו קוקן אויף זיי, מיט אייל און ציבעלקעס, אין די איבעריקע מאכלים האָט זי נישט געקאַרגט, נישט קיין ענגלישן פעפער, נישט קיין קנאָבעלעך, אפילו נישט דעם טײַערן צימרינג. איז זי, די אַלטע געזעסן אַרום די שמעקעדיקע עסנס,

איבערגעדעקט מיט אַ ווייַס טישטוכל, און געוואַרט, געוואַרט, מורנו עזריה־יוסף איז נישטאָ.

אָט איז שוין האַלבער טאָג, מען שליסט ערב יום־טוב פרי די קראָמען, מען דאַרף גיין ברענגען יין אויף קידוש, זי קאָן נישט אַוועק, טאָמער קומט ער אָן און זי וועט נישט זייַן? קנאַפּ פאַרצרהעט איז ער, הלמאי אים אומזיסט דערצערענען? שיקט זי אַ ייִנגל רופן דעם עלטערן זון. די אומרויִקייט עסט איר אויף, זי גערעדנקט נישט ער זאָל זיך ווען אַזוי פאַרזאַמען, ווו האָט ער עס איצט צו גיין, אָדער זיך פאַרזיצן אַזוי לאַנג?

ס'איז שוין מנחה־צייַט, מורנו עזריה־יוסף איז נישטאָ, דער בכור ניסים איז דערוויַיל אויך נישטאָ, טאַטע אין הימל...

דער אַלטער האָט סוף־כל־סוף זייַנס אויסגעפירט; ס'איז אים גע־לונגען אויסמייַדן די שמירה, זיך אַראָפּכאַפּן אין „ארד אל יהוד", אין דער אַלטער אויסגעבענקטער היים.

ווי זי האָט אויסגעזען די היים!

די אַלטע ספרדישע שול אָפּגעברענט, צענדליקער ייִדישע הייַזער ליגן אין חורבות. טויט און חורבן אין די גאַסן. אָט איז זי זייַן היים: — די שטוב איז נישט פאַרברענט, מען האָט נאָר פון דרויסן אַראָפּגע־ריסן אַלע טירן, לאָדן און פענצטער, די ווענט אויסגעשמירט מיט צואה. אינעווייניק איז ערגער ווי פון דרויסן. פון שווערן קופערט איז נישט געבליבן קיין זכר, די מעבל וואָס ס'איז שווער געווען אַרויסצוטראָגן איז צעשמעטערט אויף פּיצלעך, פון דעם באַרג כלים, בגדים, בעטגעוואַנט וכדומה, איז קיין סימן נישט פאַרבליבן און — — — די טייַערע ספרים, די הייליקע ספרים, צעריסן, צעקאָדערט, צעטראָטן און פאַראומרייניקט מיט מענטשלעכע צואה.

אויפן עמוד אין מזרח, ווו ער האָט אַלע יאָרן געלערנט דעם „זוהר" מיט אַנדערע ספרי קודש, איז געהאָנגען אויף אַ דראָט אַ דערשטיקטע, לאהס אַלטע קאַץ...

די גוטע שכנים זייַנע, פון דור־דורות, האָבן שוין געזאָרגט, אַז

מורנו החכם רבי עזריה־יוסף אל שאמי זאָל מער נישט דאַרפן צוריקגיין אויפן פאַרהאַסטן „הדר" פון די גאָטלאָזע אשכנזים.

מען האָט אים געפונען אויפן שוועל פון זײַן הייפל מיט אַן איבער־געשניטענעם האַלדז און צעבראָכענע ריפן, צעטראָטענע מיט פיס. לעבן אים האָט זיך געוואַלגערט זיין ירושה־שטעקן, דער זילבערנער קאָפ פונעם שטעקן איז געווען אַראָפּגעבראָכן און האָט געפעלט.

אין אַ טײַך פאַרגליווערט בלוט איז געלעגן אָפן אַן אויסגעשמירטער, אַ באַשמוצטער — דער אַלטער סוכותדיקער מ ח ז ו ר.

אַ ווינטל האָט געבלעטערט די בלוט־פאַרפלעקטע אויסגעדאַווונטע בלעטער, כדי די אומפאַרשעמטע תשרי־זון זאָל קאָנען אַרויסלייענען דעם גרויסן, גרויסן „ה מ ל ך"...

# ניטל־נאַכט

ערגעץ אויפֿן כרמל אין אַ מיליטערישן באַראַק איז געזעסן דער בריטישער זעלנער דזשאָו און מיט לײַב און לעבן זיך צוגעשפּיצט צו אַ משונהדיקן אַפּאַראַט מיט אַ סך ציפֿערבלעטער, אויף די ציפֿערבלעטער האָבן געפֿיבערט דינינקע ווײַזערס. געזעסן איז דזשאָו אין זײַן „באַטל־דרעס" מיט הערערס צוגעקלעמט צו די אויערן, און געציטערט פֿון קעלט.

אין דרויסן האָט געברומט אַ קאַלט־בײַסיקער ווינט, אונטערן באַרג כרמל האָט שוימיק געבושעוועט דער ים, און די זאַמדן פֿון אײַנגוס אין עמק זבולון האָבן זיך געדרייט אין געדיכטן טאַנץ, ס'האָט געברומט אַזאַ סימפֿאָניע, וועלכע איז אַלע ווײַלע איבערגעריסן געוואָרן דורך אַ פֿאַריתומטן קלויסטער־גלאָק: בום, בום; בום, בום...

ס'איז געווען ניטל נאַכט נײַנצן הונדערט מיט פֿערציק זעקס.

אין אַ צווייטן באַראַק האָבן זשאָוס חברים געקניט ביים אויסהערן דאָס פֿריידיקן און תּפֿילות פֿון מיליטערישן פּאַסטאָר, וואָס האָט אויפֿגעריסן פֿאַרבאָרגענע בענקענישן נאָך דער ווײַטער היים, ווו עלטערן, פֿרויען, קינדער, ברידער און שוועסטער זיצן איצט אוודאי בײַ געדעקטע טישן, ווער אַרום אַ באַפּוצטן אינדיק, און ווער בײַ אַ חזיר־קאָפּ, אָדער בײַ טעלער געפּרעגלטע פֿיש. דאָרטן, מרחקים ווײַט נאָגט אויך בענקשאַפֿט און האַרצווייטאָק, דאָרטן קוקט מען פֿון די ניטל־טישן צו די פּאָליצעברעטער פֿון די קאַמינען, מען קוקט אויף די אויסגעשטעלטע, אײַנגעראַמטע בילדער פֿון יונגען אין מיליטערישע קליידער, וואָס האָבן שוין די מלחמה הינטער זיך, ניצול געוואָרן, און זענען נאָך אַלץ נישטאָ אין דער היים.

בום, בום, קלינגען די קלויסטער־גלעקער אויס: ניטל־נאַכט נײַנצן הונדערט פערציק זעקס.

ווען דאָרטן האָט מען אויסגעזונגען „די שטילע נאַכט — די הייליקע נאַכט", וואָס האָט געהערשט פאַר הונדערטער מיליאָנען בני אָדם אויף דער ערד, האָט זיך אויפן צעווילדעוועטן ים התיכון געוויגט אַזאַ שברי כלי, וואָס איז אַמאָל געווען אַ פּראַכט־שיפל, פול געפּאַקט מיט ייִדן, וואָס זענען אַמאָל געווען מיט מענטשן גלײַך.

ס'האָט מיטאַמאָל אַ ציטער געטאָן אַ גאַנצע קאָמבינאַציע ווײַזערס, מיט כלערליי שטאָל־פעדימלעך אויף דזשאָוס ציפערבלעטער. דזשאָו האָט נאָך מער צוגעשפּיצט אַלע חושים צו די וויברירנדע פעדים:

— „האַ! ניִשט אומזיסט אַזוי לאַנג געזעסן אין אַזאַ נאַכט אין דעם „בלעדי באַראַק", בײַ די „בלעדי אַפּאַראַטן", איינער אַליין אין אַזאַ קעלט, אין דעם „בלעדי" לאַנד, אויפן „בלעדי" באַרג. דוכט זיך, דאָס מאָל נישט געזעסן אומזיסט, דער אַפּאַראַט האָט עפּעס געפּאַקט"...

— „געפּאַקט", האָט דזשאָו אַ געשריי געטאָן צו זיך אַליין, געפּאַקט!

מיט נערוועזע הענט האָט ער זיך געוואָרפן צו דער אָנגעצויגענער מאַפּע אויפן דערבײַיִקן משופּעדיקן טיש. דזשאָו האָט געכאַפּט די מאָס־שטאַבן, די רעכן־טאָוולען, דעם טראַנספּאָרטיר און צירקל, ער מעסט דעם ווינקל, די לענג און ברייט, ער רעכנט און קאַלקולירט, און וואַרפט אַרויף שטריכן מיט אַ שפּיציקן בלײַפעדער פאַזע אַ דרײַעק. עך געפּאַקט די ריכטיקע לענג און ברייט, אויסגעחשבונט גענוי די קאָאָרדינאַטע, און פלינק טעלעפאָנירט די רעזולטאַטן מיט דער ידיעה, ווו מען דאַרף.

איז דאָרטן, ווו מען דאַרף געוואָרן אַ בהלה. גלעקלעך האָבן זיך צעקלונגען, טעלעפאָנען האָבן געאַרבעט מעשים, ביז נאָך אַ וועלט מיט קללות און ברכות האָט מען געכאַפּט די פאַרבינדונג צום דיזשורנעם אָפיציר, וואָס האָט באַדאַנקט מיט זעלנערשע פּסוקים דעם אָפּעראַטאָר דזשאָו, און גלײַך טעלעפאָנירט ווייטער אין אַן אַנדער באַראַק ערגעץ אויף אַ פלי־פעלד, ווו עס זענען געזעסן געזונטע יונגען גאַנץ בגלופן מקדושת החג, און קוים תופס געווען דעם באַפעל פון יענעם אָפיציר: „תיכף זיך זעצן אין צוויי מאַשינען, מיטנעמען פּאַראַשוט־ראַקעטן, ארויס־

פליִען אויפן ים אויף דער און דער לענג און ברייט, אויף דעם און דעם גראַד לויטן מאַגנעטישן אזימוט און דערגייען, וואָס פאַר אַן אומבאַקאַנטע שיף ס'דרייט זיך אַרום אין אַזאַ ווילדער שטורמישער ניטל־נאַכט אויפן ים התיכון"...

האָבן זיך געשאָטן באַקאַנטע זעלנערשע בּרכות אין יענעם באַראַק אויפן פלי־פעלד.

וואָס וויל מען פון זיי אין ניטל־נאַכט? וואָס לאָזט מען זיי נישט צעקייַען די שיריים פון דער „טערקי" (אינדיק) און אויסזשלאָקען די וויסקי? וואָס לאָזט מען זיי נישט ענדיקן די געזאַנגען פון דער „שטילער הייליקער נאַכט" ווען אין ראַדיאָ־קעסטל קלינגען די גלעקער פון בית לחם, ווען דער היים־וויי פרעסט די הערצער מיט די נשמות. סוף־כל־סוף האָט מען די „בלעדי" מלחמה פאַרענדיקט, וואָס וויל מען פון זיי?

* * *

דאָרטן אויף דער שברה כּלי אויפן שטורמישן ים התיכון, אין אַ קאַבינע ווינגט זיך אַ פאַררויכערטער ווינט־לאָמפּ איבער אַ רונדן טיש, וואָס איז צוגעשמידט צום דיל, און ער, דער סעניאָר קאַפּיטאַנאָ מיט זייַנע אַכט מאַטראָסן זיצן אַרום אַ באַטערייע פלעשער, מיט נישט דערעסע־נע קאָנסערוון־בלעכלעך, און זינגען מיט באַנומענע קולות פרומע גאָטס־פאָרכטיקע ניטל־לידער אויף איטאַליעניש לשון.

דאָס אינגעווייד פון שיף איז פאַראָפּן־פול מיט האַלב־פאַרחלשטע ייִדן, וואָס צאַפּלען זיך אין אַנגסטן. אַ פּאָר וואָכן ווי זיי, די ייִדן, הוידען זיך אין מולטער וואַסער באַרג אַרויף און אַראָפּ, אויסגעפּייַניקטע, מיט צע־ריסענע נערוון, צעבראָכענע געמיטער. ייִדן מיט אויסגעלאָשענע אויגן וואָס האָבן געזען די אימה פון מאַידאַנעק־אוישוויצער ציוויליזאַציע; ייִדן אלמנים און יתומים, וואָס האָבן, דוכט זיך, מותר געווען אויף אַלץ און ווילן, און פאַרלאַנגען שוין גאָרנישט מחוץ ד' אמות־באָדן, ווו דעם מידן קאָפּ צו לייגן און פאַרגעסן אַלץ מיט אַלעמען...

אַזוי ברעכן זיי זיך דורך אַ שטעג דורכן שטורעם אין די מים אדירים צו יענעם צוגעזאָגטן ווינקל, וואָס זייַנע קאָנטורן זיי זעען שוין עטלעכע טעג, כאָטש נעם עס מיט דער האַנט, און ס'לאָזט זיך אַלץ נישט דערגרייכן.

אַט זעען זיי אין די אָוונטן, פונוויַיטן, ווי ס'פינקלען טויזנטער פיַיער־לעך פון אַ שיפּוע אַראָפּ, פיַיערלעך — שטערן פון אונטן, אין מיטן אַ שוואַרצער פּאַס, אַ מחיצה, און וויַיטער שטערן פון אויבן. דאָס איז זי, אַט איז זי די גענאַרטע שטאָט ווי אַ מעשהלע, אַט פאַרשווינדט זי און אַט זעט מען זי ווידער. און אַז מען דערזעט זי, פאַרגייען די יסורים מיט דער צעבראָכנקייט, אויגן צינדן זיך אָן, הערצער האַמערן, און גע־מיטער זינגען — אַט־אַט ענדיקט זיך שוין די וואַנדערונג.

אַלאַ ווי אויגן פון שדים פלאַמען ערגעץ וויַיט אויף פּראָזשעקטאָרן, זיי נעמען עגבערן די לופט ווי פעכערס, אָדער צעליַיגן זיך פלאַך איבערן וואַסער, ווי בעזימער צום קערן, און אַז ס'מאַכט זיך אַזוי צעשריַיט זיך ווילד דער קאַפּיטאַן, און די מאַטראָסן נאָך אים:

— „אַרראָפּ פון דעק, אַראָפּ, אויסלעשן ס'ליכט!"

די שפּיַיז־קאַמער פון דער שברה כלי איז שוין ליידיק, זינט עטלעכע טעג קריגט אַ יעדער פּאַסאַזשיר איין סוכאַרע מיט אַ ביסל דומפּיקן וואַסער אויף אַ גאַנצן טאָג. פריִער האָבן נאָך קינדער געוויינט, איצט נישט, זיי טוליען זיך ווי פייגעלעך צו די פלאַכע ברוסטן פון די מוטערס, און די וואָס האָבן נישט קיין מוטערס טוליען זיך אין שויס פון פאָטערס, אָדער סתם ייִדן, וואָס גלעטן מעכאַניש די קעפּלעך. ס'פאַלט אָן אַן אימה, און אין די אויערן רוישט, ווי ס'וואָלטן געקלונגען שווערע געשטאַפּאָ־שטיוואַליעס.

פון אויבן ברומט אַן עראָפּלאַן, וואָס וואַרפט פאַקעלן צוגעבונדענע צו פאַראַסאָלקעס.

זיצט אין אַ ווינקל און טענהט צו זיך בלחש אַ געוועזענער טאַטע, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ משפחה פון זיבן און איז געבליבן אַליין, ער שאָקלט זיך און שטאַמלט:

— „לא ינום ולא ישן שומר ישראל, לא, לא, לא ינום" דונערט ער מיטאַמאָל אויס!

לא ינום ולא ישן שומר ישראל, אין ארץ ישראל, ס'איז נייַנצן הונ־דערט פערציק מיט זעקס...

ערגעץ דאָרטן ביַי די ברעגן לויערן ייִדישע בחורים מיט מיידלעך,

טעג און נעכט אונטער קוסטעס, אָדער אײַנגעגראָבענע אין זאַמד־דונעס, זיי לויערן אויף דעבער און וואַסער־טורעמס, זיי לויערן וואַכן און חדשים — „לא ינום ולא ישן שומר ישראל‟, זיי קוקן אויס די אויגן אין ווײַטן האָריזאָנט, און וואַרטן אויף סימנים, אַ וווּנק, אַ שווונק, אַ קליין פונק, קליין ווי אַ שטערן אין שוואַרצן הימל, זיי וואַרטן, דער וווּנק קומט נישט. בײַט איין שומר דעם צווייטן, דער צווייטער דעם דריטן, דער צענטער דעם צוועלפטן. נישטערן בריטישע פּאַטרולן בײַ די ברעגעס פון ים התיכון אין ארץ ישראל, וווּ נאָר אַ ייִדישער ישוב, אַ ייִדישער בוים, אַ פּרדס, אַ בײַדל — לויפן זיי אָן ווי שדים ווער אויף דזשיפּן, ווער אויף פערד, אַנדערע אויף געפּאַנצערטע וועגענער, און ווער צופוס; ס'לויפן אָן טאַנקען מיט געלאָדענע האַרמאַטן, אויף די וואַסערן — אַ קריגס־פלאָט, אויף די הימלען עראָפּלאַנען — אַלע, אַלע, די גאַנצע, די גרויסע בריטישע וועלט־אימפּעריע — קעגן דער ייִדן־לאָדונג פון האַלב טויטע לאַגער־מענטשן אויף אַ צעבראָכענער שברה כלי.

* * *

דזשאָו איז ווײַטער געזעסן בײַ זײַנע ציפער־בלעטער נאָך אַ פּײַנעם זופ, מיט ציטערדיקע פינגער האָט ער געצייכנט און געמאָסטן, גערעכנט און קאַלקולירט. פון אַלע באַראַקן אַרום האָבן געהילכט געשרייען מיט זמירות פון שיכורע זעלנער, דער ווינט האָט געוואָיעט, ווי ס'וואָיען די משוגענע הינט, געכאַפּטע פון היצלעס צו הריגה, און די גלעקער פון קלויסטער האָבן אויפגעהערט קלינגען אין ריטם, זיי האָבן איצט סתם געברומט אָן אַ טעם און אַ סדר. מיטאַמאָל זײַנען די ווײַזערס שטיין געבליבן אויף דזשאָוס ציפער־בלעטער, געחלשטע אָדער געשטאָרבן. אין דזשאָוס אויערן איז פּוסט און שטיל געוואָרן, ווײַל נישט תמיד איז דער ים אַזאַ אכזר און ברומט ווי ציוויליזירטע מענטשן.

דער ניטל־נאַכט האָט דער ים אָפּגעטאָן אַ שפּיצל: ער האָט זיך מוראַדיק שוימיק צעפּאָכעט און אַ הייב געטאָן די עדה ייִדן, און אויפן קאַרק פון אַ ריזן כוואַליע מיט אַ מוראַדיקן אימפּעט, אַ טראָג געטאָן

די שברה כלי, און אַ שלײַדער געטאָן אויף אַ זײַט אין ווייכן זאַמד, מעשה נס אויפן ברעג פון לעצטן צפונדיקן יידישן ישוב פון ארץ ישראל.

די זײַטן פון שיפל האָבן נישט אויסגעהאַלטן און זיך אונטערגעגעבן מיט אַ קרעכץ: די פאַרפוילטע קלעצער מיט זייער באַשמידונג, די פאַרראָסטע אײַזערנע פּלאַטן און בלעכן מיט זייערע ניטן און שרויפן האָבן געפּלאַצט. וואַסער האָט גענומען שטראָמען אין דער אינגעווייד פון דער שברה כלי. ס׳וואַסער, דאָס אײַז־קאַלטע וואַסער האָט אָפּגעמונטערט פון שרעק און פּלעף די טויט־דערשראָקענע מענטשן.

שמע ישראל, שמע!

בליץ שנעל האָבן זיך פײַער־סיגנאַלן צעשמועסט אויף כלערליי וואַסער־טורעמס אַרום און אַרום, טרײַע ברידער און שוועסטער פון דער יבשה האָבן געענטפערט דעם רוף פון דער נאַכט. זיי זײַנען גיך געווען אויף אַן אָרט און געשפּרונגען אויף קידוש השם אין צעווילדעוועטן ים, ווער ס׳האָט געבראַכט שטריק און אין וואַסער געפּלאָכטן באַריערן און פאַרענטשן איינער צום צווייטן, ווער ס׳האָט שטריק געבונדן און געשלייפט פון גוף צו גוף אין אַ לעבעדיקע בריק, און ווער ס׳האָט זיך ביחידות געוואָרפן אין ביטער געזאַלצענעם וואַסער, ביז ס׳איז אויסגעוואַקסן אַזאַ לעבעדיקע בריק, זיכער די ערשטע און איינציקע אין דער וועלט, — פון ברעג ביז דער שיף. און אַזוי האָט מען אַלע ביזן לעצטן אַרויסגענומען פון וואַסער־קבר, געבראַכט אויף דער יבשה, און אין געצײלטע שעהן פאַרטיילט אין די יידישע היימען פון דער גאַנצער סביבה אַרום צוזאַמען מיטן צעדולטן סעניאָר קאַפּיטאַנאָ מיט זײַנע אַכט מאַטראָסן, צעטומלטע פון שרעק און שטורעם:

„לא ינום ולא ישן שומר ישראל".

* * *

דאָס אַלץ איז פאַרלאָפן קורץ פאַר זונען אויפגאַנג, סוף ניטל־נאַכט נײַנצן הונדערט פערציק זעקס, ווען דזשאָו איז געלעגן אויף זײַן האַרט בעטל, און נאָך אַ שפּאָרן לחיים, געחלומט פון זײַן היים ערגעץ אין אַ

שטעטעלע ווײַט ווײַט פֿון כרמל, ערגעץ בײַ פּלימוט, ווו זײַן בילד שטייט געראַמט אונטער אַ גלאָז אויף אַ פּאָליצע איבערן קאַמין.

בעת דזשאָו האָט געחלומט, האָבן זיך די טראַקטן געבראָכן אונטער דער האַסט פֿון אָנצאָליקע כלי רכב פֿול מיט צעדולטע בייזע פּאָליציסטן און זשאַנדאַרן, זעלנער און זשורנאַליסטן. אַ פֿרייד אָן אַ ברעג האָט פֿאַרשוווּמען יענעם באַגינען ייִדישע היימען אין מערבדיקן גליל און אין עמק זבולון, אהבת ישראל האָט געשטראָמט און געפֿלאָסן אָן אַ סוף...

די גלעקער אין די קלויסטערס האָבן געקלונגען צו שחרית — אַ לויב דעם געקרייציקטן ייִדן פֿון נצרת פֿאַר דער שפּע ליבע און רחמים, וואָס ער האָט אַזוי פֿאַרשווענדעריש פֿאַרטיילט אומזיסט אַזויפֿיל אומות און פֿעלקער פֿון גאָר דער וועלט.

דזשאָו איז געשלאָפֿן. אין אָנטאָן, צופֿוסנס פֿון געלעגער האָבן זיך געוואַלגערט ליידיקע פֿלעשער, דער ים האָט זיך באַרויִקט, דער ווינט האָט אויפֿגעהערט, און פֿון כרמל האָט מען געזען דעם קאָפּ פֿון ווײַטן חרמון אין אַ שפּאָגל נײַער יאַרמולקע פֿון ווײַסן שניי, באַזוימט מיט אַ קראַנץ גינגאָלד פֿון דער נאָר וואָס אויפֿגעגאַנגענער קאַלטער זון.

# רחלע

ווען ס׳האָט אויפגעהערט דונערן און אַ משונהדיקע שטילקייט האָט זיך צעשפּרייט אַרום, האָט זי, די מוטער, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ פון גרוב אַרויס אינעם בלאָטיקן פעלד און דערזען פון ווײַטן ווי פון אַ נעפּל, אַ טאַנק מיט אַ שטערן אין פראָנט און אַ צעקנייטשטע רויטע פאָן מיט אַ ווײַסן סערפּ און האַמער פלאַטערן הויך איבערן רונדלעכן טורעמל. ס׳האָט זיך איר עפּעס אַ דריי געטאָן אין דרין, ס׳האָט איר אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן און זי האָט זיך מאַכטלאָז אַראָפּגעגליטשט אין קלע־פּיקן גרוב. זי געדענקט נישט ווי לאַנג זי איז דאָרטן געלעגן, נאָר אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי זיך דערזען אַרומגערינגלט פון זעלנער אין שטאָלענע קיווערס, וואָס האָבן גערעדט רוסיש:

— „ניטשעוואָ, ניטשעוואָ מאַטושקאַ״, — איצט וועסטו לעבן מאַ־מעלע...

צוקאָפּנס האָט געקניט איר קינד, אַ מיידעלע, וואָס האָט נישט גע־האַט קיין צורת אדם, עפּעס אַ קויטיק באַשעפעניש אין שמוציקע שמאַ־טעס מיט קאַלטענעוואַטע האָר נישט צו דערקענען אַ קאָליר, קויטיקע הענטלעך, רויטע אויגן. ס׳מיידעלע האָט מיט אַ פויגל־שטימעלע גע־פּרעגט נישט צו קוקן אויף קיינעם:

— „מאַמע, איצט מעג איך שוין וויינען?״...

כאָטש דער רויטאַרמייער האָט איר פּשוט און איבערצײַגנדיק צוגע־זאָגט לעבן, האָט זי, די מוטער, נישט געהאַט מער כוח, נישט ווילן, זי האָט נאָך געצויגן אַ פּאָר טעג און זיך אויסגעלאָשן אפילו אָן אַ זיפץ.

איצט האָט רחלע געוויינט, זי האָט אַ סך געוויינט נישט געשטערט פון קיינעם, בעת פריִער אין גרוב פלעגט די מוטער נישט לאָזן, און מיט איר קנאָביקער האַנט פאַרשטעלן דאָס מויל. געהאַט האָט זי אַ סך אויף וואָס צו וויינען כאָטש אינגאַנצן איז זי אַלט געווען עפּעס מער אָדער ווייניקער פון זעקס יאָר. זי האָט געוויינט מיט הנאה, ריַיסיק, שריַיִיק אויף די העכסטע טענער, געוויינט מיטן גאַנצן לײַב און לעבן, קיינער האָט איר מער נישט פאַרשטאָפּט ס׳מויל, קיינער האָט איר דערפאַר נישט געפרעגט, גאָרנישט געזאָגט, נאָר געטוליעט און געגלעט אירע קאַלטנדיקע האָר און בעת־מעשה דערמאָנט זיך אָן אייגענע טעכטערלעך ערגעץ וויַיט פון דאַנען. די זעלנער פלעגן איר געבן פּעניצלעך ברויט מיט חזיר־פליייש:

— עס, דיעטאָטשקאַ. וועסט צוריק קריגן כוח און חיות. עס, קינד. — און דערבײַ חלומען פון אייגענע קינדער.

— „פּלאַטש, פּלאַטש דאָטשענקאַ — וויין זיך גוט אויס טעכטערל, וויין סיראָטאָטשקאַ, — יתומעלע ס׳וועט דיר ווערן לײַכטער, און דו וועסט ווערן געלײַטערט ניעסטשאַסטנאיא — דו אומגליקלעכע”.

לכתחילה האָט רחלע געפיבערט אין אנגסטן און פּחד, ביז זי האָט זיך צוגעוויינט. די ערשטע טעג פלעגט זי צוריקגעבן דאָס עסן, נישט גע־קאָנט פאַרדײַען, אָן עלטערער זעלנער פלעגט לויפן מײַלן ווײַט כדי צו קריגן פאַר איר אַ בלעכל מילך. ביסלעכווײַז האָט דאָס קינד געגנו־מען פאַרטראָגן און פאַרדײַען ס׳עסן, אלא איר גרעסטער תענוג איז געווען וויינען, וויינען אָן אַ פאַרוואָס, אָן אויפהער, אפילו פון שלאָף פון צווישן די וואַרעמע דעקעס אַרויס. די זעלנער האָבן זיך צו איר אויך צוגעוויינט, באַזונדערס איינער אַזאַ עלטערער מיט אַ צעאַקערטן פּנים, מיט וואָנצעס, אַ פּנים אַ פאַרהאַרטעוועטע מיט צוויי גרויע אויגן, פאַר־רויטלט פון שטורעם און קעלט. די זעלנער זײַנען לאַנג נישט פאַר־בליבן אין יענעם פעלד. פון ווײַטן האָט געדונערט, איבער די קעפּ האָבן אָן אויפהער זיך געריסן אַעראָפּלאַנען, זיי האָבן זיך געלאָזט פאָרויס און פאַרפאָרן אין אַ שטאָט, וואָס איז געשטאַנען אין פלאַמען, אַ דײַ־טשישע שטאָט.

יענעם טאָג, ווען די זעלנער האָבן גערוט אין אַ פּאַרק איז צו זיי

צוגעקומען אַ שיין געשטאַלטיקע הויכע פרוי, מיט וווּנדערלעכע אײדעלע הענט, הענט, וואָס אַזעלכע האָבן די זעלנער אין די דערפער פון זייער רוסישער היים נישט געזען, הענט, ווײַסע מיט לאַנגע ציטערדיקע פינגער פאַרשפּיצטע מיט רויטע שיינע נעגל, ווי פון אַ סקאַזקע אַרויס. די פרוי האָט געטראָגן אַ געפּאַסטן אוניפאָרם, אויפן קאָפּ אַ שטײַפע ווײַסע הויב, און אויפן אָרבל אַן אָרעם־באַנד מיט אַ רויטן צלם אינמיטן. נאָך אַ פאַרצווייגענעם שמועס מיטן עלטסטן פון די זעלנער, האָבן זיי איר אי־בערגעגעבן ס'קינד, געערעדט האָט זי בעת מעשה אַ משונהדיק לשון, וואָס נאָר דער עלטסטער האָט קוים פאַרשטאַנען, אַלא פונעם רויטן צלם אויפן ווײַסן אָרעם־באַנד האָבן זיי משער געווען, אַז ס'האַנדלט זיך וועגן קינד, וואָרום האַרץ איז האַרץ און קאַלטער שכל איז קאַלטער שכל: מען קאָן נישט אַרומפירן אַ קינד אין אַ טאַנק אין סאַמע מלחמה, האָבן זיי איר וויליק אָפּגעגעבן רחלען מיט אַ נדן פון עטלעכע פּושקעס קאָנסערוון און צוויי בײַסיקע וואַרעמע דעקעס.

די שיינע פרוי האָט רחלען נישט מיטגענומען צו זיך אַהיים, אַזוי האָט מען רחלען שפּעטער דערציילט. זי אַליין האָט דאָ אין די מקומות אויך נישט געהאַט קיין היים, זי איז דאָ געקומען פון זייער ווײַט, ערגעץ פון יענער זײַט ים, און געדינט אין דער מלחמה ווי אַ מאַנסביל. זי האָט, ווײַזט אויס, געהאַט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל, וועלכן זי האָט אַליין געטריבן, האָט זי דאָס קינד אַרײַנגעזעצט אין איר אויטאָמאָביל און צו־געפירט צום טויער פון אַ גרויסן הויף, וואָס האָט געווימלט ווי אַ בינ־שטאָק.

צוגעפירט רחלען צום טויער, געקלאַפּט אין די פּלייצקעלעך, געטאָן אַ גלעט איבערן קעפּל, אַרײַנגעשטופּט אין די דינינקע הענטעלעך אַ טאָוול שאָקאָלאַד און פּשוט, ווי אַ שעפּעלע אַרײַנגעלאָזן אין הויף.

די געשטאַלט פון יענער פרוי האָט זיך טיף אײַנגעקריצט רחלען אין זכרון: אַ שיינע הויכע פרוי, וואָס האָט אַרויסגעלויכטן פון גרויען אַרום.. זי געדענקט צוויי גרויסע ב ל ו י ע  א ו י ג ן מיט איין פּערעלע, אַ קליינע קאַלטע טרער, וואָס קײַקלט זיך צ ו י ש ן באַק און נאָז, און רחלע געדענקט ווי אַ געזאַנג, די פּאָר ווערטער, וואָס

זי האָט איר געלאָזט ביַים טויער פון הויף ווי לעצט־געלט: — „ביַי, ביַי — טשיילד".

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פון דער גערעדעריַי אין יענעם הויף האָט זיך רחלען איַינגעקריצט אין זכרון דאָס הארבע וואָרט „קאַצעט", אַ וואָרט וואָס לאָזט זיך לייַכט פאַרגעדענקען. ס'האָט איר דערמאָנט „קאַץ", אַ קאַץ. נישט צו וויסן פאַרוואָס זי האָט דאָס וואָרט פאַרגעדענקט, ווי די סאַמעטענע אויגן, ווי די ווילד צעפּאַטלטע האָר, ווי די פלאַכע ברוסט מיט די קנאָכיקע הענט פון איר מוטער, וואָס פלעגט איר גרויזאַם פאַרשטאָפּן ס'מויל דאָרטן אין קלעפּיק־בלאָטיקן גרוב, ווו זיי האָבן לאַנג געלעבט — און נישט גע־לאָזט בשום אופן וויינען. אמת די מוטער האָט אַ סך געוויינט, געוויינט שטיל און שטום, רחלע האָט עס נישט געקאָנט, זי האָט געקענט וויינען נאָר אויפן קול...

דאָרטן אין גרויסן הויף האָט געווימלט מיט יידן, אַ סך יידן. מענער און פרויען, כמעט ניט צו זען קיין קינדער. אַז רחלע איז דאָרטן אַריַין איז זי שטיין געבליבן אַליין ביַים פּעקל (די דעקע מיט די קאָנסערוון) און צום ערשטן מאָל אין לעבן זיך דערפילט עלנט, איַינזאַם, אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער ליידיקייט. ס'האָט איר גענומען נאָגן און דריקן, ס'איז איר באַפאַלן אַ שרעק, און צום ערשטן מאָל זינט זי איז אַרויס פון גרוב, האָט זי זיך צעוויינט — נישט צוליב תענוג פון וויינען, און צום ערשטן מאָל גענומען בענקען נאָך די הענט פון דער מוטער, נאָך איר פלאַכער ברוסט... עס האָט זיך געגלוסט צוטוליען צו איר, שטאַרק־שטאַרק, זאָלן איר באַדיי די מוטערלעכע הענט פאַרקלעמען ס'מויל... זאָל זי איצט עמעצער אַרומנעמען און צודריקן צו זיך, אויב נישט די מוטער, טאָ זאָלן עס זיַין די זעלנער מיט די ביַיסיקע גראָבע שינעלן, מיטן שאַרפן ריח.

דאָס געוויין האָט זיך אַרויסגעריסן מיטן ווייטיק פון דער קינדער־שער טיף אַרויס, אַ געוויין, אַ כליפּען פון אומגליק עלנט און צער, עפּעס אַ זיפצן און שלוכצן פון אַ זקנה...

לאַנג האָט זיך קיינער אויף איר נישט אומגעקוקט, ווי זי וואָלט נישט געווען, ביז אַ מיידל פון אַ יאָר 13־12, אפשר עלטער, און אפשר

יינגער, מיט אַ בלעכענעם קאָנסערווען־קענדל אין האַנט, האָט איר באַ־מערקט און אַנידערגעקניט, אַרומגענומען, צוגעטוליעט צו זיך, גאָרניט געפרעגט, גאָרנישט געזאָגט, נאָר געטוליעט, געגלעט די קאַלטנדיקע האָר, און מיטן צעקנאָדערטן קליידל אָפּגעווישט דאָס פּנים און אָן אַ וואָרט מיטגענומען מיט זיך.

רחלע האָט זיך נישט אָקעגנגעשטעלט און שלוכצנדיק מיטגעגאַנ־גען, ביז זיי זײַנען געקומען צו אַ לאַנגער מענטשן־רייע מיט קענדלעך און טעפּ אין די הענט. ביידע האָבן זיך באַהעפט מיט דער מענטשן־רייע און זיך לאַנגזאַם גערוקט פאָרויס טריט בײַ טריט אַרײַנאָטעמענדיק אַ תאוותדיקן ריח פון געקאָכטע שפּײַז. זיי זײַנען אַזוי צוגעקומען צו אַ פענצטערל, דערלאַנגט דאָס בלעכענע ליידיקע קענדל, און באַלד צוריק־באַקומען אַ פולס מיט דאַמפּיקן שמעקעדיקן זופּ. נאָכדעם זײַנען זיי אַוועק און אָנגעקומען אין אַ לאַנגן באַראַק. אין באַראַק זײַנען בײַ די ווענט געווען אויפגעשלאָגן דריי גאָרן געלעגערס — אין מיטן אַ שמאָלער דורכ־גאַנג. ס׳איז געווען אינעווייניק טונקל, ווײַל די קליינע געקראַטעטע פענצ־טערלעך הויך בײַ דער סטעליע האָבן געקאַרגט מיט ליכט.

דאָס מיידל האָט אַ רגע געלאָזט שטיין רחלען, אַרויפגעקלעטערט אויף איר געלעגער — אַ שטרויזאַק צווישן צוויי ברעטער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ מתים־קאַסטן, אויסגעזוכט אַ צווייט בלעכן קענדל, אָנ־געגאָסן אַ ביסל זופּ און געגעבן רחלען. רחלע איז געווען הונגעריק, און באַלד געגומען זופּן פון קענדל, נישט אַראָפּצונעמען די אויגן פון דעם מיידל, וואָס האָט אויך געזופּט. מיטאַמאָל איז רחלע פאַרצאַפּלט געוואָרן, זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס קענדל אויפן געלעגער און געכאַפּט דאָס מיידל פאַרן קלייד, נישט אָפּצולאָזן, זיך טוליענדיק צו איר ווי אַ קעצל.

רחלע האָט מורא געקריגן טאָמער לאָזט מען זי ווידער אַליין. דאָס מיידל האָט אַוועקגעשטעלט איר עסן, באַרויִקט רחלען און איר צוגע־טראָגן צום מויל די זופּ:

— „שרעק זיך נישט, עס, עס, קינד, זופּ, ס׳וועט זיך אָפּקילן״.

נאָכן עסן זענען ביידע אַרויס אין הויף צו אַ לאַנגער קאָריטע מיט קראַנען, וווּ דאָס מיידל האָט אויסגעוואַשן ביידע קענדלעך, און רחלען

ס׳פּנים מיט די הענט. נאָכדעם איז זי מיט רחלען אַוועק ווײַט אין הויף און זיך געזעצט אין אַ ווינקל אויף דער ערד.

— „ווי רופט מען דיך?״ — רחלע האָט זי אָנגעקוקט פאַרגאַפט אָבער מיט צוטרוי, אלא בעת מעשה נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון איר. ווען דאָס מיידל האָט ווידער און ווידער איבערגעחזרט די פראַגע האָט זי געענטפערט: „רחלע״ — זיך דערשרעקנדיק פאַר דער אייגענער שטים, וואָס זי האָט לאַנג נישט געהערט.

— ווו איז דײַן מאַמע?

— דאָרטן.

— ווו דאָרטן?

— כ׳ווייס נישט.

— דער טאַטע?

— וואָס?

— ווו איז דער טאַטע?

— כ׳ווייס ניש׳ — — — רחלע האָט זיך צעוויינט.

— גוט, גוט, רחלע, ווילסט? איכל זײַן דײַן מאַמע.

פון דעמאָלט אָן האָט רחלע באַקומען אַ נײַע מוטער, וואָס האָט פאַר איר געזאָרגט, נישט ווי אַ 12-13 יאָריק קינד, אלא ווי אַ גענימע מאַמע. זי האָט איר געצוואָגן, געקעמט, געוואַשן, געשפּײַזט, געשאַפן קליידלעך מיט וועש, געטוליעט און געצערטלט, געלערנט ריידן און נישט אָפּגעלאָזן פון זיך אויף אַ רגע.

דער הויף, וואָס רחלע האָט פאַר זיך אַליין גערופן „קאַצעט״ האָט געברויזט מיט לעבן און געווימלט מיט באַוועגונג.

די טויערן, וואָס זײַנען ביז ערשט נישט לאַנג געשטאַנען פאַרהאַקטע פאַרן דרויסן, זײַנען ברייט צעפּראַלט געוואָרן, ווי אַ מלוכה־מוזעאום אין אַ חגא. זיי זײַנען אויפגעמאַכט געוואָרן פאַר אַלעמען. ווער ס׳האָט נאָר געוואָלט איז פרײַ אַרײַן און פרײַ אַרויס, חוץ פאַר די ייִדן, וואָס האָבען ווי פליגן באַלאַגערט די נאַרעס און די באַראַקן, זיי די ייִדן האָבן דערווײַל נאָר געמעגט אַרײַן, און אַזוי איז דער הויף איבערפולט געוואָרן מיט ײשטן ייִדן, ייִדן, ייִדן, — וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט ווו אַרויסצוגיין.

די געסט פונעם הויף זײַנען געווען פאַרשיידענע מיט אוניפאָרמען און ציווילע, מיט פּיפּקעס ציגאַרן אָדער ציגאַרעטן אין מויל, מיט שפּי־ציקע בלײַערס און גאָלדענע פּיל־פעדערן מיט דיקע בלאָקנאָטן. אַנדערע האָבן זיך נישט געפוילט און מיטגעבראַכט שרײַב־מאַשינקעס. זײַנען די געסט אַרומגעלאָפן אַרום די באַראַקן, אָדער ווײַטער אַרויף צו די אויסגע־לאָשענע גהינום־אויוונס און גאַז־קאַמערן, וווּ מען האָט פון לעבעדיקע ייִדן פאַבריצירט אַש און שטויב, פאַרברענט און פאַרגאַזט פאַרן שײַן פון דער זון, פאַר די אויגן פון דער ליכטיקער וועלט. איצט זײַנען דאָ געקומען שליחים, גבאים, גלחים, אָפיצירן, שרײַבער, גענעראַלן, מינים־טאָרן, דעפּוטאַטן מיט סאָלדאַטן. אַלע האָבן איידל געטאַפּט די ווענט פון די אויסגעלאָשענע אויוונס, אַריינגעקוקט אין די ליוקעס פון די גאַז־קאַמערן און זיך געטאָפּטשעט אין ייִדן־אַש. זיי האָבן מיט געהאַט מיט זיך די בעסטע „לייקאַ” פאָטאָ־ און פילם־אַפּאַראַטן מיט שטאַרקע בליץ־לאָמפּן, וואָס האָבן אָן איבערדרײַס געפילמט און פאָטאָגראַפירט די נײַסטע אוצרות פון דער מאָדערנסטער אייראָפּעיִשער ציוויליזאַציע, אינעם גרויסן לאַגער־הויף אין הארצן פון דײַטשן־לאַנד. — בערג ייִדישע ביינער מיט גופים, מענטשן־אַש, בערג שיך מיט שיכלעך. אָנצאָליקע פּעק סאָר־מירטע קליידער מיט באַלן ייִדישע פרויען־האָר, קאַסטנס אַרויסגעריסענע ייִדישע ציינער, פּעק מיט מיידלשע צעפּ, דיקע, דינע ביז די דינסטע האָר פון פײַנסטן צאַרטסטן ייִדישן קינדער קעפּל. זיי האָבן זיך געשאַרט און געגראָבן אין הויפנס פּעסער, דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס, זיי האָבן באַטראַכט כלערליי אינקוויזיציע־מכשירים מיט יעדער פלעק אײַנגעפרעסן פאַרגליווערטן ייִדישן בלוט, אָדער יעדן ריס פאַרטריקנט ייִדיש לײַב אויף לעדערנע מיט בלײַ אָנגעפילטע לאָקשן־בײַטשן. זיי האָבן אַלץ באַטראַכט מיט נײַגיר און מיט אינטערעס בארעדט און באַשריבן, קאָמענטירט און דיסקוטירט.

די געסט פלעגן אויך פון קיינעם נישט געשטערט, בײַ קיינעם נישט געפרעגט, שפּאַצירן אין די שמאָלע דורכגענג צווישן די נאַרעס אין די באַראַקן, פאַרשטעלנדיק די איידעלע נאָזלעכער מיט פאַרפיומירטע טיכ־לעך, זיך נישט צו מיאוסן גנבענען פאַרשײַטע בליקן, דאָרטן וווּ מיידלעך

האָבן געהאַט די היים אין די קברים־נאַרעס. אַנדערע מער נײַגעריקע און דרייסטע פֿלעגן כאַפּן אַ שמועס מיט דעם אָדער יענעם קאַצעט־מענטש צובאַמקענדיק:

„אָ יעס, אָ, יעס, יעס"...

זיי האָבן אַפּילו פֿאָטאָגראַפירט די 12־13 יאָריקע מאַמעלע, ווי זי צוואָגט רחלען ביים קראַן אין הויף מיט קאַלטע וואַסער אָן זייף, און נאָך דעם באַשריבן ס'בינטל ביינדעלעך מיט די דין־דינינקע פֿינגערלעך, מיט די צוויי תהום־אויגן, ווי אַזוי „דאָס אומגליקלעך טשיילד (קינד) איז געפּײַניקט געוואָרן דורך די האַקן־קרעציקע מערדער". זיי האָבן צוגעגעבן, אַז „דאָס דאָזיקע „טשיילד" זיצט גאָר דאָ אין לאַגער מיט איר עלטערער שוועסטער אָפּצוּוואַרטן דעם פֿאָטער, וואָס דאַרף זיך צו־ריקקערן פֿון דער פּוילישער אַרמיי זיי נעמען אַהיים". אין זייערע צײַ־טונגען האָבן זיי רחלען געגעבן אַ פֿאָטער, נאָר נישט דעם, וואָס איז פֿאַרווישט און אָפּגעמעקט פֿון דער ערד, באַהאַלטן אין די בערג אַש, אויף וועלכע די געסט פֿון דער וועלט האָבן איצט געטאָפּטשעט אָט דאָ אין לאַגער.

רחלע האָט פֿון דעם אַלעמען נישט געוווּסט, גאָרנישט פֿאַרשטאַנען, גאָרנישט פֿאַרלאַנגט און גאָרנישט געפֿאָדערט. פֿאַר איר איז דערוויַיל גענוג געווען די זופּ פֿונעם קענדל מיטן דאַרן שטיקל ברויט, מיטן ברוינעם אָדער רויטלעכן וואַרעמען וואַסערל אין דער פֿרי און אין אָוונט. ס'איז איר איצט אַלץ געווען ניחא, ווײַל זי האָט געפֿונען אַלע צערטלעכקייטן, וואָס אַ צווייטע יתומה, אַזאַ צוועלף־דרײַצן יאָריקע מאַמע קאָן געבן, צוזאַמען מיט דעם רעכט און מעגלעכקייט פֿרײַ צו וויינען הויך אויפֿן קול, אָן פּחד פֿאַרן טויט.

פֿונוואַנען זאָל עס רחלע וויסן, וואָס עס טוט זיך איצט אין דער וועלט אַרום איר?

איז זי געזעסן מיט איר מאַמען אין הויף אויף דער זון, אָנגעלענט אָן דער וואַנט פֿון באַראַק און געלערנט זיך רעדן. די מאַמע האָט דער־ציילט, אַז ס'זײַנען פֿאַראַן אַ סך קינדער, אַ סך, פֿון יענער זײַט שטעכע־דיקע דראָטן, געזונטע קינדער, שטאַרקע, זאַטע, באַזאָרגטע, פֿרייליכע,

מיט טאַטעס, מיט מוטערס, מיט היימען און לעגענדעס, ניט ווי דאָ אויף שטרוי צווישן צוויי ברעטער. און די קינדער האָבן שפּילצייג: פערדלעך, ווענעלעך, פּילקעס, ליאַלקעס, די עלטערע קינדער באַזוכן שו־לעס, וווּ מען לערנט זיי פון אַלדאָס גוטס און שיינס. זי דערציילט איר, אַז אויך זי, די מאַמע, האָט אַמאָל געהאַט אַ היים מיט אַ טאַטן און אַ מאַמען, וואָס האָבן פאַר איר געזאָרגט. זי געדענקט אפילו אַ ליאַלקע, אַזאַ גרויסע ווי אַ קינד מיט געקרייזלטע האָר, וואָס פלעגט פאַרמאַכן די אויגן בעת מען פלעגט איר אָוועקלייגן, זי האָט געהאַט פּילקעס און אַ הילצערנעם פערד. דאָס אַלץ איז מער נישטאָ, פאַרלוירן אונטער די חורבות פון אַ הויז וווּ זיי האָבן געלעבט... „און", זאָגט זי, — „ס'וועט קומען אַזאַ ליכטיקער טאָג, ווען מען וועט זיי אַרויסלאָזן פון דאַנען".

די מאַמע האָט זיך אַזוי פאַרשפּילט מיט די אייגענע רייד, אַז זי האָט פאַרגעסן עולם ומלואו, און גערעדט שטילערהייט צו זיך אַליין ווי זי איז געווען געוואוינט פון פריִער איידער זי האָט געטראָפן רחלען.

— איך האָב אַ ברודער מיט אַ פעטער ערגעץ אין אַ ווײַטן זוניקן לאַנד, ארץ ישראל; זיי וואוינען דאָרטן אין אַן אמתער דירה, אין אַ דאָרף, און די מאַמע מײַנע אַלע השאלעס, האָט מיר דערציילט יענע נאַכט, איידער מען האָט זי פאַרברענט, אַז ס'פּעלט זיי באָרכאַשעם גאָרנישט: זיי האָבן אַ גאָרטן מיט אַ פעלד, מיט אַ סאָד שמעקעדיקע, גאָלדענע פרוכט וואָס מען רופט מאַראַנצן, האָבן קי מיט הינער, אינ־דיקעס, ברויט, און טרינקען אַלע טאָג וואַרעמע מילך פון די אייגענע קי, געשמאַקערע מילך ווי די, וואָס אין די פּושקעס, וואָס די מעריקאַ־נער האָבן געבראַכט. זיי עסן אַלע טאָג פריש ברויט מיט פּוטער און אויף שבת באַקט מען חלות, ווײַסע געפלאָכטענע חלות.

— ווי איז צו מײַנע יאָרן, — האָט זי איבערגעחזרט דער מאַ־מעס רייד, הלמאַי זי האָט איר חיימען נישט איבערגערעדט, ער זאָל דאָרטן אַהינפאָרן פאַר דער מלחמה, ווי עס האָט געטאָן איר פעטער יודל און דער ברודער הערשל, וועמען מען האָט שפּעטער גערופן „צווי", צבי איז הערשל — דער זעלבער ברודער"...

אַזוי האָט זי איינגעטענהט מיט זיך אַליין אין דער מוטערס

לשון און ניגון, ווי אַ זקנה. ס׳איז פאַר איר מער נישט געווען קיין שום סוד פון נאַטירלעכע מענטשלעכע באַציִונגען, נישט קיין שרעק פאַרן טויט און נישט פאַרן לעבן. צי האָט זי נישט געזען ווי מען האָט איר פאָטער צעפּערטלט און די מוטער געפירט צום קאַלכאויוון, איר קליין שוועסטערל אַראָפּגעוואָרפן פון פענצטער פון דריטן שטאָק מיטן קעפּל אויפן ברוק? האָט זי דען נישט געזען צעפּאַסעוועטע לײַבער, צי נישט געאָטעמט מיטן שטויב און רויך פון פאַרברענטן מענטשן־לײַב, ערשט די קופּעס, די קופּעס מתים?!

נישט זי, נישט רחלע האָבן דאָ געקענט וויסן וואָס עס טוט זיך עפּעס אַרום זיי אין דער וועלט, פון וואַנען? פון וואַנען זאָל זי וויסן, אַז מען דרשנט וועגן זיי אין קלויסטערס און פּאַרלאַמענטן, מען שרײַבט וועגן זיי אין די צײַטונגען און ביכער, מ׳רײַסט זיך און מ׳קריגט זיך, מיניסטאָרן דערמאָנען זיי אין רעדעס, דיפּלאָמאַטן פליען צוליב זיי פון לאַנד צו לאַנד, פון איין מאַטעריק צום צווייטן? ס׳איז נאָך דעמאָלט געווען נײַנצן הונדערט פערציק זעקס. פון וואַנען זאָל זי וויסן, אַז איר פאָטער מיט אַלע צבי־הערשלס שטורעמען וועגן זיי, און הונדערטער מיליאָנען מוסולמענער פאַרגעסן אַלע זייערע אייגענע צרות און טראַכטן נאָר וועגן אַזעלכע רחלעך מיט איר 12־13 יאָריקער מאַמע, ווי אַזוי צו פאַרשפּאַרן דעם וועג אַז זיי זאָלן נישט קאָנען קומען צום פאָטער יודל און ברודער צבי־הערשל?

פון וואַנען זאָלן זיי וויסן, וואָס פאַר אַ פּחד און אומרו זיי האָבן געוואָרפן אויף דער וועלט, אַזש גרויסע, גרויסע וועלט־מדינות ווייסן נישט, ווי זיך מיט זיי אַן עצה צו טאָן. יאָ, ס׳איז געווען ערשט נײַנצן הונדערט זעקס און פערציק.

רחלע איז אײַנגעשלאָפן אין מיידלס שוים און איר האָט זיך נאָר געחלומט די אמתע מאַמע און דער קלעפּיקער גרוב, ווי זי קאָרמעט איר מיט רויע קאַרטאָפל, וואָס זי פלעגט פריִער אַליין צעקײַען. פון שלאָף האָט זי געטשמאָקעט מיט די ליפּן, און צוגעבליפּעט...

אַז רחלע האָט זיך אויפגעכאַפּט און ווידער דערהערט דערמאָנען צבי־הערשלען מיטן פעטער יודל, האָט זי אַ פרעג געטאָן:

## ל. חיין (שמעוני)

— ווּ זענען זיי?

— כ'האָב דיר געזאָגט — אין ארץ ישראל.

— פאַרוואָס קומען זיי נישט דאָ אהער אונדז נעמען?

— כ'ווייס ניש'.

— פאַרוואָס?

— כ'ווייס ניש'.

רחלע האָט זיך צעוויינט, נישט געוואָלט מותר זײַן אויף איר איינציקער רעכט פרײַ צו וויינען.

אַ סך חדשים זענען פאַרלאָפן נאָך יענע שמועסן, ביז רחלע האָט ווידער געפרעגט:

— ווּ איז צבי הערשל? פאַרוואָס קומט ער ניש' אונדז נעמען צו זיך?

באמת: פון וואַנען זאָלן עס האָבן געוווּסט יידעלע קינדער, אַז הערשלען גייט גאָר אוים ס'חיות דאָ יאָ אַהער צו קומען און זיי מיט־נעמען מיט זיך, אלא נישט נאָר מען לאָזט אים נישט, נאָר מ'האָט אויף די פּים געשטעלט מדינות מיט מלוכות, און זיי צו הילף גייען גאַנצע דיוויזיעס שיפן, אַעראָפּלאַנען, ראַדאַרן מיט „נײַנציק" מיליאָן מוסול־מענער פון די הרי חושך ביז אינדיע — אַלע שטייען אויף די פּים, און לאָזן נישט צבי־הערשלען קומען — — —

צבי־הערשל האָט אויף אַן אמת נישט גערוט און נישט געשוויגן.

די שעה האָט געשלאָגן און ס'האָבן נישט געקאָנט העלפן נישט די נײַנציק מיליאָן מוסולמענער, נישט די דיוויזיעס מיט די קריגס־שיפן און אַעראָפּלאַנען. אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט מען ביידן, רחלען מיט איר „מאַמע", געטראָפן שפּאַנען אין ארץ ישראל אויף אַ זאַמדיקן שליאַך ערגעץ צפונדיק פון קיסריה. די „מאַמע" איז געווען אָנגעטאָן אין אַ זעלנעריש העמדל און שווערע צעריסענע שיך, רחלען האָט זי געהאַלטן מיט איין האַנט, און אין דער צווייטער האָט זי געטראָגן אַ ליאַלקע, אַ צעקנאָדערטע מיט אויסגעקראָכענע פלאַקס־האָר, אַ נאַקעטע מיט אַן אָפּ־געריסן פּיסל...

פרעגט רחלע:

ר ח ל ע

— כ׳מעג שוין ווידער וויינען?

דעמאָלט האָט זיי פון הינטער די פּלייצעס געענטפערט א שטים פון א יונג, אין כאַקי, וואָס איז געווען געוויקסיק ווי א דעמב:

— יאָ, מײַן קינד, אויב דיר גלוסט זיך, — וויין. און צוריקגערעדט:

— הלמאי זאָלסטו איצט וויינען, ווען דו מעגסט שוין לאַכן?

# ביימער און זעלנער

יענער ווינקל גאַס איז געשטאַנען נאַקעט זינט דורות. דער גרונט איז געווען האַרטער פעלדז, די נאַקעטקייט האָט בכן געשטאָכן די אויגן.

דער גערטנער פונעם קוואַרטאַל האָט נישט איין מאָל געפּרוּווט מיט כּלערליי המצאות באַאַרבעטן דעם פעלדזיקן באָדן — אָבער ס'איז נישט געלונגען. ביז איינעם אַ דאָרף־מענטשן איז איַינגעפאַלן פּראָסט און פּשוט אויפצוּרײַסן דעם גרונט און אָנפילן אים מיט ערד, דערנאָך פאַר־זעצן ביימער. אין זײַן דאָרף וואָס אין די בערג פון גליל האָט מען אויף אַזאַ אופן פאַרפלאַנצט גאַנצע גערטנער מיט אויבס. אומר ועושה: אויפ־געריסן גריבער, אָנגעפילט זיי מיט ערד און פאַרזעצט אַ שורה ביימלעך. לכתחילה האָבן די פלאַנצן זיך צעגרינט, אָבער נישט אויף לאַנג; זיי האָבן זיך געמאַטערט און צום סוף אָפּגעדאַרט, אַחוץ אַ צוויי מער קרעפ־טיקערע, וואָס האָבן געשלאָגן וואָרצלען. ווי ווערים האָבן די וואָרצלען זיך אײַנגעפּרעסן אין די מינדסטע שפּאַרעלעך פון פעלדז, אין אַלע שטײַ־ניקע נעט ביז זיי האָבן געפונען אַ קוואַל צום לעבן. ס'איז געראָטן. די וואָרצלען האָבן מנצח געווען דעם פעלדז. דער גערטנער האָט נישט געקאַרגט קיין מי און די בלימלעך זענען אויסגעוואַקסן אָן אַן עין הרע ווי פאַריזער מאַדמואַזעלס — שלאַנקע, שמעקעדיקע מיט פאַרשאָרענע גרינע פריילעכע גריוועס, וואָס האָבן דערפרייט דאָס אויג און איבערגע־ביטן דעם פּײַסאַזש פון גאַנצן ווינקל.

אַז ביימער זענען דאָ (אפילו בלויז צוויי), ווערט אַ לעבן אַרום זיי, אפילו אין זיי. פייגל זענען טאַקע געקומען נעכטיקן — האָבן זיי אָנ־

געפולט די לופט מיט געצוויטשער און געזאַנג, געפּראַוועט ליבעס, אין די באַגינענס געזאָגט שירה און זיך געוואַשן. די מער דרייסטערע פייגל האָבן געבויט נעסטן, די עלטערע — האָבן זיך געוואַרעמט אויף דער זון, באַהאַלטן זיך פון רעגן אונטער די בלעטער. איז דאָרטן, אין ווינקל גאַס, אויפגעקומען אַ גאַנץ וועלטל, און נישט נאָר פאַר פייגל. צוויי עלטערע ייִדן, קאָנקורענטן, האָבן זיך באַזעצט אונטער די ביימער מיט זייערע סחורות מכל טוב: קעמעלעך, בערשטלעך, מיתה משונה זייף, שפּילקעס, תחתונים נישט פון ערשטן סאָרט, שיך־בענדלעך, נאָז־טיכלעך, און וואָס נישט? פון קאָנקורענץ־וועגן פלעגןביידע ייִדן באַנײַען זייערע סטאָקן מיט כלערליי הידושים; איינער האָט אפילו „אויפגעמאַכט" אַ קינדער־אָפּטיילונג מיט גרעגערס, דזשולן, בלײַענע זעלנער, בלעכענע פּײַפלעך, באַלאָנען וכדומה. געוואָרן מער לעבן, האָבן שוין די פייגל אויבן געזונגען אַ גאַנצן טאָג און קינדער האָבן געשטיפּט, זיך געאַמפּערט אונטן, בעת ביידע ייִדן פלעגן אײַנאַנדער זיך איבערשרײַען מיטן אויסרופן זייערע מציאות.

ווען ביידע ביימער זענען, צום גערטנערס פרייד, איבערגעקומען זייער דריט יאָר, איז גראָד אויסגעפאַלן די היסטאָרישע בשורה־נאַכט פון 29סטן נאָוועמבער 1947, וואָס איז געווען ערב חנוכה תש"ח. ייִדן האָבן געטאַנצט און געזונגען אין די גאַסן. די שמחה האָט די ביימער אויך נישט געמיטן. יענע נאַכט האָבן זיך אַרום זיי געדרייט רעדער טאַנצנדיקע הקפות, רעדער יונג און אַלט. און עס איז געוואָרן אַ בהלה צווישן די פייגל. מחמת איבערראַשונג און שרעק האָבן זיי ביז טאָג זיך אויסבאַהאַלטן אונטער די קאַרניזן פון די דערבייאיקע הײַזער; זיי האָבן געמיינט, ס'קומט עק וועלט, מי יודע, אויב נישט ערדציטערניש. פאַרטאָג, ס'איז שטיל געוואָרן, זענען זיי צוריקגעפלויגן צו זיך אַהיים, אין דער געדיכטעניש פון די גרינע גריוועס, אין די אייגענע נעסטן.

אַזעלכע ייִדישע צרות איז נאָך געווען צו פאַרלײַדן!

זענען נאָך דעם אַוועק עטלעכע טעג נאָך יענער נאַכט, אַ בלוט־מבול האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד פון פאָלק ישראל, האָט עס שוין נישט

אויסנגעלאָזט דיביימער, זיי ניט פאַרמיטן, און אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט די פייגל.

אין ווינקל גאַס זענען די ביימער געשטאַנען אָפן, נישט פאַרשטעלט פון הײַזער. איז דער ווינקל געווען אויסגעשטעלט פאַר די שאַרף־שי־סערס פון אקעגנאיבערדיקן אַראַבישן קוואַרטאַל, זענען די שיסערײַען אָנגעגאַנגען טאָג אײַן, טאָג אויס, וואָכן און חדשים, אויך אין די נעכט און דאָרט איז געווען דאָס סאַמע גיהנום! קוילן זענען געפלויגן נישט נאָר אין ייִדישע קעפּ און הערצער, נײַערט אויך אין די ביימער: די נעסטן צעריסן און פייגל זענען געפאַלן צוגלײַך מיט די ייִדן. האָבן טאַקע אויך די פייגל זיך גענומען האַלטן מיט די ייִדן צוגלײַך: שטיין אין פײַער, נישט אָפּטרעטן, ווײַטער אָנהאַלטן דעם פייגלשן שטייגער לעבן, פלעכטן נײַע נעסטן, פירן ליבעס, פליִען ווײַט צו גאַסט און זוכן שפּײַז, האָדע־ווען קינדער — לעבן, לעבן, לעבן ווי די ייִדן פון גאַס אונטערן ווילדן געפּײַף פון די קוילן.

און געקומען איז אַ פינצטערער טאָג, ווען דער שווערער גורל האָט געטראָפן ביידע ביימער, ווי ער האָט נישט אויסגעמיטן אַ סך ייִדן, און געטראָפן האָט עס אַזוי:

נאָך דעם ווי צוויי בריטישע טאַנקען האָבן זיך דורכגעשפּאַצירט אין ייִדישן קוואַרטאַל און די זעלנער האָבן פון זייער מאַשין־געווער אויסגעגאָסן שטראָמען הייסן בלײַ אויף ייִדישע פענצטער און טירן — דעמאָלט האָט זיך די טאַנקען נאָך פאַרגלוסט אַ שפּאַציר טאָן אויפן טראָטואַר, פּשוט די ברייט פון דער אַספאַלטירטער גאַס איז זיי דערעסן. ווייס מען, אַז בריטישע טאַנקען אין לאַנד פון ישראל, האָבן מחוץ כלי משחית אויך אַזעלכע פּײַפּערס וואָס אַז זיי צעוואָיען זיך, הערט עס זיך ווי הונדערטער הונגעריקע וועלף. ס'איז אַזאַ אימהדיקע פּראַים־סימפאָ־ניע פון רשעות, אַבי צו רײַסן די נערוון אויף שטיקער. האָבן זיך ייִדן דעמאָלט אויסגעלערנט בעת אַזאַ בעווין־מוזיק צו פאַרלאָזן די גאַס און זוכן אַ זיכערן פּלאַץ. מענטשן זענען זיך צעלאָפן פונעם טראָטואַר, אויס־באַהאַלטן אין די שכנותדיקע הײַזער און אונדזערע ביידע קאָנקורענטן האָבן פון אונטער די ביימער קוים באַוויזן צו פאַרכאַפּן אין די פּאָלעס

אַרײַן צו ביסלעך סחורה און היידאַ. קינדער האָבן אין רעכטן מיטן שפּיל איבערגעלאָזן אויף הפקר זייער שפּילצײַג מיט די דזשולן און זענען זיך צעפלויגן איבער דער סביבה צוזאַמען מיט די פייגל פון די ביימער. פאַרכלינעטע פון צעשטערונגס־תאווה, האָבן די זעלנער דעמאָלט אַרויפֿ־געפירט די וואָיענדיקע טאַנקען גלײַך אויף בײדע ביימער אַרויף און זיי אײַנגעבראָכן ווי צוויי לעבעדיקע ייִדן. נאָך דעם, גלײַך עס וואָלט גאָרנישט געשען, זענען זיי סקריפּענדיק אַוועק מיט זייער נצחון־וועג גאַס־אַראָפּ.

ס'האָט זיך באַרויִקט אַ ביסל, האָבן ייִדן זיך געזאַמלט אַרום פֿאַר־וויסטן ווינקל און באַדויערט די ביימער, ווי געפאַלענע לעבעדיקע באַ־שעפענישן; פאַרצאָגטע האָבן קינדער באַטראַכט די שברים פון זייער שפּילצײַג, בעת בײדע ייִדן קאָנקורענטן, האָבן צונויפגעקליבן און סאָר־טירט זייערע שמאַטעס מיט די בעבעכעס, צעטרעטענע און פאַרקויטיק־טע, כדי אָנצוהייבן פון ס'נײַ.

פון ס'נײַ, פון ס'נײַ — אַ ברירה האָט מען?

אויף מאָרגן האָט מען געזען: דער גערטנער איז געשטאַנען אַן אײַנגעבראָכענער און פאַרגאָסן טרערן איבער די שטאַמען פון די ביי־מער, וועלכע ער האָט געקעכלט, אָבער גיך האָט ער זיך געשטאַרקט, אויסגעגלײַכט זיך, מיטן אַרבל אָפּגעווישט די אויגן און די נאָז, אַ קרעכץ געטאָן (אַ ייִדישן קרעכץ), ווי אַ כירורג פון זעקל אַרויסגענומען אַ שער און איידל, פאָרזיכטיק אַרומגעשניטן די רעשטן פון בײדע אײַנ־געבראָכענע שטאַמען. עלנט האָבן זיי אַרויסגעשטאַרט פון דער ערד ווי אַ הימל־געשריי. דערנאָך האָט ער פונעם זעקל אַרויסגעקראָגן עפּעס אַ זאַלב, מיט איר באַשמירט די וווּנדן פון די אַמפּוטירטע שטאַמען און זיי באַנדאַזשירט.

צום אַרומיקן עולם האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— זיי האָבן די ביימער צעבראָכן, אָבער די וואָרצלען זיצן טיף אין פעלדזיקן גרונט. נישקשה, זיי וועלן זיך ווידער צעצווײַגן, ס'וועלן אויפֿ־גיין קנאָספּן, זיי וועלן ווײַטער וואַקסן אונדזערע ביימער, און נאָך העכער ווי ביז איצט.

ל. ח י י ן (שמעוני)

צונויפגענומען זײַנע כלים איז דער גערטנער אַוועק צו אַן אַנדער ארבעט. נײַגעריקע האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. ווי אבלים האָבן די קינדער יענעם טאָג דאָרטן זיך נישט געשפּילט. געבליבן זענען נאָר די היימלאָזע פֿייגל. צעשראָקענע, צעטומלטע פֿאַר דער פּוסטקייט, האָבן זיי זיך געטוליעט אונטער די קאַרניזן פֿון די נאָענטע הײַזער און נישט תופס געווען די רשעות פֿון מענטשן.

# „אַווראַאַם"

רופן רופט מען אים „אַווראַאַם", כאָטש אַן אַנדערן אין זײַנע יאָרן, וואָלט מען זיכער גערופן נישט אַנדערש ווי רבי אברהם, ווײַל בסך הכּל איז אַווראַאַם פֿײַן אַרײַנגעפֿאָרן אין די אַכציקער. אַ פֿולער זקן. און ס'פּירט זיך, אַז אַ זקן רופט מען ניט אַנדערש ווי מיט אַ „רב". אַווראַאַמען פֿאַרדריסט עס נישט בדרך כּלל, פֿאַרדריסן פֿאַרדריסט אים נאָר, וואָס ס'קליינוואַרג רופט אים אויך אַווראַאַם, מיט אַ פּתח, און נישט מיט אַ קמץ, ווי די עלטערע רופן אים. די קינדער פֿאַרשאַפֿן אים מיט דעם עצמות נפֿש, כאָטש זיי זענען גאָרנישט אויסן. ס'מאַכט זיך אָבער אַז אַווראַאַם באַליידיקט זיך, און ער האָט נישט פֿאַר וועמען אויסצוגיסן זײַן ביטער הארץ. ער וואָלט עס געטאָן פֿאַר זײַן אַלטער, פֿאַר סאָרען מיטן וואַקסענעם פּנים, וואָס איז עלטער פֿון אים מיט עטלעכע יאָר. באַקלאָגט ער זיך אַ מאָל פֿאַר איר, קריגט ער אַ תּשובה:

— דוראַק — שוטה, אַ מוזשיק ביסטו געווען, אַ פּויער, און אַזאַ ביסטו געבליבן. ס'טו געהערט אין דײַן גאַנץ לעבן, מען זאָל עמעצן רופן „רבי מוזשיק"?

ברוגזט זיך אַווראַאַם, גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און ברומט אין באָרד אַרײַן:

— וואָס קאָנסטו פֿילן? דו „וויעדמע" — מכשפֿה דו איינע, וואָס, בהמה? דו קומסט דען צווישן מענטשן, קומסטו? פֿאָרע זיך ווײַטער בײַ די הינער, פֿאָרע זיך אַרום די טעפּ, וואַש דאָס גרעט, פֿרעפּל און קוש דײַן „צענערענע", טפֿו! — גיט אַווראַאַם אַ הילכיקן שפּײַ אויפֿן ערדענעם

דיל פון זײַן היים, און גייט זיך זעצן אויף דער פריזבע פֿאָרנט, פֿאַר דער גאַס.

אוראַאַם איז אַ גר, מיט אַ מחנה גרים איז ער געקומען קיין ארץ ישראל פון טיף רוסלאַנד, אַזש פון טאַמבאַווער גובערניע. דאָרטן, אין אַ פֿאַרוואָרפֿן דאָרף, אַ פֿינטעלע אין סטעפּ, האָט זיך מיטאַמאָל גענומען טומלען. ניקיטאַ, דער אַלטער ניקיטאַ מיט אַ באָרד פון געפּודלטן פלאַקס, איז אַרויס אין גאַס, די האָר צעפּאַטלט, די אויגן — פלאַמען; ער איז אַרויס אין זײַנע ברייטע לײַוונטענע גאַטשעס פאַרבונדענע מיט אַ שטריקל אַרום אײַנגעפאַלענעם בויך, די ברוסט צעבראַשטשעט, אָן אַ היטל, מיט אַ שטעקן אין האַנט — אין אַזאַ הילוך איז ער אַוועק אין סאַמע מיטן מאַרק בײַם קלויסטער, וווּ די דאָרפישע האָבן זיך געזאַמלט צו תפילה. דאָרט האָט ער גענומען זאָגן נבואה:

„דער אַלמעכטיקער גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב האָט מיר צו אײַך געשיקט, מײַנע ברידער, אַרויספֿירן אַלעמען אויפֿן גלײַכן וועג. כ'בין געקומען צו אײַך, זינדיקע ברידער מײַנע, אַרויספירן פון דער פינצטער־ניש, ווי מאָיסיי האָט אַרויסגעפירט די בני ישראל פון מצרים. איך בין באַפולמעכטיקט פון אויבן, פון אויבן, מײַנע ברידער! מיר האָבן ביז הײַנט געלעבט אין טעות, האָבן מיר, די גאולה איז נאָענט, משיח איז נישט געשטאָרבן, משיח קומט, משיח גייט — איך הער זײַנע טריט. ראַטעוועט אייערע נשמות, ברידער מײַנע, ראַטעוועט זיך! צע־ברעכט די געטשקעס מיט די צלמים, קערט זיך צום אַלטן „זאַוויעט"!...

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן אין ווײַטן דאָרף, אין טאַמבאַווער גובערניע. דער פּאָפּ האָט זיך לכתחילה צעלאַכט, זײַן באַרגיקער בויך האָט אַזש געציטערט אונטער דער געוואַנטענער ריזע, דער זילבערנער צלם האָט אונטערגעטאַנצט אויף זײַן ברייטער ברוסט. נאָך דעם איז דער פּאָפּ געוואָרן שטאַרק אָנגעכמורעט, ער האָט זיך פאַרהוסט און אויס־געברומט:

— פאַרטרײַבט אים פון דאַנען, דעם פיאַניצע. דעם משוגענעם, פאַרטרײַבט פון דאָרף ווי אַ מגפה, — אָבער די פּראַוואָסלאַוונע מענטשן, די גלויביקע פּויערים און פּויערטעס, ווי די נכפה וואָלט זיי גענומען

זענען געבליבן שטיין פאַרגליווערט מיט אָפענע מײַלער, מיט פינצטערע פּנימער. דעם פּאָפּס געלעכטער, זײַן באַרגיקער בויך און זײַן סקריפּענ־דיקער קול האָבן אַרויסגערופן שנאה, טיפע שנאה, וואָס האָט זיך בײַ יעדערן טיף געוואָרצלט אונטער די האַריקע בּרוסטן.

— וואָס לאַכסטו, פּאָפּ, פון אַלטן אָרנטלעכן באַטיאַ ניקיטאַ, וואָס? דו ביסט עס דער גרויסער צדיק? האָט אַ קול אַרויסגעשרײַען פון עולם.

— מײַן קינד איז פיר טעג געלעגן טויט בײַ מיר אויף די הענט, מײַן וואַסינקע, דער זיסינקער יינגעלע. פיר טעג האָסטו אים נישט גע־לאָזט ברענגען צו קבורה, צוליב אַ זילבערנעם גריוועניק, וואָס כ'האָב נישט געהאַט, האַ? — האָט אַ ווײנענדיקע זיך געריסן די פּויערטע סטע־פּאַנידאַ. איר האָט באַלד אונטערגעהאַלטן סטעשאַ זאַכאַראָווואַ:

— וואָס האָסטו געטאָן, פּאָפּ, מיט מײַן מאַן? האָסט אים נישט געצלמט און נישט קיין ווידוי גענומען אויף זײַן טויטן בעט, ווײַל איך האָב דיר געגעבן איבער די הענט. ווען דו ביסט מיט זיי געקראָכן צו מײַנע ציצן, האַ?

דער פּאָפּ איז נשתומם געוואָרן. ער האָט עוקר געווען גלײַך פון צערקווע צום דאָרפישן פּריסטאַוו מיט אַ יללה:

— קראַמאָלאַ, יעווגעני וואַסיליטש, אַ בונט קעגן גאָט, קעגן צאַר, קעגן גלויבן אַ בונט...

דער פּריסטאַוו האָט יענעם אָוונט פאַרשריבן מיט קרומע אותיות אַ גרויסן בויגן פּאַפּיר, געשריבן און געצויגן מיט דער נאָז וועלכע ער האָט געווישט מיטן אַרבל פון דער סערמיגע, און צומאָרגנס האָט ער דאָס געשריפט אוועקגעשיקט מיט אַ שליח קיין טאַמבאַוו אין זשאַנדאַר־מעריע אַרײַן. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, נישט קיין וואָך אפילו, און ס'זענען געקומען אין דאָרף אַרײַן אַ וואָסערע פּערציק זשאַנדאַרן ראַ־טעווען דעם כבוד פון פּאָפּ, פון גלויבן, פון צאַר, און פון דער מוטערל רוסלאַנד. מ'האָט אַראָפּגעשלעפּט דעם אַלטן ניקיטאַ פון אויוון אַראָפּ, מען האָט אים די אַלטע קנאָכיקע הענט פאַרדרייט אויף אַהינטן, פאַר־בונדן מיט אַ שטריק, ס'לײַב צעפּאַסעוועט ביז בלוט, ס'פּנים פאַרשוואָלן, אויפגעלאָפן נישט צו דערקענען, נישט צו זען די אויגן, די פלאַקסענע

באָרד צונויפגעקלעפּט אין איין שטיק ווי אַ בעזימל — פון קויט און בלוט צונויפגעקלעפּט, אָבער ס׳מויל האָט ניט אויפגעהערט דונערן:

— זינדיקע ברידער מײַנע, משיח לעבט, משיח קומט, משיח איז אַ ייִד, אַ ייִד! ראַטעוועט אייערע נשמות, פאַרלירט נישט ביידע וועלטן, קערט זיך אום צום אַלטן „זאַוויעט"...

מען האָט ניקיטאַן אַרײַנגעוואָרפן אין אַן אַלטן קאַרטאָפל־גרוב, איבער אים אָוועקגעשטעלט אַ שמירה ביז נאַכט.

בײַנאַכט איז געווען יענע מהומה: מ׳האָט זיך געלאָזט איבער די כאַטעס, געשלעפּט פויערים פון די וואַרעמע אויוונס אַראָפּ, געפּאַסעוועט זייערע לײַבער און געבונדענע געוואָרפן צו ניקיטאַן אין גרוב אַרײַן. מען האָט זיך געלאָזט וואַוילגיין איבער די מיידלעך און יונגע פויערטעס. אַזוי ביז טאָג, ווען מען האָט די פאַרנומענע אַרויפגעוואָרפן אויף וועגענער, אויף זייערע אייגענע וועגענער, געשפּאַנטע אין מאָגערע פויערשע פערדלעך און אָפּגעפירט קיין טאַמבאָוו. זיך אויסגעפּוצט אין זײַן נײַער ריזע האָט דער פּאָפּ זיי אַרויסבאַגלייט מיטן באַסאָוון קול, פּאָכענדיק מיטן זילבערנעם צלם: „גאָט דערבאַרים דיך אויף זייערע זינדיקע נשמות, האָספּאָדי, פּאָמילוי, פּאָמילוי".

די קראַמאָלע האָט מען נישט אויסגעברענט, ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. יענעם טאָג האָט דער קלויסטער־גלאָק געקלונגען פאַר ליידיקע ווענט. אַפילו די פּרומסטע זקנים און זקנות זענען געבליבן אין די כאַטעס, פאַרקערט, ס׳איז אַוועק אַ ידיעה ווײַט איבער סטעפּעס, איבער וועלדער און פעלדער, דערפער און כוטאָרן: „ניקיטאַ דער שליח פון גאָט, איז דורך די זשאַנדאַרן פאַרפּײַניקט געוואָרן". ניקיטאַ איז געוואָרן אַ קרוש. פון זײַן חשיבותדיקער האַלטונג האָבן איבערגערעדט צענדליקער טויזנטער. מענטשנס ליפּן האָבן פרום דערציילט אַז די „זשידאָווסט־וואָויושטשע" סעקטעס האָבן באַקומען אָנזען אין פאַרוואָרפענעם טיף רוסלאַנד. מ׳האָט געגומען זײַן אומרויִק אין הייליקן סינאָד, אין פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט,ביים קייזערלעכן טיש. דאָרט האָט מען גערעדט מיט כעס און שטוינען, בעת אין די ווײַטע דערפער און כוטאָרן האָט מען געבראָכן צלמים און געריסן איקאָנעס, אויפגעהערט גיין אין צערקווע, פאַרטריבן

## „אוראַאָם"

די פּאָפּעס און אַרומגעזוכט אמתע זשידעס, אַז זיי זאָלן קומען העלפן זינדיקע נשמות אַרויספירן אויפן דרך־הישר, און אויב נישט די וועלט איז כאָטש ראַטעווען יענע וועלט...

אוראַאַם האָט דעמאָלט נאָך געהייסן סטעפּאַן, געווען איז ער אַ מענטש, אַ גבר, וואָס האָט זיך נישט פאַרנומען מיט רוחניותדיקע ענינים. זײַן געמיט איז ווײַט געווען פון גאָט און קלויסטער, אדרבא: ער האָט שטענדיק חוזק געמאַכט פון פּאָפּעס, נישט פאַרטראָגן זייער בטלדיק לעבן און אומזיסטע זאַטקייט. פלעגט ער זען דעם פּאָפּ אין גאַס, האָט ער אים נאָכגעהירזשעט, געמאַכט העוויות הינטער דער פּלייצע. סטעפּאַנס לײַב און לעבן איז געווען אַרײַנגעטאָן אין פעלד, זײַן איינציקע שטרע־בונג איז געווען זוכה זײַן צו האָבן אַן אייגענעם פערד, אַ קאָבילע צו באַאַרבעטן זײַן פּיצל ערד. סטעפּאַן פלעגט זיך אַ מאָל אַרײַנכאַפּן אין קלויסטער. ס'איז אים געווען אָנגעמענער צו הערן אַ פערדיש הירזשען ווי דעם פּאָפּס געזאַנג. נישט זעלטן, אַז אַ שכן פלעגט אים אויפוועקן פון טיפן שלאָף אין צערקווע אין אַ הייליקער פּאַסכאַ־נאַכט, פלעגט סטעפּאַן אויפשפּרינגען, פינטלען מיט די אויגן, און מעכאַניש וואַרפן צלמים און מורמלען דעם „האָספּאָדי פּאָמילוי", דאָס איינציקע וואָס ער האָט גע־קענט פון אַלע תפילות.

די מעשה מיטן זקן ניקיטאַ איז אויך אים פאַרבײַ אָן דעם מינדסטן רושם. מאַלע וואָס אַן אַלטער רעדט, אָבער שפּעטער, ווען סטעפּאַן האָט געזען ניקיטאַן אַ געבונדענעם, אַ צעמישטן מיט אַ פאַרבלוטיקטן פּנים — איז ער אָן צו טראַכטן אַוועק צו זיך אין הויף, געכאַפּט אַן אַלטן דייקסל, און צוריקגעלאָפן צו די זשאַנדאַרן. ס'איז שוין געווען צו שפּעט: ניקיטאַ איז געלעגן אין וואָגן, אַרומגערינגלט פון די זשאַנדאַרן מיט בלאַנקע שווערדן אין די הענט. ווי ניקיטאַ איז נישט געווען צעמ־מיטשט האָט זײַן מויל נישט אויפגעהערט רעדן: „ראַטעוועט זיך, ברי־דער, משיח לעבט, משיח איז אַ ייִד — אַ יעווריי"...

נאָך דער געשיכטע האָט מען סטעפּאַנען נישט דערקענט; ער האָט אויפגעהערט עסן, נישט געקאָנט שלאָפן. ס'האָבן נישט געהאָלפן נישט

די קוואָרטן סאַמאָגאָן, נישט די שווערע פּראַצע. ער האָט פאַרלוירן זײַן רו. ניקיטאַ האָט זיך נישט אָפּגעטאָן פון זײַנע אויגן און אין די אויערן האָט נישט אויפגעהערט הילכן: „ראַטעוועט זיך, ברידער, משיח איז געווען אַ ייִד, משיח איז נישט געשטאָרבן".

שפּעטער איז שוין סטעפּאַן מיטגעגאַנגען מיט נאָך פּויערים ווײַט אין וואַלד און פעלד. זיי האָבן דאָרטן געפּראַוועט צערעמאָניעס און אין תפילה געשריִען „אַדאָנאַי", נישט צו פאַרשטיין דעם זין פון וואָרט. סטעפּאַן האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן שבת, נישט איין מאָל האָט מען אים דערפאַר געשלאָגן מכות רצח אין מיטן העלן טאָג אין דאָרפישן מאַרק, ווי מע האָט די מענטשן צעטיילט אין צווייען: איינע, וואָס זענען געגאַנגען מיטן פּאָפּ, די פּראַוואָסלאַוונע, און די אַנדערע, די „זשידאָווסטוואַוויושטשע". לאַנג האָט זיך אַזוי געצויגן זייער שווער לעבן, ביז, ביז דאָס גליק האָט זיי געבראַכט אין הייליקן לאַנד, אין ארץ ישראל.

ערשט אַז אַוורהאַם זיצט זיך לעת זקנה אויף דער פּריזבע און שיט קערעלעך פאַר די טויבן, וואָס שפּאַצירן אַרום, שטעלן זיך אויף זײַנע אַקסל, עסן פון זײַנע הענט, פאַרטראַגן אים די מחשבות אין ווײַטן עבר. ס'דערמאָנען זיך יענע פאַרגאַנגענע טעג. לײַדן, פּחד און גליק האָרבן זיך אָן, ווילן נישט אָפּטרעטן. עס דערמאָנט זיך די שווערע אָפּעראַציע, וואָס זיך געלאָזט מאַכן, אַבי זיך אײַנצוקויפן אין ייִדישקייט, ער דערמאָנט זיך ס'ווײַב, וואָס איז אים שטום און טרײַ נאָכגעגאַנגען, האָט אַלץ געטאָן, ס'זאָל אים זײַן ניחא, ער פרייט זיך אויך מיט זײַן נאָמען: „אברהם בן אברהם", נישטאָ מער „סטעפּאַן פּעטראָוויטש", געשטאָרבן יענער. ער דערמאָנט זיך, דערמאָנט אַ סך. צוויי מיידלעך האָט ער מיטגעבראַכט פון ווײַטן דאָרף און פיר בנים זענען געבוירן דאָ־הי אין הייליקן לאַנד; שווער איז אָנגעקומען זײַן אַלטער מיטן „סידער", מיט דינים און „בראָכעס", כשרות וכדומה. זי האָט אָבער אַלץ אָנגענומען באהבה.

ביסלעכווײַז האָט אַוורהאַם פאַרדײַעט דעם איבערברוך. דער פּחד פאַר גאָט, פאַר „יענער וועלט" האָבן געהאָלפן אַלץ אויסשטיין. ניקיטאַ איז נאָך יאָרן לאַנג געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. אמת, נאָך עפּעס האָט געווירקט אינעם שווערן גאַנג פון זײַן לעבן: דעם צוזאָג צו באַקומען

ערד, ערד, מאַמע־ערד, בהמות, פערד, עופות. ער וועט אַקערן מיט אַ צוויי־שפּאַן, ער וועט זייען מיטן ברייטן הויפן, ער וועט שנײַדן מיט פדייד און התמדה, וועט בויען אַ שפּײַכלער, אַ שײַער, ער וועט אָנפּי־קעווען אַ גאָרטן מיט כל טוב, ער וועט פּלאָדיען טויבן, עופות, קעלבער, שעפּסן, לאָשאַקעס, און אין הויף וועט ער אויפשטעלן אַ רחבותדיקן באַק־אויוון פאָרן אייגענעם ברויט, אַפילו אַ באָד וועט ער מאַכן פון שטיין און ליים, און קינדער... קינדער וועלן זיך פּלאָנטערן אַ גאַנצע מחנה. אַך, ס׳וועט זײַן אַ „סלאַדקאָיע זשיטיאָ”, אַ זיס לעבן!

ווען ער איז מיט נאָך גרים געקומען אין גליל, האָט זיך אויסגע־דוכט אַז עפּעס וועט שוין יאָ ווערן. ס׳איז נישט קיין חלום! צווישן די בערג אין שטח פון תבור זענען געלעגן רחבותדיקע, אָבער וויסטע פעל־דער, נאַקעטע, שטייניקע אָבער גוטע, אויסגערוטע ערד. ס׳איז לכתחילה נישט שטאַרק היימלעך געווען, אָבער „ניטשעווא”. וואָס איז? ס׳גאַנצע לײַב און לעבן איז אָנגעגאָסן מיט קראַפט, עס רײַסט זיך עוקר הרים זײַן. נאָר דער אמת איז: שווער, ביטער שווער איז געווען דער אָנהייב. קודם כל מיטן וואַסער, ס׳הייסט אָן וואַסער! וואָס ווערט דאָ פון דער פּראַצע, ווי קומט טאַמבאַוווער געגנט צום גליל? דאָס ווערט ניכר אין די גרויסע היצן, מחוץ דער טריקעניש. מילא, אַבראַאַם וואָלט שוין אַלץ בײַגעקור־מען, ווען נישט יענע מעשה אין אַ מיטן נאַכט. אויפן געלעגער האָט אַווראַאַם דעמאָלט דערפילט עפּעס אַזוינס, פון וואָס ער האָט ס׳גאַנצע לעבן נישט געוווּסט: אָט וואַרפט עס אים אין קעלט, אָט ווערט פון אים אַ טײַך פון היץ, די ביינער ברעכן דער גוף ווערט שווער ווי בלײַ, דעם קאָפּ נישט אויפצוהייבן, און די שלייפן זעצן ווי האַמערס, פאַר די אויגן דרייען זיך רעדער... און אַז ס׳ווײַב האָט דערהערט זײַן שווער קרעכצן, האָט זי פון פּחד זיך שיעור נישט געצלמט. זי האָט געמאַכט הייסן טיי, געמישט אים מיט בראָנפן, אים געגעבן מיענטע בלעטלעך, אימבער מיט צוקער, געריבן אים דעם רוקן מיט אַ נאַסן האַנטוך און ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. אויף מאָרגן האָט אַ שכן אַוועקגעריטן צום דאָקטער פרעגן אַן עצה .דער דאָקטער האָט קיין עצה נישט געגעבן. ער איז מיטגעקומען, געטאַפּט אַווראַאַמען דעם דופק, באַטראַכט די צונג,

געקלאַפּט מיט די פינגער איבער דער ברוסט און פּלייצעס, געמאָסטן די היץ, געקוקט אין די אויגן־לעפּלעך, געגעבן רפואות. בעיקר האָט ער געהייסן שלינגען כינין. און וואָכן זענען געלאָפן. אוורּאַם איז אַט, אַט כמעט געזונט, און אַט פאַלט ער ווידער אַוועק. פונעם כינין איז ער גע־וואָרן פאַרטויבט, די בטלה האָט אָנגעוואָרפן אויף אים אַ מרה שחורה. ווידער אַוועק אַ פּאָר חדשים, ס'ווייַב האָט געמוזט צואַרבעטן אין פעלד. און צום סוף האָט אוורּאַם ווידער זיך געמוזט אַוועקלייגן. לסוף האָט מען געמוזט שפּאַנען אַ וועגעלע און אים אָפּפירן אין שטאָט אַרייַן. גע־פאָרן איז מען לאַנג, כמעט אַ גאַנצן מעת לעת, ביז מען איז געקומען אין חיפה צום גרויסן דאָקטער, וואָס האָט אָן רחמנות, אָן אייַנזען גע־פּסקנט: געלער פיבער...

אַזוי האָט זיך ביי אוורּאַמען מיט זייַן הויזגעזינד געענדיקט ס'דאָר־פישע לעבן מיט אַ פּאָר צענדליק יאָרעלעך צוריק.

אוורּאַם האָט זיך חלילה נישט אַזוי לייַכט אונטערגעגעבן, ווי ס'רעדט זיך, אָבער דער דאָקטער האָט זייַנס אויסגעפירט.

— הער זיך צו, גוטער ברודער — האָט דער דאָקטער געטענהט — אָדער וועסט בלייַבן דאָ אין שטאָט און בלייַבן לעבן, אָדער דו פאָרסט צוריק אין דאָרף, ווו דו וועסט קריגן נאָך אַזאַ פּראָשעק פיבער, און געעקט, ס'איז אויס מיט דיר אוורּאַם. „קרישקאַ", — האָט דער דאָקטער צוגעגעבן אין אוורּאַמס היימישן לשון.

אַ ברירה האָט מען געהאַט? ווי אויף אַ לוויה האָט מען אוורּאַמען מיטן הויזגעזינד אַרויסבאַגלייט פון דאָרף אין גליל, קיין חיפה, די שטאָט וואָס בייַם ברעג ים. אוורּאַם האָט מיטגענומען ס'ביסל גוטס, די בעבע־כעס, פאַרשפּאַנט זייַנע ליבע פּאָר פערד און פון די דאָרפישע חלומות האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם.

איצט, צענדליקער יאָרן שפּעטער, ווען יענער גרויסער ווייטיק און בענקשאַפט נאָך מאַמע־ערד האָבן זיך פון לאַנג שוין אויסגעוועפט, זיצט אוורּאַם אויף דער פּריזבע, וואַרעמט זיך אין דער זון, פּיטערט גאָטס ליבסטע באַשעפענישן, די טויבן, און ס'קרענקט אים הלמאי די קינדער רופן אים נישט „רבי אברהם", אלא פשוט „אוורּאַם" (מיט צוויי פּתחן,

ווי ער וואָלט זײַן עפּעס אַ צוציק, אַ פּריקאַזטשיקל...).

יענע מעשה דערמאָנט ער זיך ווי אַ וויסטער ווײַטער חלום: דאָס דאָרף, ניקיטאַ, דאָס ייִדישן זיך, דער געלער פיבער. איצט פילט ער זיך גאַנץ, בשלימות ווי איינער פון אבות אבותיו מבני ישראל, כאָטש ער לעבט אָפּגעזונדערט, אַ ביסל אַנדערש ווי די שכנים. בעת ער איז דע־מאָלט געקומען אין שטאָט, האָט ער פאַר אַ שיבוש, ערגעץ אין עק וועלט, באַרג אַרויף צום כרמל, אָפּגעקויפט אַן אַראַביש שטיבל מיט אַ פּיצל ערד. דאָרטן איז אווראַאַמען געוועזן צום הארצן; ביימער אַרום, גראָז און פרילינג, פייגל פליִען, סטאַדעס פאַשען זיך, פון אונטן שפּרייט זיך די רחבות פון עמק זבולון פון איין זײַט, און דער בלויער ים פון דער צווייטער זײַט. ס'איז דאָרפיש. דאָס שטיבל האָט ער מיטן ווײַב פאַרריכט, אויסגעטינקעוועט, אויסגעקאַלעכט. אַ ברויט־אויוון אויסגע־בויט אין דרויסן, ס'שטיקעלע ערד אויסגעשטייניקט, אויפגעריסן און פאַרזייט מיט ירקות און ביימעלעך, די קינדער האָבן אויפגעשטעלט אַ טויבנשלאַק. ס'איז געוועזן אויך אַ שטײַג פאַר עופות. אין אַ ווינקל האָט מען פון ברעטלעך מיט בלעכן צונויפגעקלאַפּט אַן אָרט פאַרן פערד און וועגל (איין פערד האָט מען באַלד פאַרקויפט), און ס'ווינקל איז געוואָרן היים און פרייד.

אווראַאַם איז צו זיך געקומען, דער פיבער איז אַוועק און פון פערד מיט וועגל האָט ער געצויגן חיונה. ער געדענקט איצט נישט ווי ער האָט באַקומען עטלעכע קאַטשקעס און גענדזעלעך, וואָס איז דעמאָלט געוועזן זעלטן אין יענעם מקום. אווראַאַם האָט אין דער אמתן נישט פאַרטראָגן די גענדז. „פאַרריסענע באַשעפענישן, פריצישע עופות", אָבער ער האָט עס געטאָן צוליבן ווײַב, כאָטש אים זענען ליבער הינער אָדער קאַטש־קעס, שוין אָפּגערעדט טויבן. פאַר זיי האָט ער געמאַכט אַ בלאָטקעלע מיט וואַסער, ס'איז אים ליב געווען צו זיצן שעהען און זיך אײַנקוקן ווי די קאַטשקעס פּלאָשקען זיך. ס'ווײַב פלעגט עס האָבן נישט גערן, הלמאי זיי כאַפּן זיך אַרויס פון דער בלאָטקע און פאַרשמוצן איר ס'גרעט וואָס הענגט אין חצרל.

— פוי אווראַאַם, חזרים דערמאָנט עס...

אוורא׳אם פלעגט פאַרציטערט ווערן, ווייל אין די רייד האָט געשטעקט אַ ביסל אמת, וואָס איז כדאי נישט צו דערמאָנען.

פאַר די יאָרן האָט אוורא׳אם מיט זיין פערד און וועגל אריבערגעפירט וועלטן. געהאָלפן אויפבויען אַ שטאָט, אויפגעהאָדעוועט די בנים, וואָס זענען אויסגעוואקסן הויכע, געשטאַלטיקע, שטאַרקע ווי ריזן; די בנים קענען שלעכט רוסיש, דערפאַר זענען זיי גרויסע מאַדימס אין די שוואַרצע פינטעלעך, לייענען ווי אַ וואַסער, ריידן פריי די הייליקע שפּראַך און לעבן זיך אויס מיט די קינדער ווי גאָרנישט, גלייך זייער שורש וואָלט נישט געווען פון טאמבאווער סטעפּעס. ס׳איז אָבער יאָ דאָ אַ חילוק צווישן זיי און יענע: יענע לייענען ביכער אין די פריע שעהן, גייען שפּעט שלאָפן, באַזוכן טעאַטערס מיט קינעמאַטאָגראַפן, שבת און יום־טוב שפּאַצירן זיי אין דער הערצל־גאַס אַרויף און אַראָפּ, זייערע שטיפעריייען זענען געצוימטע, הגם חוצפּה פעלט זיי חלילה נישט. אוורא׳אמס קינדער זענען נישט להוט נאָך ביכער, זיי האָבן ליב צו קלעטערן אויףביימער, כאַפּן פייגל, זיך יאָגן נאָך טויבן; זיי האָבן ליב הינט און פערד, גראָבן זיך אין היימישן גערטל, און דער גוט יאָר ווייס זיי. ווי באַלד ס׳הערן נאָר אויף די רעגנס, אַנטלויפט מען פון שטוב, ווו זיי קאָנען נישט איינזיצן. אַפילו שלאָפן, שלאָפן זיי אין דרויסן אויף משונהדיקע געלעגערס, וואָס זיי האָבן זיך צורעכט געמאַכט צווישן די שכנותדיקע פייגנביימער אונטערן פריען הימל. יאָ, דער הימל איז שיין, אומעטום דער זעלביקער.

די מיידלעך זענען נישטאָ.ביידע זענען געשטאָרבן, פאַרברענט געוואָרן פון דיפטעריט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה; נאָך זיי קלאָגט שטענדיק ס׳ווייב און קושט שטאַרק דעם „צענאָרענאָ״ (צאינה וראינה), וואָס ליגט פאַרבונדן אין אַ ווייס טישטעכל אויף אַ פּאָליצע. זי איז גליקלעך ווען אַ ווייטע שכנטע, אַ פרומע גוטע פרוי, קומט איר פאַרלייענען די האַרציקע מעשיות און מוסר פון הייליקן ספר, וועלכן זי קאָן נאָר קושן, שטאַרק קושן און באַנעצן מיט טרערן פון אומעט, פון בענקשאַפט.

נאָך איין פּאַסירונג קאָן אַווראַאַם נישט פאַרגעסן — דאָס צונעמען זײַן לעצטע פרייד: דעם פערד.

זײַן ווינקל מיטן שטיבל זענען געבליבן ווי געווען, אַלא וואָס? פריִער איז דאָס אָרט געווען סוף וועלט, ווײַט פון שטאָט, הײַנט — ליגט עס אין מיטן פון אַ ברייטער, לאַנגער גאַס. אַזוי איז זיך די שטאָט צע־וואַקסן! פּאָליציי האָט דאָ פאַרווערט צו האַלטן פערד. די שכנים פאַר־לײַדן נישט. „פליגן" — טענהען זיי — ברענגט מיט זיך דאָס פערד, „דאָס מיסט פון אים פאַרדאַרבט די לופט", קרימען זיי מיט די נעזער. האָט ער געמוזט דאָס פערד פאַרקויפן. גרינג צו זאָגן, פאַרקויפן! אַ גאַנצע נאַכט איז אַווראַאַם געזעסן מיט זײַן פערדל אין שטאַל, געגלעט זײַן רוקן און מאָרדע; ס'פערדל האָט צוריקגעענטפערט מיט זײַנע גוטע גרויסע אויגן, געלעקט אַווראַאַמען די גלעטנדיקע הענט. ער האָט אים געקושט אין מאָרדע, און זאָל עס בלײַבן בסוד: אַווראַאַם האָט יענע נאַכט פאַרגאָסן ביטערע טרערן, ווי מען וואָלט בײַ אים די נשמה אַרויס־געריסן...

די בנים, ווי געזאָגט, זענען אויסגעוואַקסן. בנים אָן עין הרע גוטע אַרבעטערס אינעם טראַנספּאָרט־פאַך פון שטאָט. די בנים האָבן געקויפט אַן אַלטן לאַסט־אויטאָמאָביל און מיטיק־צײַט, בײַם משפּחה־טיש האָבן זיי געפּסקנט: „גענוג באַטקאַ, די לך, איצט זיץ דיר געזונטערהייט אויף דער פּריזבע, וואַרעם זיך אויף דער זון, האָדעווע עופות, קאָרמע די טויבן, רו אויס דײַנע ביינער, די אמלת, אבא".

וואָלט שוין אַלץ רעכט געווען, אַפילו די באַגראָבענע בענקשאַפט נאָך עפּעס, פון וואָס ס'ווילט זיך נישט טראַכטן, אַפילו ס'אָפּחוזקן אין שול פון זײַן עברי מצד די לצים, וואָלט אים ניט געאַרט, ווען מ'רופט אים כאָטש „רבי אברהם" און נישט „אַווראַאַם". און די קינדער טוען נאָך די דערוואַקסענע. וואָרעם — וואָס איז ער ערגער פון זײַן שכן דעם אַלטן שנײַדער, וואָס אַלע רופן נישט יאַקאָוו, נאָר „רבי יענקל". צי איז אים, אַווראַאַמען, ס'יִדישקייט נישט אָנגעקומען שווערער ווי רבי יענקלען דעם שנײַדער?

און דערצו נאָך זײַן נאַרישע אשה, וואָס מורמלט צו בייזלעך:

### ל. חיין (שמעוני)

— דוראק, שוטה דו איינער, א פויער בלײַבט א פויער ביזן סוף פון זײַן לעבן. ס׳טו געהערט, מ׳זאָל עמעצן רופן „רבי מוזשיק" — רבי פויער, ס׳טו געהערט?

# ברויט

דעם לעצטן מאָל האָט מען געזען יאַקובן דעם טרעגער טראָגן אַ ברייטן קאַסטן גלאָז, וואָס האָט געוואויגן עפּעס מער ווי 100 קילאָ. דער קאַסטן איז ברייט געלעגן אויף זײַנע אויסגעפּראַצעוועטע פּלייצעס, אַ פאַרפּעצטע שטריק דורכגעצויגן דורך אַן אײַזערנעם רינג האָט אַרומגעגאַרטלט דעם קאַסטן און אים פעסט געהאַלטן צוגעבונדן צו זײַן קאָפּ.

יאַקוב האָט לאַנגזאַם געשפּאַנט מיט זײַנע דינע אָנגעצויגענע פיס, ווי ער וואָלט געציילט אַ יעדן טריט. שווערע טראָפּנס שוויס האָבן כסדר געטריפט פון זײַן פּנים.

יאַקוב טראָגט אַזוי די משאות אויף זײַנע פּלייצעס צוגעבונדן צום קאָפּ, אַ וואָסערע פינף און דרײַסיק יאָר. ער איז אַ בקי אין אַלע גאַסן, הײַזער, געשעפטן פון שטאָט. ער קען זיי, ווי ער קען אויף אויסנווייניק זײַנע פיר תפילות, וואָס ער זאָגט טאָג אײַן טאָג אויס צו אַללאה דעם אַלמעכטיקן.

אויך אים קענען די סוחרים. זיי ווייסן, אַז אויף יאַקובן קאָן מען זיך פאַרלאָזן; ער איז נישט קיין גנב, נישט קיין באַרײַסער, ער האָט קיינמאָל צו קיינעם נישט קיין טענות, ווי קיינער האָט נישט צו אים: אַ טרעגער אַ מסתפק במועט. צו דעם אַלעמען אַ שווײַגער, נישט קיין אָפּגעריסענער ווי די איבעריקע פון זײַן פאַך. ער נעמט די משא, גאַרטלט זי אַרום מיט דער שטריק, וואָס ליגט תמיד פאַרוואָרפן איבער אַן אַקסל, ברענגט אַלץ ראַיעל און פּינקטלעך ווו מען הייסט אים. מיט אַ דאַנק און ברכה נעמט ער אָפּ ס׳געצאָלט, פאַררוקט עס ערגעץ טיף אין בוזעם

און לאָזט זיך צוריק צו זײַן שטענדיקן אָרט װאַרטן אויף אַ נײַע לאָדונג, ביז װאָס־װען, רײַכערט ער שטאַרקן בילוקן טאַבאַק. אָדער זעצט זיך אַװעק אויפן טראָטואַר שפּילן מיט אַ באַקאַנטן אין שאַשקעס.

צו אַ װײַב און קינד איז ער קײנמאָל נישט געקומען. אמת, כ׳מיט אַ צװאַנציק יאָר צוריק האָט עס שיער נישט געהאַלטן דערבײַ: אין זײַן טיפן בוזעם איז שוין געלעגן גרייט אַ קניפּל, אײַנגעװיקלט אין אַ שמאַטקע, װאָס האָט אָנגענעם געריבן ס׳לײַב. װאָסערע 25 פונטלעך װי די לאָקשן, אַן אוצר אָפּגעשפּאָרט אין 9 יאָר פון נישט דערעסן, כ׳זיך דערנערן זיך מיט ברויט און אַ ציבעלע, אַ מאָל מיט אַ צוגעלעגענער טאָמאַטע. אַ צײַט שפּעטער, טראָגנדיק אַ מאָל אַ לײַכטערע משא אויפן קאָפּ, אַ װאַליזקע פון דער באַן אָדער אַ קאָשיק פון מאַרק אין אַ קיך אַרײַן, פאַרצאַפּלט אים ס׳בלוט, ס׳האַרץ נעמט גיך קלאַפּן, ס׳װערט טונקל אין די אויגן, דאָס געהירן װערט שװער װי בלײַ און ס׳גיט זיך אים אַ דריי און אַ קיצל אין זײַן דרין אַזאַ מחיהדיקן שלאָג אַרויף אין דער הויך... פאַר די אויגן שװימט אויף כאַדזש סאַליבס שװעסטער, די דיק־לעכע אַלמנה. כאַדזש סאַליב האָט פאַר דער שװעסטער פאַרלאַנגט אַ בילוקן נדן נישט נאָר דערפאַר, װאָס זי איז געװען אַן אַלמנה, אלא אויך דערפאַר, װאָס זי האָט נישט געהאַט קײן קינדער פון איר מאַן, און זי האָט אַ ביסעלע צוגעשיקלט אויף אַן אויג. מילא: דאָס שיקלען האָט יאַקובן נישט אַזוי געאַרט, װי דער חשש, טאָמער איז זי טאַקע אַן עקרה? כאַדזש סאַליב האָט אים פאַרזיכערט, אַז די שװעסטער איז גאָט די נשמה שולדיק, מען טאָר טאַקע נישט ריידן אויף אַ שװאָגער, אַ שוכן עפר, זאָל אים פריידיק זײַן דער גן עדן, אָבער אַלע װייסן, אַז שולדיק איז ער געװען און נישט זי. צוריק גערעדט: װען ער װאָלט נישט אװעקגעפאַלן אויף דער פּעסט, װאָלט ער נאָך אפשר געהאַט קינ־דער...

האָט שוין יאַקוב משלים געװען מיט דער טענה פון כאַדזש סאַליב, װאָס איז נאָך אַלעמען געװען אַ באַגלייבטער מענטש, אלא מען האָט זיך נישט געקלאַפּט די הענט, װײַל יאַקובן האָט נאָך געפעלט צום נדן אַ גאַנצער פינפערל! אין דער אמתן האָט יאַקוב שוין במחשבה לאַנג

געלעבט מיט דער דיקלעכער אלמנה: ער פלעגט זיך פארשטעלן, ווי ער קומט אהיים פון דער ארבעט, טראגט זי אים אנטקעגן א קאלטן טרונק, א נארגילע, זי דערלאנגט אים א ריין העמד... קינדער האט ער ליב געהאט ווי ס'לעבן, — אט זייגט זיין זונעלע פון איר פולער ווייסער ברוסט; ער זעט ווי די קליינע פינגערלעך מיט די רויט־געפארבענע נעגע־לעך (מחמת עין הרע) שפילן אויף איר ווייסן לייב ווי א מוזיקאנט אויף א פלייט, און ער אליין?...

האט ער נאך וויניקער געגעסן און געשפארט די פרוטה. די מחד־שבה האט אים נישט אפגעלאזט, נישט א רגע, און ער האט איר געטראגן צוזאמען מיט די משאות אויפן קאפ און פלייצעס.

זייענדיק צעחושט פון דעם, פלעגט ער נישט איין מאל מיט דער לאסט ארויפקריכן אויף א סלופ, אויף א וואנט, אדער אנטרעטן עמעצן אויף א פוס. ווייזט אויס, אז אזעלכע מחשבות זענען שטארק זינדיק, וואר־רעם אנומלט, ווען ער האט געטראגן צוויי לאנגע רערן האט ער, חלומענ־דיק פון דער נקבה, מיט די רערן א קלאפ געטאן א הויכן באאמטן אין קאפ. צו זיין גליק האט ער אים נישט געטראפן אין די אויגן, נאר אין שטערן און אים גאר צעבלוטיקט. מיט דעם זענען אלע זיסע האפענונגען אוועק מיטן רויך אויף שטענדיק. מען האט יאקובן אוועקגעפירט אין דער פאליציי ווו מען האט אים שטארק צעשלאגן, נישט איבערצולאזן א פאדערשטן צאן אין מויל. נאך דעם האט מען אים געמשפט, צוגע־נומען ביז דער לעצטער אפגעשפארטער פרוטה מיט אלע חלומות ווען־נישט־איז צו קריגן די אלמנה פאר א ווייב, און אים נאך ארייננגעזעצט אין חד גדיא אויף לאנגע חדשים.

נאכן באפרייט ווערן איז ער צוריק אוועק אין גאס, זיך איינגע־שאפן א נייע שטריק מיט א רינג, וויטער געשלעפט קאסטנס, זעק, מיט פעק אן זינדיקע מחשבות. אמת, ס'רעדט זיך גיכער ווי מען ווערט פון זיי פטור. אויב דער קאפ האט מער נישט געטראכט פון אן אשה, האבן דאך די אויגן וויטער געקוקט. שלעפנדיק די פעק אדער קאסטנס, גע־בויגן ביז דער ערד, זעט יאקוב אן א צאל פיס, פיס און פיס — פיס פארשיידענע, שיינע און מיאוסע, מענערשע און פון פרויען, יאקוב

האָט זיך גוט אויסגעלערנט דערקענען װעמען די פּיס טראָגן — — — אָט װאַרפן זיך אים אַרײַן אין די אויגן אַזאַ פּאָר שלאַנקע הויכע, גע־טאָקטע צאַצקעס, מיט אָנגעצויגענע דינינקע זײַדענע זאָקן, װאָס רייצן אים מער װי נאַקעט װײַבערש לײַב. אַזעלכע פּיס גייען נישט, זיי טאַנצן גאָר, זיי טאַנצן נישט נאָר אין גאַנג, אַלאַ אויך יאַקובן אין די געהירן, משוגע צו װערן; טאָ גיי, זײַ אַזאַ גבור און פאַרטרײַב זיי!

נישט זײַן רצון האָט עס פאַרטריבן דעם געדאַנק פון אַ פּרוי פון יאַקובס מחשבה, ניין! פאַרטריבן האָט עס די צײַט, די יאָרן מיט די פּעק, זעק און קאַסטנס, מער נישט צו טראַכטן פון גאָרנישט.

יאַקוב האָט נישט קיין דירה װי אַלע אַנדערע פון זײַן מעמד; ער האָט נאָר אַ חזקה אויף אַ פּלאַץ אין אַ געװעלבטן אַרײַנגאַנג פון אַ געשעפט אין מאַרק, װו ער האָט בשעתו אין אַ פינצטערער נאַכט מיט אַ מעסער און נעגל אויסגעגראָבן אַ גרוב, איר אַרומגעלייגט מיט ברעט־לעך און דאָרט באַהאַלטן זײַן רכוש: — אַ יום־טובדיקע קאַפּטאָך, אַ פּאָר פאַרצערעװעטע װײַסע הויזן, אַ גראַנאַטענעם רעקל מיט צװיי קאָ־לירטע העמדער. די מערסטע צײַט פון יאָר ליגט עס איבערגעדעקט מיט אַ שװערער פּליטע, נישט צו ניצן. יאָ, אונטערן דעכל פון געשעפט ליגט זײַן שװערע דעקע פון קעמלהאָר מיט אַ קליין קישעלע פון נישט גע־קאַמטע שעפּסן־װאָל; אַ נאָדל מיט פּאָדים, אַ פּאָר קנעפּלעך, אַ קעמעלע און עטלעכע שטיקלעך ליכט טראָגט ער אין טיפן בוזים, — דאָס איז אַלץ װאָס יאַקוב פאַרמאָגט, גאָרנישט צו פאַרפעלן.

אַזוי האָט יאַקוב געלעבט לאַנגע יאָרן. געענדיקט דעם טאָג, גייט מען אין „קאַפּע" װאָס אין װינקל מאַרק. דאָרטן װאַרטן אים אָפּ עט־לעכע אַרומגעריסענע שמוציקע יינגלעך. װי געזאָגט, איז יאַקוב אַ שתקן, אָבער די קינדער פאַרשטייען אים אָן װערטער, זיי פאַרשטייען זיך אויף די קנייטשן פון זײַן פּנים, אויפן ציטער פון זײַנע ליפּן, אויפן אויסבליק פון זײַנע אויגן. קוקן די אויגן אויף די קינדער מילד און די קנייטשן ליגן גלײַך, די ליפּן האַלב אָפן, זעצן זיך די קינדער אויס בײַ דער װאַנט און יאַקוב נעמט אַרויס פון בוזעם שטיקלעך פּלעצל, פּעפּער־קניידלעך, אַ מאָל אַ רעטעכל, אַ ציבעלע, אַן אוגערקע, זוכט אַרויס פון

הויזן־גאַרטל זײַן מעסער, מאַכט אים פּאַמעלעך אויף, צעשנײַדט אַלץ אויף גלײַכע חלקים און צעטיילט עס די הונגעריקע קינדער. פאַר זיך לאָזט ער נישט קיין גרעסערן חלק. זומער אין די היצן, איז געגוג אַ ווונק: די יִנגלעך ווייסן שוין, אַז עמעצער פון זיי דאַרף מיט אים מיטגיין ערגעץ צו אַ קאַסטן אָדער אַ פעסל, וווּ ס׳ליגן באַהאַלטן אַ פּאָר שווערע זיס־זאַפטיקע קאַווענעס, וואָס ער האָט באַקומען ווי אַ טייל שכר פאַר העלפן אָפּלאָדן אַ וואָגן פון אָט דער מחיה נפשותדיקער סחורה. די קאַווענעס ווערן נאָך דעם צעשניטן אויף גלײַך, יעדערן זײַן חלק. גוט מיטן קליינוואַרג!

אין די ימים־טובים זענען די געשעפטן געשלאָסן, זומער־צײַט גייט מען זיך באָדן אין ים; שלעכט איז נאָר ווינטער, ס׳איז נאַס און קאַלט, מען גנבעט זיך אַרײַן איינציקווײַז אין אַ „קאַפע" און מ׳זיצט אַזוי לאַנג, ביז די בייזע משרתים טרײַבן אַרויס.

ס׳מאַכן זיך טעג און וואָכן, ווען יאַקוב קומט צו די קינדער אין די פאַרנאַכטן מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, די אויגן צו דער ערד. עס שווייגט די חברה, מען זעצט זיך אויס, אָן ווערטער, אויף דער ערד, פּאַזע אַ וואַנט און מ׳וואַרט ביז דער מאַרק גייט שלאָפן; דעמאָלט לאָזט זיך יאַקוב מיט דער חברה אַרום די שפּײַז־קראָמען אויפזוכן אַ פאַר־לוירענע טאָמאַטע, אַ פאַרלעגן רעטעכל וכדומה; אַ מאָל געפינט מען אויך אַ שטיקל פלעצל. שפּעטער גייען זיי אין די קאַבאַקלעך זיך אָנבאָטן צו שײַערן די קופּערנע קעסלען צום מאָרגנדיקן זופּ, אָנטראָגן וואַסער. פאַר דעם קריגט מען עפּעס פון די שיריים צו שטילן דעם הונגער.

אַ מאָל האָט יאַקוב געמאַכט אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, וואָס האָט משפּיע געווען אויף אים אויף אַזויפיל, אַז ער האָט גענומען צוזינגען, פײַפן און שפּילן אין שאַשקעס.

וואָס האָט יאַקוב אַנטדעקט? — אין דער הויך, אויפן שפּוע פון כרמל, אינעם יִדישן קוואַרטאַל, ווו ס׳שטייען שיינע הײַזער, ביימער און בלומען גערטלעך אַרום, געפינט זיך אַ גרויסער פּלאַץ מיט אַ געבײַדע אין מיטן — אַ שולע, ווו אַ סך קינדער לערנען. יאַקוב האָט באַמערקט, ווי טייל קינדער טוען אָפּ משונהדיקע זאַכן: אַז קיינער זעט

נישט, ווארפן זיי אוועק פעקלעך עסנווארג אין די קוסטעם ביים גדר פון שול־הויף, א מאל ווייסן ברויט מיט איינגעמאכטס, א גאנצע זעמל, א מאל א פרוכט, וואס אזוינס זעט יאקוב נאר אין די וויטרינעס פון רייכע קראמען.

— נישט שטראפן זאל זיי אללאה פאר אזא זינד! — קוועטשט יאקוב מיט די פלייצעס, נישט צו באנעמען ווי אזוי מען ווארפט אוועק אזא טייער עסן. א יעדן טאג קלייבט ער צונויף א שפאר פעקל אכילה, ברענגט עס פארנאכט אין מארק פאר די קינדער. און קליינווארג שטוינט. ס'איז א גאנצער יום־טוב!

איז א שווערער הארבסט געקומען, שמייסיקע רעגנס מיט קעלטן האבן מרה שחורה געטריבן; ס'לויפן טעג מיט וואכן, זעלטן ווען יאקוב האט ארבעט. ס'האבן זיך אראפגעלאזן אין שטאט פעלאכן פון די בערג, פון די דערפער זוכן ארבעט. געקומען אין טויטן סעזאן. זיי כאפן אלץ פון די הענט און טוען אלץ האלב אומזיסט. ס'שפילן זיך אפ ביטערע געשלעגן, אבער קיין ארבעט איז נישטא.

יאקוב האט זיך דעמאלט גענערט מיטן לקט פונעם שול־הויף, מיט וואס ער האט זיך ווי שטענדיק געטיילט מיט די קינדער, אלא ווען די יידן האבן גענומען צינדן אין די אוונטן ליכטלעך אין די פענצטער, האבן די קינדער אויפגעהערט גיין אין שול. יאקוב מיט זיין יונגער חברה האט זיך דערפאר געמוזט נערן מיטן צונויפגעקליבענעם אפפאל וואס ארום די שפייז־קראמען.

אין איינעם אזא חנוכה־טאג, האט יאקובן געטראפן א באקאנטער סוחר, וואס האט אים אנגעבאטן צוטראגן א שווערן קאסטן גלאז אין א געשעפט פון יידישן געגנט. אין סקלאד פונעם סוחר האט מען אים אנגעלאדן דעם קאסטן אויף די פלייצעס, ארומגענומען מיט א שטריק, וואס ער האט צוגעבונדן צום שטערן. אזוי איז יאקוב אוועק פאמעלעך, טריט ביי טריט מיט דער לאסט, וואס האט אים געדריקט צו דער ערד. די נאכט פריער האט זיך יאקוב געפילט שלעכט, ער איז ווייניק געשלאפן, ס'האט אים געווארפן אין היץ און קעלט. איצט מיט דער משא אויף די פלייצעס, האט אים געבראכן אין די ביינער, דער קאסטן האט

געריבן ס׳לײַב און דער שטערן האָט ווי געהאַלטן בײַם פּלאַצן אונטער דער שפּאַנונג פון דער פאַרפּעטסטער שטריק. מיט צרות האָט ער ארויפ־געשפּאַנט באַרג־אַרויף. לויט די פונדאַמענטן און פאַרקאַנעס האָט ער דערזען, אַז ער געפינט זיך בײַם טויער פונעם שול־הויף. צו זײַן גרויסער איבעררעשונג, האָט ער פאַרנומען אַ קינדערשן טומל און פרייליכע געשרייען: — „עט, די קינדער גייען ווידער לערנען״!

יאַקוב האָט אויפגעלויכטן פון דער מחשבה, אַז ער מיט זײַן יונגער חברה וועלן מער נישט דאַרפן אַזוי ביטער הונגערן. פון דעם האָבן די ביינער אויפגעהערט ברעכן, די משא איז לײַכטער געוואָרן און ער איז ווי אָנגעקוואָלן געוואָרן מיט פרישע כוחות.

אַ דערמונטערטער איז ער אַוועק אַ פּאָר צענדליק טריט פאָרויס און זײַנע רויטלעכע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן האָבן דערזען בײַ אַ קוסט אַ שטיק ברויט באַשמירט מיט אײַנגעמאַכטס. אַ ברייטער שמייכל האָט זיך אויסגעלייגט איבער יאַקובס פּנים, ער האָט אָנגעקוואָלן מיט פרייד: „אַ גוטער אָנהייב, אַ מזלדיקער טאָג״!

לכתחילה האָט ער געמיינט אָפּליפערן דעם קאַסטן גלאָז, און נאָך דעם צוריקגיין אויפהייבן דאָס שטיק ברויט, אָבער מיטאַמאָל דערזעט ער אַרומדרייען בײַם טויער אַ מאָגערן הונט מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם וויידל. ס׳איז אים ווידער שווער געוואָרן די לאַסט, זײַן קערפּער האָט זיך באַדעקט מיט אַ שווייס, ווי בײַנאַכט בעתן פיבערן. צו דעם איז ראַפּטעם געוואָרן טונקל אין דרויסן, ווי טויזנטער וועגנער אויף אַ שפּיציקן ברוק האָבן גענומען ליאַרעמען דונערן, בליצן האָבן געשניטן די לופט ווי מיט פײַערדיקע שטערן. אָט וועט באַלד רעגענען, ס׳ברויט וועט ווערן נאַס, אָדער דער הונט וועט עס אויפפרעסן...

וואָס טוט מען? ווי בייגט מען זיך אַראָפּ, נישט אײַנצושטעלן דעם קאַסטן גלאָז, אים נישט צו צעברעכן, ווי?

און אָט רעגנט שוין, נישטאָ קיין צײַט צו טראַכטן.

— נגע, — באַשליסט יאַקוב אָן שחיות, — אַזאַ פײַן שטיק ברויט מיט אײַנגעמאַכטס. אַ תאוה!

ער פאַרמאַכט די אויגן אויף אַ רגע, דערזעט פאַר זיך די פאַרגאַפטע

הונגעריקע קינדער, ווידער זײַן אינגעווייד האָט אויך גענומען זינגען און ס׳מויל איז פול געוואָרן מיט שפּײַעכץ.

„אַזאַ פײַן שטיק ברויט... ניין, ער וועט עס נישט מפקיר זיין״!

יאַקוב האָט זיך גענומען בייגן פּאַמעלעך, פּאַוואָלינקע, אָט, אָט האָט ער עס, אָט, אָט... נאָך אַ קאַפּעטשקע נידעריקער, אַ טראָפּעלע... מיטאַמאָל האָט דער שטערן אַ קרעכץ געטאָן אונטער דער שפּאַנונג פון דער צוגעבונדענער שטריק, ס׳האָט אים אַ פּײַער אַ שניט געטאָן אין די געהירן; ער האָט זיך אַזוי האַלב איבערגעבראָכן אַ וואַקל געטאָן, און דער שווערער קאַסטן גלאָז האָט איבערגעדעקט יאַקובן צוזאַמען מיטן שטיקל ברויט דעם אָנגעשמירטן — — —

יענעם אָוונט האָבן די הונגעריקע קינדער לאַנג געוואַרט אויף יאַקובן און ווינקל מאַרק. שפּעטער האָבן זיי אים אַרומגעזוכט אין אַלע אַרומיקע קאַפּעען און נישט געפונען. זיי זענען נאָך אַוועק וואַרטן אין געוועלבטן אַרײַנגאַנג, ווו יאַקוב פלעגט שלאָפן. ער איז אָבער נישט גע־קומען. זיי האָבן זיך נישט דערוואַרט.

# תכלית

ווען אין דער סאראיא (רעגירונגס־הויז) איז נאָך געווען דער אַלטער גוטער סדר, האָט אבו כאמודא אויסבאַהאַלטן זײַן עלטער טיף אינעם ים פֿאַלדן און קנייטשן פֿון די ברייטע פֿאַנטאַלאָנעס, אינעם רחבות פֿון זײַן אַלטן קאַפֿטאַן. דאָס פּנים פֿלעגט ער אַ יעדן באַגינען גלאַט־רײַן אָפּגאָלן, די שטאָלצע וואָנצעס צופֿארבן מיט אַ צאָן־בערשטל, און דעם תּרבוש לאָזן פּרעסן יעדער ראש חודש בײַ נאַדזשי דעם פֿאַריקמאַכער פֿון אַלטן מאַרק.

עס פֿלעגט אבו כאמודא שטאָלץ שפּאַנען אין דער סאראיא פֿון צימער צו צימער, פֿון טיש צו טיש. ער האָט געקענט זײַנע פּקידים און זײַנע פּקידים האָבן אים געקענט. פֿאַר די 44 יאָר, וואָס ער האָט געדינט אין דער סאראיא האָט ער אויסגעלערנט די שפּראַך פֿון די האַנט־גלעקלעך און זיצנדיק אויף זײַן אויסגעבעטער קעסטל אין ווינקל פֿון קאָרידאָר בײַ אַ דרימל, פֿלעגט ער בײַ יעדן קלונג אויפֿשפּרינגען, און גיין נאָכן קלונג ווו ער איז נייטיק געווען. ער פֿלעגט אָנציִען ס׳פּנים אַ וויש ־ טאָן די וואָנצעס, געלאָסן ווישן מיט די פֿינגער און פֿאַרשטיין, אַז דער קלונג מיינט טינט, — נעמט ער דעם לײמענעם קרוג טינט און שווימט אַרײַן מיט אַ פֿאַרנייגע אין צימער; אַן אַנדער קלונג מיינט קאַווע — לויפֿט ער צו צו די קוילן אויפֿן פֿײַער־טאָפּ, נעמט אַראָפּ דעם קופּערנעם קריגל און פֿילט אָן אַ טעפּעלע שוואַרצע שמעקעדיקייט און דערלאַנגט עס ווען מען צוזאַמען מען דאַרף צוזאַמען מיט אַלע נייטיקע ברכות. בעת ס׳קלינגען עטלעכע גלעקלעך מיט אַ מאָל, ווייסט ער אָן דיבורים צו גיין פֿון צימער צו צימער, פֿון טיש צו טיש, אויסגלײַכן זײַן פֿולן גוף, געבן אַ דרך־ארץ הוסטעלע, צונויפֿנעמען די ברייוו און שטיל ווי אַ שאָטן, אויף

די שפּיץ פינגער, זיך אַרויסשלייכן, און נאָך שטילער מיט ערפּרוכט, מיט אַ פאַרנייג ביז צו דער ערד, עס דערלאַנגען דעם „באַשקאַטעב״ (עלטסטן פּקיד) צום חתמענען, און צוריקטראָגן איבער די זעלבע צי־מערן, ווי ער האָט זיי גענומען.

געוואוינט אין אַ ירושה־שטיבל אויפן ברעג ים נישט ווײַט פונעם לײַכט־טורעם, — פלעגט ער נאָך דער אַרבעט מוזן פאַרבײַגיין אַ האַלבע שטאָט. אַלע האָבן אים געקענט און צוגעטיילט כבוד ביד רחבה. פול מיט ווירדע פלעגט אַזוי אַלע יאָרן אבו כאמודא גיין אַהיים, און מענטשן פלעגן לויט זײַן גאַנג אָנשטעלן זייערע זייגערס. אבו כאמודא האָט קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקט, נישט פון און נישט צו דער ווערדיקער סאַראַיאַ. האָט זיך געדאַרפט אָפּשפּילן אַ מלחמה: די טערקן פאַרטריבן פון פּאַלעסטין, די אינגליז האָבן איבערגענומען די מאַכט און איינגעפירט זייערע פרענדזשישע סדרים אין דער אַלטער סאַראַיאַ. וואָלט נאָך בדרך כלל געוועזן אויסצוהאַלטן, ווען נישט די נײַע אומגליקלעכע גלעקלעך, אַ מיתה משונה אויף זיי מיט זייערע נײַיקייטן! — שטעלט אײַך פאָר: אַלע גוטע האַנט־גלעקלעך אַרויסגעוואָרפן, צוגעפעסטיקט קנעפּלעך צו די טישן, אַזאַ פאַרטרעט מיט נומערלעך אונטער אַ גלאָז האָט מען אויפגעהאָנגען אין היימלעכן קאָרידאָר אויפן וואַנט. אַ קוועטש אין קנעפּל ערגעץ אויף אַ טיש, נישט צו הערן קיין קלונג נאָר אַ זשומען ווי פון אַ ווילדער פליג, און אונטערן גלאָז שפּרינגט אַרויס אַ נומער — אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן, די אינגליז מיט זייערע המצאות!

פריִער האָט אַ יעדער גלעקל געהאַט זײַן קלונג; ס'איז ווי אַ מענטש האָט זײַן קול. איצט איז נישט צו אונטערשיידן דאָס זשומען פון איין פאַרשאָלטענעם קנעפּל צום צווייטן. אַן אומגליק! — אבו כאמודא ווייס נישט דעם סוד פון נומער, ער קען נישט די שפּראַך פון די אינגליזישע כופרים...

נייעף אל כאננא עפענדי, אַ ווײַטער קרוב פון אבא כאמודא, שרײַבט אין צײַטונגען און קען יאָ לייענען די אינגליזישע נומערלעך, ימח שמם, האָט פינף וואָכן לאַנג געשוויצט, געשריִען און זיך געבייזערט אויף זײַן אַלטן בכבודיקן קרוב; ער האָט זיך באַמיט אים צו אָנט־

פּלעקן דעם סוד פון די ציפערלעך, אָבער אומזיסט. ווי אַלאַה וואָלט בײַ אבו כאמודען אָפּגענומען דעם שכל מיטן זכרון צוזאַמען. ער האָט גערודלדיק געפּרוּווט מיט גוטן, מיט מוסר — ס׳איז נישט געגאַנגען. ס׳נישט אויסצולערנען אַן איינציקן נומערל, שלעכט!

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן זײַן גהינום אויף דער וועלט נאָך פאַרן לעבן: ס׳נעמען זשומען די גלעקלעך, ס׳שפּרינגען אַרויס הינטערן גלאָז נומערלעך — אבו כאמודא לויפט פון צימער צו צימער. רופט מען אין „5", לויפט ער אין „2", רופט דער „4", לויפט ער אין „7". אַן אומגליק! אַן איבערקערעניש אין דער סאַראַיא. די עלטערע פּקידים זענען בייז, ברומען זיי כאָטש אין דער שטיל מחמת רחמנות, בעת די יונגע, די נײַע פּריצימלעך, וואָס די אינגליז האָבן אַרײַנגעבראַכט אין דער סאַראַיא, קערן וועלטן און זידלען זיך אָן בושה; דאָס ערגסטע איז בעת דער באַשקאַטעב אַליין קלינגט 3-4 מאָל נאָכאַנאַנד און אבו כאמודא שלאָגט זיך איבער אַלע צימערן, נישט צו טרעפן, אַז דער מ׳אַלעם (לערער, עלטסטער) אַליין רופט!

במשך אַ קורצער צײַט האָט אבו כאמודא רעזיגנירט, זיך אָפּגע־לאָזן, אויפגעהערט גאָלן אַלע טאָג ווי פריִער, די קרוין פון קאָפּ, דעם תרבוש, אפשר דרײַ חדשים נישט געפּרעסט, דער קאַפטאַן שמוציקלעך, די שטענדיק גלאַט געלייגטע פאַלדן פון די ברייטע גראַנאַטענע פאַנטאַ־לאָנעם צעקנייטשט, די שיך נישט געפּוצט מיט יודע ווי לאַנג, דאָס פּנים חושך און פאַרשוויצט. צום אומגליק האָט אים נאָך גענומען ציטערן די רעכטע האַנט: גיסט ער טינט, לויפט עס אַריבער איבער די ברעגעס, דאָס זעלביקע מיט דער קאַווע, שלעכט.

שווערע צײַטן געקומען. די גאַנצע גאַס ווייס שוין פון זײַן אומ־גליק, שאָקלט מען צו מיט מיטלײַד מיט די קעפּ. מיט דעם האָבן נאָך די אינגליז נישט פאַרענדיקט זייערע חידושים אין דער סאַראַיא, ניין! ס׳האָט זיך אָנגערוקט אַ נייע גזרה. די אינגליז האָבן באַפוילן אַז אבי כאמודא מוז בײַ דער אַרבעט טראָגן ספּעציעלע בגדי מלכות, אַן אוני־פאָרם, ווי ס׳פירט זיך אין זייער לאַנד: אַ פּאָר שמאָלע פּרענדזשי הויזן, אַזוי ווי זיי, אָדער ווי די יהוד טראָגן, און אַנשטאָט דעם רחבותדיקן

קאַפּטאַן מיטן תרבוש, — אַ געפּאַסטן מונדיר מיט מעשענע קנעפּ און אַ קאַלפּאַק, אַזאַ באַראַשקענע הויכע היטל מיט אַ שליץ פון דער זײַט.

...יענע נאַכט האָט אבו כאַמודא אַן אויג נישט צוגעמאַכט. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זײַט אויף דער צווייטער, קוים צו דערלעבן דעם טאָג. מיט מאַטערניש האָט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך די נײַע ווילדע בגדים (אין זייער גאָט און גלויבן, די פאַרשאָלטענע אינגליז), מיט דער בושה פון אַן אדם נאַקעטן מענטשן האָט ער זיך באַגינען אַרויסגעשאַרט פון דער היים צו דער סאַראיא. געווען נאָך דאָרטן אַזוי פרי, טיר און טויער געווען געשלאָסן, איז אבו כאַמודא אַ געבראָכענער געבליבן שטיין בײַם אַרײַנגאַנג, פאַרזונקען אין ביטערע מחשבות נישט צו פילן ווי די צײַט גייט. צו זיך האָבן אים געבראַכט די ערשטע „גוט מאָרגנס״ פון די עלטערע פקידים, וואָס ווייסן זײַן אומגליק. ווער פון זיי עם האָט שטיל אָפּגעווישט אַ טרער, און ווער עס האָט אים גוטמוטיק געקלאַפּט אין פּלייצע:

— יאָ, אבו כאַמודא, נעם זיך נישט איבער אַזוי, וועסט זיך צוגע־וואוינען... נײַע צײַטן, נײַע מנהגים. ערגער זיך נישט, יאָ, אחי...

ביטער איז געווען מיט די יונגע נײַע פריצימלעך, די וואָס האָבן נישט „קיין גאָט, נישט קיין גלויבן, נישט קיין דרך ארץ. דוכט זיך, יונגע בני ערב, און ערגער ווי פרעמדע״.

זיי האָבן זיך ווי פּראָים מיט חוזק און אויסרופן געוואָרפן אויפן אײַנגעבראָכענעם זקן:

— אבו כאַמודא, יאָ, אבו כאַמודא! קוק דיך אָן אין אַ שפּיגל ווי שיין דו ביסט געוואָרן. אַן אמתער אינגליז, בחיית אַללאה, אַ ריכטיקער גענעראַל!

ס'איז אים פינצטער געוואָרן די וועלט. דער טאָג האָט זיך געצויגן ווי אַ יאָר, דאָס נײַע היטל איז געלעגן ווי אַ שטיין אויפן קאָפּ, דער ענגער ראָק האָט געוואָרגן ווי אַן אײַזערנע רייף אַרום גוף, הײַנט די שמאָלע הויזן, אוי, די הויזן... ענדלעך האָט געקלונגען די לעצטע נאָכ־מיטיק־שעה. איצט האָבן זיך אַלע געאײַלט אין די היימען און האָבן פאַרגעסן אָדער פאַרקוקט דעם אַלטן, וואָס איז צום ערשטן מאָל זינט

## תכלית

זײַן לאַנגן דינסט, נישט געשטאַנען ווי שטענדיק בײַם אַרויסגאַנג מיט זײַן הכנעה, מיט זײַן גוטמוט און געוואַרט ביז דער לעצטער וועט אַרויס פֿון דער סאַראַיאַ. איל חמדי אַללאַה — גאָט צו דאַנקען, האָט אַבו כאַ־מודאַ פֿרײַ אָפּגעאָטעמט. איצט האָט ער אָפּגעקנעפּלט דעם ראָק, אַראָפּ־געוואָרפֿן דאָס נבזהדיקע היטל, אָנגעטאָן די ווײַסע הײמישע קעפֿקעלע, נישט צו בלײַבן בגילוי ראש און מיט די ציטערנדיקע הענט גענומען צורוימען די צימערן פֿון דער סאַראַיאַ. ער האָט זיך באַמיט, אַז די אַרבעט זאָל דויערן וואָס לענגער, כדי אין דער טונקל צו גיין אַהיים, די גאַס זאָל נישט זען זײַן פֿינצטערע בושה.

יענעם טאָג האָט די גאַנצע שטאָט גערעדט פֿון אַבו כאַמודאַס או־ניפֿאָרם. נײַגעריקע לײדיקגײערס האָבן מיט אומגעדולד אָפּגעוואַרט זײַן צוריקקער אַהיים, כדי מיט די אײגענע אויגן אָנצוקוקן דעם משונהדיקן אוניפֿאָרם.

אָט־אָט גייט ער אײַנגעבראָכן מיט אַראָפּגעלאָזענע ציטערדיקע הענט, אָט הייבט ער אויף אַ האַנט און לויפֿט מיט איר אַריבער די פֿאַרקנעפּלטע מעשענע קנעפּלעך, — אָט פֿאַלט זי אַראָפּ ווי אַ שטיין.

— סאַלעם אַלייקום, יאַ אַבו כאַמודאַ... אַלייקום סאַלאַמי — יאַ כאַלי!... (פֿעטער) שטעכן אים די ברכות ווי מעסערס. ס'ווילט זיך אים אַנטרינען, לויפֿן וואָס גיכער, אַלאַ ווי קען ער לויפֿן מיט אַזעלכע שמאָלע הייזעלעך. ווי? ס'פֿאַרכאַפּט אים דער אָטעם, ס'פֿעלט אים מיטאַמאָל אויס לופֿט צום אָטעמען, ער בלײַבט אַ רגע שטיין מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וואָלט געזוכט אַן אָנלען. אָט גיט ער זיך אַ וואַקל ווי אַן אונטערגעהאַקטער בוים, אַהער — אַהין און פֿאַלט אַנידער אין זײַן גאַנצער לענג אויפֿן ברוק פֿון גאַס.

לאַנג האָט מען אים געמינטערט ביז ער איז אַ ביסל צו זיך געקומען. מען האָט אים געבראַכט אַהיים, בלוט געלאָזן, פּיאַווקעס געשטעלט צום קאַרק, געהיילט מיט קאַלטס און מיט וואַרעמס, מיט די בעסטע קרײַ־טעכצער, אַפֿילו אַ דאָקטער געבראַכט, ס'האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. אַבו כאַמודאַ איז נאָכן פֿאַל געבליבן געליימט אויף אַ האַלבן גוף.

לכתחילה האָט מען אים נאָך עטלעכע חדשים אויסגעצאָלט זײַן

געהאַלט, נאָך דעם האָט מען אויפגעהערט. שפּעטער פלעגן נאָך די על־טערע פּקידים פון דער סאַראַיא בײַם אויסצאָלן דעם שכר צווישן זיך מאַכן אַ פּאָר פונטלעך און עס ברענגען דעם קראַנקן אַהיים. האָט עס לאַנג נישט אָנגעהאַלטן, האָבן נאָך אַלעמען די ווײַטערע און נאָענטערע קרובים מיט עפּעס צוגעהאָלפן ביז דאָס האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט.

צום סוף האָט מען אים נאָך געזען זיצן בײַם שוועל פון מעטשעט מיט אַ בלעכענער שיסעלע אין דער ציטערנדיקער, נישט־פּאַראַליזירטער האַנט, אַ פאַרגאַוועהרטן, אַ שמוציקן אין נײַעם אָפּגעשפּילעטן ראָק (די שיינע מעשענע קנעפּלעך האָבן אים אַרויסגעריסן די גאַסן־ייִנגלעך). ער איז נאָך דאָרטן געזעסן אַ שטיקל צײַט, ווי ער איז אָפּגעזעסן איבער פיר צענדליק יאָרעלעך אין קאָרידאָר פון דער סאַראַיא, ביז איין מאָל האָט ער זיך פלוצים אויפגעשטעלט, דאָס שיסעלע מיט די עטלעכע פּרוטות איז אים אַרויסגעפאַלן פון האַנט, ער האָט פאַר זיך אַ זאָג געטאָן:

„אַללאַה, יאַ אַללאַה"... און האָט זיך אַראָפּגעקײַקלט פון מעטשעט־טרעפּל, מער נישט אויפצושטיין.

# וואַסער

ס׳זענען אַוועק אַכט מעת־לעת, און דער אָנגעגליטער חמסין לאָזט
נישט נאָך נישט אויף אַ רגע, אַפילו נישט אין די נעכט. די אָפּגעשניטענע
תבואה־פעלדער פונעם טאָל יזרעאַל, וואָס זענען געוויינלעך צוזעט אָנגע־
טרונקען פונעם צונויפגעבראַכטן וואַסער פון אַלע קוואַלן און ברונעמער
און פונעם געדיכטן טוי — האָבן אָנגעהויבן שמאַכטן פון דורשט און זיך
שפּאַלטן פון טריקעניש. זייער אויבערפלאַך זעט אויס ווי נאָך אַן ערד־
ציטערניש, דער הימל איז פונעם בלייַ־קאָליר, די לופט — גרוי און שטויִ־
ביק. די פעט־לייַביקע מילך־קי ליגן אויף אַלע פיר ווי אין געבורט־ווייען,
כ׳איז זיי דערעסן דאָס אָנסופיקע אַוועקווידלען די זלידנע פליגן און
שטעכעדיקן באַרכאַש — די מיאוסע פּיטשינקע ברואים, וואָס נאָגן
ס׳בלוט און רייַסן די נערוון מיט זייער זשומען. פייגל האָבן אויפגעהערט
זינגען. זיי טוליען זיך צו די שאָטן־זייַטן פון שטיינער און ביימער, מיט
טרוקענע אָפענע שנעבעלעך טרינקען זיי די אָנגעגליטע לופט און דער
באַרכאַש פרעסט זיי לעבעדיקערהייט. סטאַדעס שעפּסן גיסן זיך צונויף
מיטן קאָליר פון דער ערד אין מרוקעדיקע מאַסיוון, באַהאַלטן אויס די
קעפּ איינער אונטער דעם צווייטנס וואָגיקע ווײַדלען. קוקסטו אָן דעם
לעבעדיקן מאַסיוו, זעסטו נישט ווי יעדער שעפּס אָטעמט פאַר
זיך, אַלא אַלע אָטעמען צוזאַמען, בציבור. אונטער דער סטאַדע ליגן
מידע, פאַרחלשטע די הינט. און דער באַברילטער פּ אַ ס ט ו ך
י אָ ס ק ע אין אַ טעמבעל־היטל זיצט גאָר פאַרטיפט אין
אַ צעקנאָדערטן בוך, גלייַך דער גאַנצער אַרום וואָלט אים נישט אָנגיין,
**כאָטש זיין גאַנצער יש, ס׳גאַנץ לייב און לעבן, איז צוגעשפּיצט צו דער**
סטאַדע. די סאָסנע־וועלדלעך אויף די שפּועים פון די בערג פון נצרת

גרינען פאַרגליווערטע און שפּרייטן די איידעלע ריחות פון זייערע בשמים, און דער שוואַרץ־גלאַנציקער כביש, וואָס טיילט אָפּ דעם וואַלד פון די אונטערשטע פעלדער, זעט אויס ווי ער וואָלט זיך שמעלצן פון חמימה; זעלטן ווו מען זעט אַ לעבעדיקן מענטשן אין פעלד. אין אַזעלכע טעג כאַפּט מען אַריין די אַרבעט: אַביסל פון זונען־אויפגאַנג ביז שחרית, נאָך דעם פון מנחה ביז שקיעה; די איבעריקע צײַט פאַרברענגט מען אין די הויפן בײַ די שטאַלן און סעדער, בײַם באַשנײַדן די פרוכט־ביימער, בײַם רוימען די געהעפטן, אָדער בײַם באַשפּריצן די אָנגעגליטע זילבער־קאָליריקע, געקאַרבטע בלעך־דעכער פון די הינער־שטײַגן, כדי אָפּצוקילן די ברוגזע מידע עופות, וואָס צופּן מיט רציחה איינע דער צווייטנס פעדערן פון די פעטע הינטנס צוזאַמען מיטן שמאַלציקן ראָזלעכן לייב.

דער גלאָק פון קיבוץ תמרה, וואָס ליגט באַהאַלטן אין אַ רינג עקואַליפּטוסן אין דער סביבה פון באַרג תבור רופט צו מיטיק. בדרך־כלל זאַמלען זיך די מענטשן צו די מאָלצײַטן פאַרן קלינגען, וואָרעם די מחיהדיקע ריחות פון געפּרעגלעכץ אין קיך רייצן און קיצלען די אַפּעטיטן אַ צײַט פריִער; אָבער אין דער גנדיכטער חמימה פון חמסין פאַרגייט דער חשק צום עסן. די אַפּעטיטלעכע וואַרעמקייט פון די טעפּ דרינגט נישט אַרויס פון קיך אין דרויסן, זי בלײַבט אינעווייניק אויס־געמישט מיטן דאַמף, בעת די קיך־מענטשן הערן נישט אויף ווישן דעם שוויים מיט די פאַרטעכער, מיט די אַרבל; די קיך־מענטשן זײַנען אין אַזעלכע טעג פּטור פון די להוטע היימישע בעל־תאווהניקעס, וואָס כאַפּן זיך אַריין אַ שנאָר טאָן פון דער אכילה איידער זי ווערט פאַרטיק. ס'עפּן ווערט אָן אײַלעניש פאַרטיילט אין גרעסערע אַלומיניום וואַזעס און טאַצן צעשטעלטע אויף צוויי־גאָרנדיקע וועגעלעך. פויגל־נאַשערס לאָזן זיך אַ גנבע, אַ פּיק טאָן, פון די „מעדני מלכים״ און אַנטלויפן מיט אַ צוויטשער מיט אָפּגעבריטע שנעבעלעך. די טויבן וואָרקען צאַרטע ניגונים אונטער די קאַרניזן פון די פענצטער, און די היימישע קבוצה־הינט דרייען זיך אַרום אומגעדולדיק בײַ די קיך־טירן אָפּוואַרטנדיק די

שיריים — איז אָבער הײַנט אַ חמסין, אַלץ איז מיד און שלעפעריק, קלינגט דער גלאָק און ס'רירט זיך קיינער נישט...

אין יענעם חמסין־טאָג, האָט מען געזען אין תמרה ווי נחמה שטייט פאַרגליווערט בײַם טויער, אויסגעצויגן ווי אַ ציפּרעס, באַקרוינט מיט אירע פּעך־שוואַרצע צעפּ אַרומגעדרייטע אַרום קאָפּ אויסגעפלאָכטן ווי היימישע שבת־חלה. נחמה שטייט און קוקט אויף די סערפּענטינעס פון כביש וואָס שלענגלען זיך העט גאָר ווײַט אַראָפּ און אַרויף פון נצרת ביזן זאַמדיקן שטעג, וואָס פירט צום באַרג תבור. די קיבוץ־מענטשן ווייסן, אַז נחמה איז פאַראומערט, זי קוקט אויס יגאלן, וואָס איז מיט אַ שפּראָץ אויפן טאָג אַוועק אין שטאָט צו מומחים געאָלאָגן זיך באַראַטן צום הונדערטסטן מאָל וועגן וואַסער, וואָס פעלט אין תמרה. אַ קיבוץ איז שוין דאָס דריטע יאָר דורשטיק. לײַדט און מאַטערט זיך מיט דער שטרענגסטער צנע אויף וואַסער. נישטאָ צום טרינקען פאַרן מענטש און בעל־חי, שוין אָפּגערעדט פון די טרוקענע פעלדער. דרײַ טויזנט דונאַם טײַערער באָדן שפּרייט זיך אַרום בערגל פון קיבוץ.

ווי זאָגט נטע דער פלחעניק: ערד? — גאָלד, פוטער קעז און האָניק, וואָס ווערט באַלאָדן מיט אַ שפע תבואה נאָר ווינטער, בעת (ווי נטע חזרט איבער אין תנ"ך־לשון: „וארובות השמים נפתחו"), די אוצרות פון הימל עפענען זיך.

אַמאָל, דער קיבוץ איז נאָך געווען ערד־הונגעריק, האָט מען נישט געטראַכט און נישט געמאַכט די מינדסטע חשבונות להבא: יאָ וואַסער, נישט וואַסער — דער עיקר איז ערד, קרקע.

דער „גרעין" פון תמרה, די פּאָר צענדליק יונגע בחורים מיט מיידלעך איז נמאס געוואָרן ס'וואַנדערן פון איין אָרט צום צווייטן צוזאַמען מיט זייערע מטלטלים אויף „הכשרה".

ס'איז געווען פריידיק און ניחא אַרויפצוציִין אויפן בערגל וואָס הייסט הײַנט „תמרה" צוליב די פּאָר פאַרריסענע טייטל־ביימער, וואָס האָבן זיך דאָרטן פאַרוואָרלאָזטע געשטרעקט צום הימל.

חברה האָט אויפגעשלאָגן די געצעלטן, מיט ציין און נעגל זיך אײַנגעביסן אין דער פאַרשטיינערטער קרקע. ווער האָט גאָר געטראַכט

פון וואסער? מומחים האָבן לכתחילה געוואָרנט: „חברה, איר וועט דאָ חוץ תבואה גאָרנישט קענען האָבן. וואסער איז קנאַפּ, צוריקגערעדט, איז תבואה אויך אַ סחורה, אָבער איר האָט צו קנאַפּ ערד. וועט איר זומער נאָכן אָסיף גיין צוארבעטן אין „עפּולעווקע" (עפולה) און אין די נאָענטע קאָלאָניעס, איר ט'מאכן אַ לעבן אָבער אַ שווערס, אַ געמאַטערט לעבן", האָט יגאל, דער מזכיר פון גרעין, אַ שאָקל געטאָן מיט דער טשופּרינע: „מסכים"! און נטע פּלחעניק איז גאָר געוועזן אין זיבעטן הימל. ער האָט בעת מעשה איבערדעקלאַמירט איינעם אַזאַ רעדנערס פּסוק: „דער חלום פון דורות ווערט אַ שטיק וואָר". די בחורים און מיידלעך האָבן שוין פון לאַנג — ווער בפּועל און ווער אין געדאַנק — צוגעקליבן יעדערער זײַן זיווג און מידע פון וואַגלעניש איז מען מיט שמחה און התלהבות אַרויף אויפן באָדן. פון די געלטן זענען מיט דער צײַט אויסגעוואַקסן הילצערנע באַראַקן און מיטן „תקציב", וואָס איז געגעבן געוואָרן טראָפּנווײַז האָט מען אײַנגעשאַפן זריעה, אינווענטאַר, ס'ביסל בעלי חי, ביז מען האָט מיט די אייגענע הענט אויסגעבויט די ערשטע אמתע בנינים. מיט צרות האָט זיך אַלץ אַנטוויקלט „לויטן פּלאַן", אמת, מיט פּײַנע „נדחהס". אָבער תמרה איז אַרויף אויף דער מאַפּע. ס'האָבן געגומען גרינען שטיקלעך גאָרטן אַרום בערגל, עוקאַ־ליפּטוסן מיט אַנדערע סוב־טראָפּישע איינפאַכע קולטיוון האָבן געשאַפן דעם פּײַסאַזש מיטן ביסל שאָטן. העגער האָבן געקרייט אין די פּאַרטאָגן, קי האָבן זיך געקעלבט, פון די ערשטע צוויי צענדליק „תקציב" שעפּסן איז אויסגעוואַקסן אַ גאַנצע סטאַדע.

ס'ערשטע יאָר האָט דעם מקום גאָר אָפּט באַזוכט אַ רבל מיט אַ שמש. פון אַ טישטוך פּלעגט מען אויף די שטעקנס פון קאָסעם און גראַבליעס אָנציִען אַ חופּה, דער רבל פּלעגט עפּעס פּרעפּלען אויף גיך און אַרום די פאַרשעמטע פּאָרלעך פּלעגן זיך דרייען אָנגעדראָלענע שטאָ־טישע מחותנים, מיט אַרויסגעצויגענער פּרײַנטלעכקייט אויף די פּנימער, — אַ קלייניקייט! מען האָט זיי אָוועקגענומען די פּײַנע איידעלע קינדער, געמאַכט פאַר „פּויערים", צונויפגעפּאָרט מיט „כאַלעפּוצים" (חלוצים) שמענדריקעס און געשיקט אויף התישבות, משוגע אונדזערע שונאים!

ציעניסטן שמיעניסטן, צו זייערע קעפּ, לײַב און לעבן. צו וואָס לאַנג בֿרייען? — צום געזאַנג פֿון די פֿייגל, צום קרייען פֿון די הענער און בלעקען פֿון יונגע שעפּסעלעך און קעלבלעך זענען צוגעקומען לויטערע קינדער־געשרייען און איר האָט פֿאַרטיק אַ קיבוץ, אַ ישוב אין ארץ ישראל, אַ פֿרייד פֿאַר דער חברה און בענקעניש פֿאַר עלטערן און קרובים אין שטעט און שטעטלעך. אַ ברירה האָבן זיי געהאַט? האָט מען משלים געווען.

איז דער קיבוץ געוואָרן אַן עולם ומלואו ווי אַלע ישובים אין אַלע ווינקעלעך פֿון הייליקן לאַנד. תמרה האָט געשלאָגן וואָרצלען, און חוץ אויף דער מאַפּע, איז זי אויך אַרײַן אין לעקסיקאָן פֿון אַלע ציוניסטישע שליחים און מטיפים ווײַט איבער ימים:

„תמרה וואַקסט אַ צירונג, אַ צירונג פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק", „תמרה בליט, תמרה אַנטוויקלט זיך מיט ראַשע טריט, תמרה מאַכט נײַע געשיכ־טע אין אַלטן לאַנד" — האָבן געטענהט די שליחים און מטיפים, אָבער קיין וואַסער איז דערפֿון נישט געוואָרן.

ווי אַלע קיבוצים אין די ערשטע יאָרן, האָט זיך תמרה געפּלאָגט אין מחלוקתן מיט די אַראַבישע שכנים און בעדויִנער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט וויסן נישט פֿון גרענעצן, נישט פֿון אויסגעפּראַצעוועטע פֿעלדער; זיי פֿלעגן אַרויפֿטרײַבן זייערע שאָף און ציגן, זייערע רינדער און קעמלען אויף דער גרינער תבואה, זיי פֿלעגן קומען גנבֿענען הינער און שעפּסן, צעטרעטן יונגע פֿלאַנצן, וואָס זענען פֿאַר די קבוצה־מענטשן געווען טײַער ווי אייגענע קינדער. דאָ מאַכט זיך צופֿיל רעגן אָדער גאָר אַ טרקעניש, דאָ קומט אַ היישעריק אָדער דער זרזיר; אין די טויזנטער פּיקט ער אויס די קערנער איידער זיי שפּראָצן אויף, דאָ פֿאַרגייט אַ קינד לא עליכם. עס פֿאַלט אָן אַ מורה־שחורה אויף אַ בחור וואָס פֿאַרלאָזט בכלל דעם קיבוץ, און זײַן חבֿרטע וויל נישט, בלײַבט זי איבער אַ פֿאַר־אומערטע, אָדער פֿאַרקערט, דאָס מיידל גייט אַוועק און דער בחור בלײַבט.

ס'לויב־געזאַנג וועגן תמרה פֿליסט פֿון אַלע מײַלער בעת די צוגע־זאָגטע הילף פֿאַרשפּעטיקט אָדער זי טריפֿט טראָפּנווײַז. דערווײַלע גייט

אויף דער ישוב אין לײַדן און פּלאָגעניש. די מענטשן גיסן זיך צונויף מיטן אָרט און לאַנדשאַפט; וואָס מער לײַדן, וואָס מער פּראַצע, אַלץ טיפער ווערט די צוגעבונדנקייט צו דער קרקע, פון יחידים זענען אויס־געוואַקסן משפּחות.

אין קינדערהויז וואַקסן די בעטלעך ווי בלומען אין פעלד, ס׳קינ־דערהויז — דאָס צעמענט פון קאָלעקטיוו, מאַכט פאַרגעסן אַלע שווע־ריקייטן און שטרויכלונגען, ס׳קינדערהויז וואָס שמידט און גיסט צונויף די חברה מיטן באָדן פון ישראל, ווי די זון מיט די בלומען, ווי תמרה מיט גליל צופוסנס פון באַרג תבור.

ווען נישט דאָס וואַסער, וואָס איז אין תמרה געווען אזוי קנאַפּ וואָלטן זיכער יגאל און נחמה געוואוינט אין בשותפותדיקן צימערל און געהאַט זייער חלק אין קינדערהויז פון תמרה; נחמה וואָלט נישט געזעסן אַ פאַרזאָרגטע בײַם יעטן די ווילד־גראָזן פון קיבוצישן גאָרטן, אירע מיידלשע הענט וואָלטן גאָר אַנדערש געגרעפּט די ביימלעך און געבונדן די פלאַנצן, אירע הענט וואָלטן דעם סאַמעט פונעם גרינס געגלעט מו־טערלעך ווי די בלאָנדע שמעקעדיקע קעפּעלעך אינעם קינדערהויז, אירע גרויסע ברוינע אויגן וואָלטן פּײַכטלעך געשטראַלט מיט מוטערלעכער ליכט און נישט געווען פאַרצויגן מיט אומער, זי וואָלט אַלע ווײַלע גע־לאָפן פון גאָרטן אַ קוק טאָן וואָס איר אוריק אָדער דאנעק טוט איצט, צי שלאָפט ער? צי לאַכט ער און פּלאַפּלט, און אפשר גאָר ווײנט ער? פאַרנאַכט צווישן שקיעה און חושך וואָלט יגאל געטראָגן איר קינד אויף די אַקסל, שפּאַצירט הין און צוריק אויף דער אויסגעטראָטענער סטעזש־קע, ווי ס׳טוען טאַטעס פון תמרה, און זי וואָלט אים באַגלייט אַ צע־שטראַלטע... ס׳וואַסער! דער וואַסער־שגעון מיטן דורשט וואָס האָט פון איר דערווײַטערט יגאלן, ס׳וואַסער...

לכתחילה האָט זיך תמרה אַן עצה געגעבן מיטן ביסל וואַסער פונעם נאָענטן קוואל, וואָס האָט קוים געקלעקט צום טרינקען און באַוואַסערן די שטיקלעך גאָרטן ארום די הײַזער. די תבואה־פעלדער האָבן ווינטער געטרונקען רעגן און זומער דעם באַגינען־טוי, אלא בעת ס׳איז ענג געוואָרן אין קינדערהויז, די הוצאה איז געוואַקסן, בעת דער רבֿ מיטן

שמש האָבן צונויפגעפּאָרט כמעט אַלע בחורים מיט די מיידלעך פון תמרה, איז די פרייד געוואָרן געצוימט און די שווערינקייטן פון קאַסיר גאָר גרויס. ברוך גזבר (קאַסיר) פלעגט פאַרשווינדן אויף האַלבע וואָכן אין די שטאָטישע קאָרידאָרן פון די מוסדות, אָדער הינטער די טירן פון דירעקטאָרישע צימערן און בענק, ער פלעגט צוריקקומען אומעטיק שווײַגנדיק; ס'האָבן זיך פאַר דער צײַט באַוויזן זילבערנע פעדים אין זײַנע פאות און קנייטשן אויפן הויכן שטערן. יעטקע די מחסנאית איז אַרומגעגאַנגען אָנגעדראָלן מיט תרעומות: „די לײַלעכער רײַסן זיך, די בגדים לאַטע אויף לאַטע, די שיך — חורבות, און דער ווינטער שטייט אויפן שוועל. מען פילט אים אין די קילע אָוונטן, מען זעט אים אין די פלִיענדיקע צויטן שפּינוועבס, אין די בײַסיקע פליגן... די באַלעבאָסטע פון קינדערהויז רײַסט פון איר שטיקער, די חברטעס פון קיך קריגן זיך אַרום איבער יעדער קלייניקייט: ווי מאַכט מען פון דער קנאַפּקייט עסנס, מיט וואָס באַטעמט מען די מאָלצײַטן? חברה איז הונגעריק ווי שאַקאַלן, די פּאָליצעס שטייען מיט ליידיקע פּושקעס און אין עסשטוב איז אויך נישט פריילעך. אַלע טאָג א „רכבת", אַזאַ פּראָטעסט־באַן פון א לאַנגער שורה בלעכענע נישט דערעסענע טעלער געשטופּט צוריק אַרײַן אין קיך און באַגלייט מיט איראָנישע פּזמונים. דער בורגול (גרויפּן) מיטן שמן קריכן שוין פון האַלדז! אין אַזעלכע צײַטן זענען די מענטשן אין קיבוץ נוטה צו מחלוקותז. ס'איז אומעטיק אין תמרה, מ'זוכט התבודדות און מען חלומט פון אמאָליקע זאַטע היימען.

דער איינער וואָס האָט געשוויגן, איז געווען יגאל מזכיר, דער הויכער בלאָנד־טשופּריניקער בחור, דער אַביטוריענט פון הרצליה גימנאַזיע, וואָס איז אַוועק אויף „הכשרה" גלײַך פון שול־באַנק באַגלייט מיט זײַן שול חברטע נחמה, די טאָכטער פון א הויכן ציוניסטישן באַאמטן אין תל־אביב. ער האָט געוואָרפן דאָס קערנדל פון תמרה, ליגט די אחריות אויף זײַנע פּלייצעס, די לאַסט בייגט אים אײַן. ער ווייס, אַז דערווײַלע איז נישט גוט, אַזאַ ווירטשאַפט קען נישט גליוועט און אָן וואַסער קען אַלץ דערפּירט ווערן צו גרונט. ס'איז נישט „אַמאָל" בעת תמרה האָט זיך נאָרוואָס אויסגעפּיקט פון גרעין אָן משפּחות, אָן קינדער —

תמרה איז היינט אַ ישוב, און ווער, אויב נישט יגאל מזכיר מוז משלים זיין די מלאכה און געפינען וואסער פאַר יעדן פּרייז! די ישועה ליגט אין וואסער וואָס פעלט. ווען זיין וואסער, וועט מען פאַרברייטערן די זריעה־שטחים און גערטנער, מען וועט פלאַנצן פרוכט־ביימער, פאַרמערן די סטאַלע און ס׳מילך וועט גיין אין תנובה" צוזאַמען מיטן פרוכט און עודף גרינצייג, וואָס וועט געבן מזומן. ס׳וועט זיין וואסער וועט מען אַריינגעמען נאָך אַ „גרעין" אין תמרה... ווי זאָל מען דאָס אַלץ דער־קלערן נחמהן? נחמה טענהט גאָר אַז ער, יגאל, האָט איר פאַרביטן אויפן געשלאָג פון סוכנות, מיט אים איז ער זיך מתיחד, מיט אים פאַרנעמט ער זיך און נישט מיט איר, מיט אים וואַנדלט ער אין שטאָט און פאַרגעסט זי; מיט אים זיצט ער אָפּ גאַנצע אָוונטן איבער פּאַפּירן און גלעזלעך ערד און נישט מיט איר. וואָלט ער, יגאל, זי געטראָגן אין זיין בלוט, ער וואָלט זי כאָטש באַנומען, אַז ווען נישט זי — נחמה, וואָלט ער נישט אויסגעטראָגן די שווערע לאַסט.

אין די שבתים, בעת די יונגע עלטערן פון קיבוץ מאַכן זיך אַזוי גאַריש, קריכן אויף אַלע פיר אויפן דשא ביי דער עסשטוב, ווי בהמות, לאָזן רייטן די קינדער אויף די רוקנס, נעמט יגאל נחמהן פאַרן האַנט ווי ס׳נעמט אַ פאָטער אַ ברוגז קינד, און ביידע לאָזן זיך באַרג־אַראָפּ מיט דער סטעזשקע פון פעלד. אין פעלד איז מרחביה, ס׳איז פריש, די לופט אַזוי דורכזיכטיק אַז מען זעט פון מרחקים פון איין זייט דעם כרמל־שפּיץ מוחרקה וווּ אליהו הנביא האָט געבויט דעם מזבח, פון דער צווייטער זייט אינעם איידל־בלוילעכן שימער זעען זיך די בערג פון גולן און עבר הירדן. ביידע ווערן פאַרכאַפּט פונעם פּראַכט. יגאלס פינ־גער קלאַמערן זיך איין, פאַרפלעכטן זיך אין נחמהס, און זי, וואָס האָט זיך אַ גאַנצע וואָך געקליבן אויסגיסן איר גאַנצע ביטערניש און בענק־שאַפט בלייבט פאַרגאַפט אָן לשון. פון יגאלס פינגער שטראָמט אין איר זיין גאַנצע וואַרעמקייט. זי ווערט באַהערשט פון אַזאַ טיפער חדוה, כאָטש נעם און שריי אַרויס די פרייד, בלייבט יגאל שטיין און טרינקט ס׳ליכט פון נחמהס גרויסע ברוינע אויגן, זיינע שטאַרקע אָרעמס שלייפן זיך אַרום איר, ער דריקט איר אַ פלאַטערנדיקע צו זיך און טרינקט ביז

שכרות דעם דופט פון איר שמעקעדיקן קאָפּ, ס'צעגייט ווי האָניק דער גאַנצער זאָרג, און ביידע ווי איינער גיסן זיך צונויף אין אַזאַ מתיקות צוזאַמען מיטן קורצן בין השמשות ביז אַ גרויסע לבנה ווי אַ פײַער־ראָד שווימט אַרויס פון הינטער די פאַרנעפּלטע בערג פון גליל.

די חמימה פונעם חמסין לאָזט נישט נאָך, די אָנגעגליטע לופט דריקט אויף די געמיטער. פון נישט דערשלאָפן מחמת די היץ און דורשט, זענען די מענטשן אָנגעכמורעט, די עסשטוב איז האַלב ליידיק, די פליגן מאַכן משוגע. זיצן ס'ביסל מענטשן אומעטיקע, מידע און פאַר־שוויצטע איבער די פולע טעלער און ברומען פאַר זיך. מ'זוכט זיך צו קריגן. מיט אַ מאָל דערזעט מען אַ פליג אין זופּ, אַ נאַקעטן טיש, אַן אָפּגעקראַצטן טעלער, דווקא איצט דערזעט מען אַ צעבראָכענע שויב, אַ פאַררויכערטן גלאָז אויפן בליצלאָמפּ און די סטעליע ווי זי וואָלט געלעגן אויף די קעפּ. אין קיך בראַזגען די כלים, לעולם הערט מען גאָרנישט דעם געבראַזג, עס האַמערט אין קאָפּ און דאָ מוקעט אַ דורשטי־קע קו. אין דרויסן ווערט אַ טומל: „שמשון" דער אָקס האָט זיך אָפּ־געריסן פון קייט און ווילדעוועט אין הויף. חברה יאָגט אים נאָך, ביז ער דערלויפט צום גאָרטן און מיט די פיס און הערנער מאַכט ער אַ תל פון בייטן גרינס.

יגאל איז ווידער אונטערוועגס, נחמה שטייט בײַם טויער און קוקט אויפן ווײַטן פאַרוואָרלאָזטן כביש, צאָרנדיק בײַסט זי די נעגל: וווּ איז יגאל? ווי לאַנג נאָך אַזאַ פּײַן? טרערן פּלאַצן אַרויס ווי פון אַ פאַר־שטאָפּטן קוואַל. זי צעוויינט זיך הויך אויפן קול און לויפט ווילד אַוועק אין פעלד.

פאַרנאַכט האָט אַ מערבֿ־ווינט פון ים אײַנגעבראָכן דעם חמסין. נחמה איז אַן אויסגעשעפּטע געלעגן אויף אַ צעשאָטן פאַרגעסענעם גאַרב און מיט די נעגל געריסן די פאַרטריקנטע ערד. ס'האָט זיך איר געגלוסט וואָיען ווי אַ הונגעריקער שאַקאַל: יגאל! זי האָט נישט געזען די שקיעה, די צעפלאַמטע הימלען אונטערן פאַרנעפּלטן כרמל, די זון אַן אָנגעגליטע ווי אַ פײַער־קויל האָט געשווינד אַראָפּגענידערט אין ים, איבערלאָזנדיק אַ פולן הימל שריפה. נישט צו וויסן צי זי איז פון

מידקייט אײַנגעשלאָפֿן, צי געחלשט, איז זי אַזוי געלעגן ביז זי האָט דערפֿילט ווי אין דעמערונג קניט עמעצער און גלעט איר האַנט. זי איז אויפֿגעשפּרונגען און דערזען נטע פֿלחעניקן אַ פֿאַרשעמטן מיט די אויגן צו דער ערד.

— לך מכאן — אַוועק פֿון דאַנען!

נטע שווײַגט.

— מה אתה רוצה מחיי — וואָס ווילסטו פֿון מײַן לעבן?

האָט זיך נטע אויסגעגלײַכט און דערלאַנגט נחמהן אַ פּאָר גלעטנדיקע סאַמעט אויגן, כאָטש נעם און צעגיי פֿון הארציקייט.

— קום נחמהלע, בואי, גענוג!

איז נחמה געבליבן אָפּהענטיק. ער האָט איר געהאָלפֿן אַרומשטויבן ס'קלייד און זי האָט זיך געלאָזט אַוועקפֿירן ווי אַ פֿאַרשולדיקט קינד ביזן שוועל פֿון איר צימער. נטע איז אַוועק פֿון איר אָן אַ „שלום" און זי איז געפֿאַלן אויפֿן בעט מיטן פּנים באַגראָבן אין קישן.

שפּעט אין יענעם אָוונט האָט געבלאָזן אַ שטאַרקער ווינט, די לבֿנה האָט זיך געפֿלאָנטערט צווישן צעריסענע וואָלקנס. הונגעריקע שאַקאַלן האָבן זיך איבערגעפּרעגט אין אַ ביטער געוויין, זייער יאָמער האָט פֿאַרציטערט דעם אַרום... נחמה איז אַלץ געלעגן אַ וואַכע אין אָנטועץ און פּרובירט צונויפֿקלעפּן פּיצלעך מחשבֿה, שטיקל צו שטיקל; וואָס איז הײַנט מיט איר געשען?

אַ קינד האָט זיך צעוויינט אין אַקעגנדיקן קינדערהויז, און פֿון די שטאַלן האָט מען געהערט ס'געקלימפּער פֿון די קייטן אויף די צוגעבונדענע בהמות. אין שעפּסן־שטאַל איז געווען וואַרעם און געמיטלעך. אין אַ ווינקל אויף אַ באַרג שטרוי איז געזעסן יאָסקע פּאַסטוך און געקלערט פֿון צילקען וואָס טראַכט פֿון אים נישט. ס'איז אים געווען זייער אומעטיק, ס'האָט אים פֿאַרקלעמט אין האַרצן, און ער האָט רחמנות געקריגן אויף זיך אַליין. ער האָט פֿון רענצל אַרויסגעגראָבן אַ מויל־האַרמאָשקע און פֿאַרצויגן אַ ניגון פֿאַר די פֿאַרחידושטע מעלה גרהדיקע שעפּסן, וואָס האָבן זיך בציבור געוויגט פֿאַרן טונקעלן שײַן פֿונעם פֿאַרריכערטן ווינט־לאָמפּ ווי כהנים בײַם דוכענען. יאָסקעס מוזיק האָט

אַרויסגעבראַכט פון די כּלים ירחמיאלן, וואָס איז יענע נאַכט געשטאַנען אויף שמירה:

— אַ רוח אין זײַן לונג און לעבער! — האָט ירחמיאל געברומט, — דער עולם סלאָפט, קינדער סלאָפן און דער טעמבעל ספּילט, אַ שמחה אויף אים!

האָט ירחמיאל פאַרשנאַלט דעם קוילן־גאַרטל, פאַרוואָרפן די ביקס איבערן אַקסל און זיך געלאָזט צום שעפּסן־שטאַל מקיים פּסק זײַן יאָסקען, דעם „צעדרייטן" פּאַסטוך. אין דער אמתן איז ירחמיאל נישט געווען פון די בעסנים. ער איז אַ וואוילער ליטווישער בחור און זײַן פאַרבײַטן דעם „שין" אויף אַ „סמך", אָדער להיפּוך, דינט דער חברה פאַר גוטמוטיקער ליצנות. ירחמיאל איז אַ שטילער, אַן אַרבעטסזאַמער אָן פּעטענזיעס און אָן טענות. פאַר אים איז יעדע אַרבעט אין קיבוץ אַ דבר שבקדושה, און ער איז דאָרטן וואָס מען רופט ביז הײַנט דער „חקק" — דער קאָרעק צו פאַרשטאָפּן אַ יעדן בלויז, ווו נאָר אַזאַ מאַכט זיך: ווערט קראַנק אַ מעלקערין אָדער וועשערין פאַרטרעט זיי ירחמיאל, קריגט אַ שומר היץ בײַנאַכט, נעמט מען ירחמיאלן אַרויס אַ פאַרשלאָפענעם פון בעט, מען גיט אים די ביקס מיטן קוילן־גאַרטל און גיי וואַכן אין חושך, פעלט אַ האַנט אין פעלד, ברענגט מען ירחמיאלן, פאַלט אָן אויף יאָסקען דעם פּאַסטוך אַ „מצב־רוח", טרײַבט ירחמיאל אַרויס די סטאַדע אין פעלד. ירחמיאל איז אַלץ און פאַר אַלעמען — כבודו מלא עולם, כאָטש בדרך כּלל זעט מען אים נישט. ער נעמט קיינמאָל נישט קיין וואָרט אויף די פאַרזאַמלונגען. ער זיצט אויס אַ שווײַגנדיקער אויף אַלע אסיפות, נישט אַראָפּצונעמען די אויגן פון מאשע דער גננת (אסור אויב ס'פאַלט איר אַזוינס גאָר אײַן, אסור אויב זי טראַכט פון אים) וואָרעם ווו קען ער איר זען אַזוי נאָענט? ווו האָט ער נאָך אַזאַ געלעגנהייט זיך אָנצוטרינקען מיט איר מראה צו דער זעט?

אַלאַ, ירחמיאל האָט שוין אַזאַ טבע זיך צו מאַכן בייז און שטרענג, באַזונדער ווען ס'קומען געסט... חברה וויים עס און טענהט בקול אָן בושה: „ירחמיאל מאַך זיך נישט אַזוי וואַזשנע, ירחמיאל"...

איז ירחמיאל דער בעסטער חבר פון אַלע קינדער. ווען ער איז

נאָר פרײַ, זעט איר אים אַרום קינדערהויז, ער פאַרריכט אַ בענקל, אַ טיש, אַ לאָדן, מאַכט אויף אַ פאַרשטאָפּטע רער, העלפט רוימען די וואַש־שטוב; זײַן באַליבטסטע מלאכה איז מאַכן שפּילצײַג פאַרן קליינוואַרג, אַ מלאכה וואָס פּילט אויס אַ יעדע פרײַע רגע זײַנע, אפילו שבת און יום־טוב. ער האָט ליב די קינדער אהבת נפש, אַזוי ווי די קינדער ליבן אים. מאַשע די גננת זעט אים נישט, אָדער זי זעט אים ווי אַ מעבל־שטיק. ירחמיאל זעט זי דווקא אומעטום און וואַכט איבער איר מער ווי גאָט, און מער ווי נתקע, וואָס איז, ווי די רכילותניקעס זאָגן, „מאַ־שעס שאָטן".

יענע צײַט איז געווען אַ געשפּאַנטע אין ארץ־ישראל. מען האָט געוואַרט און זיך געגרייט צו עפּעס נישט גוטס. יעדן טאָג פלעגט מען דאָ און דאָרטן באַפאַלן אַ ייִדישן דורכגייער, עס פלעגט פאַלן אַ שאָס. שונאי ישראל האָבן נישט גערוט. ס'האָט זיי געאַרט די ייִדישע עליה, וואָס האָט פּוגע געווען דעם מדבר און אונטערגעגראָבן די אײַנגעוואָר־צלטע היימישע הכנעה צום פעאָדאַלן שטייגער. די פעאָדאַלן און בע־דויִנער האָבן נישט פאַרטראָגן די גרינע בליִענדיקע אָאַזיסן, וואָס האָבן בסדר אַרויסגעשפּראָצט אין פאַרשיידענע געגנטן פון לאַנד. די אַראַבישע שכנים פון תמרה, די פעלאַכן, וואָס האָבן געדינט אַן עפענדי ווי לײַב־אייגענע, האָבן אויך שווער פאַרדײַט די חידושים פון די יהוד: פון איין זײַט האָט זיי תמרה אַנטפּלעקט אַ נײַ פאַנטאַסטיש לעבן, ווי פון עפּעס אַ מעשהלע דערציילט, אַ לעבן אַ פרײַער פון שלי שלך, שלך שלי, מיט פרײַע נשים, וואָס גייען אָן בושה אָפּגעדעקט די פּנימער, די הענט און פיס ביז די קני, מענטשן אָן פחד פאַרן עפענדי. אַזאַ לעבן איז אַ גן־עדן, אַללאַה יאַ אַללאַה! פון דער צווייטער זײַט האָבן די פעלאַכן נישט גע־קאָנט משלים זײַן מיטן יהודישן נוהג פון אָפּצוימען זייערע פעלדער פאַר דורכגייערס און פאַר סטאַדעס. זיי האָבן אָפּגעשפּאַרט אַלע קורצע וועגן און גיי לויף אַרום און אַרום. שוין אָפּגערעדט פון די גערטנער און געהעפטן. ס'האָט זיך אין זייערע הערצער גענעסטלט אַ קנאה צו די פרײַע ייִדן. אין אָנבליק פון תמרה איז זיי בולטער געוואָרן די איי־גענע ביטערע דאָליע — איז מער געוואַקסן די שנאה צום עפענדי. זיי

האָבן טאַקע געגאַסן ביי די יחוד פון זייער דאָקטער, פון קיך, פון ביסל וואַסער, אלא ס׳האָט זיך געגלוסט מער, אַ סך מער. מען האָט אַ סך גערעדט און אַרומגערעדט די משונהדיקע דרכים פון די יהוד און דאָס רשעות פון עפענדי, וואָס האָט זיי גערייצט קעגן די זעלבע יהוד, וואָס ער האָט זיי ערשט נעכטן פאַרקויפט דעם שכנותדיקן באָדן... עפּעס נישט גוטס איז געהאַנגען אין דער לופטן און די פעלאַכן האָט מען דערציילט אַז די יהוד פאַרשוועכן די פאַרהייליקטע דזשאַמעס, (מע־טשעטן) — — — זענען די מענטשן פון תמרה אויך געווען וואַך און גרייט על כל צרה שלא תבא. מען האָט זיך באַמיט נישט צו דערוויי־טערן זיך פון קיבוץ, ניט זיך מתבודד זײַן אין די אָוונטן אין די פעל־דער — — — דאַרף עס אין אַזאַ נאַכט שטיין אויף שמירה ירחמיאל, און יאָסקע שפּילט, שפּילט, שטערט דעם עולם שלאָפן און רײַסט ירח־מיאלן די געשפּאַנטע נערוון.

„סוין פאַרסטאָפּן זײַן נאַריסן פּיסק״... האָט זיך ירחמיאל געלאָזן צום שטאַל, אָבער ער איז נישט דערגאַנגען. זײַנע אָנגעשפּיצטע שמירה־אויערן האָבן פון דער ווײַט אויפגענומען אַ נישט געוויינלעכן האַרמידער פונעם כביש.

ער איז שטיין געבליבן, דער האַרמידער האָט זיך געשטאַרקט אַ יעדע רגע. ירחמיאל האָט זיך דערשראָקן און נישט באַקלערט צוגעלאָפן צום אַלאַרם־גלאָק, אַזאַ שטיק רעלס אויף אַ תליה.

ס׳קלינגען פון אַלאַרם־גלאָק וואַרפט בדרך כלל אָן אַן אימה, אַ פּשיטא אין אַזאַ נאַכט. ירחמיאל האָט געקלאַפּט מיט אַן אײַזן אויפן רעלס. ביסלעכווײַז האָבן גענומען פינקלען פײַערלעך אין די פענצטער פון תמרה, כאָטש מען האָט אָנגעזאָגט בעת אַן אַלאַרם נישט אָנצוצינדן קיין לאָמפּן. מענטשן אויסגעפּראַצעוועטע, מידע פון שווערן חמסין טאָג, זענען דאָס מאָל נעשמאַק געשלאָפן נאָכן בײַטן זיך פון וועטער. אויפ־געריסן די אויגן, אויסגעגלײַכט די גלידער, געשפּרונגען פון די בעטן, געכאַפּט אויף זיך וואָס עס לאָזט זיך און געלאָפן ווער אין דרויסן, ווער צום „סליק״ נאָך „כלים״.

דער גלאָק האָט געקלונגען — בום־בום־רים און יאָסקע ווי גאָר־

נישט, איז זיך געלעגן אויפן בויך אין שעפּסן־שטאַל אויפן שטרוי און אויסגעשפּילט ס׳צעוויטיקטע הארץ אויף דער מויל־האַרמאָשקע. ער האָט געצויגן אַזאַ ניגון פאַר צילקען, וועלכע פלעגט נאָר חלומען פון אַזאַ בחור ווי יגאל און זי וואָלט גיכער פאַלן אין חלשות, איידער זיך פאָר־שטעלן אַז דער ניגון פון שעפּסן־שטאַל האָט נאָר אַ שטיק שייכות צו איר, צו צילקען דער רפתנית.

שומר מה מליל?

דער איינציקער וואָס איז רויִק געבליבן איז געווען נטע פלחעניק. ער האָט זיך אָנגעטאָן און נישט ווי זײַן שכן, האָט ער געפונען די קאַ־לאָשעס פון די הויזן מיט די אַרבל פון העמד. פון אונטערן מאַטראַץ האָט ער אַרויסגענומען אַ כלי, אָנגעפילט אַ רעזערוו־מאַגאַזין מיט קוילן, ס׳אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. מאַלע וואָס עס מאַכט זיך? און ער איז אַרויס אין הויף.

צוגעקומען צום טויער און דערזען פון ווײַטן אויפן כביש לאָמפּן פון אַ לאַסט־אויטאָ האָט נטע זיך הילכיק צעלאַכט: „אַזאַ בהמה דער ירחמיאל, אָנגעמאַכט אַ רעש" — כאַ־כאַ־כאַ. אַזוי לאַכנדיק אויפן קול האָט ער אויפגעפּראַלט דעם טויער, אָפּגערוקט די אָנגעדרייטע בעק שטעכעדיקן דראָט, וואָס האָט אין די נעכט באַשיצט דעם טויער פון נישט געבעטענע געסט מאחינו בני ישמעאל, און ער האָט צונויפגערופן די חברה.

— העי תכשיטים! יאַללאַ חברה, קוקט נאָר אָן די אָנפאַלער, רח־מיאַלקע, חקק, אין דײַן זיידנס אייניקל. אַזאַ סומאַטאָכע כאַ־כאַ־כאַ — אין דײַן לונג און לעבער, חמור דו איינער...

די שטאַרקע ליכט פון די אויטאָ־לאָמפּן האָט לכתחילה אַלעמען פאַרבלענדט, אָבער באַלד ווי מען האָט זיך צוגעוואוינט צום ליכט האָט מען געזען ווי יגאל שפּרינגט אַרויס פון דער קאַבינע מיט אַ צעפּודלטער טשופּרינע, נאָך אים האָבן אַראָפּגעטאַנצט נאָך אַ פּאָר שטאָטישע בחו־רים. דערווײַלע האָט חברה אַרומגערינגלט די מאַשין און באַטראַכט די לאַדונג: אַזאַ טורעם מיט מאַכערײַען, מיט רערן, מיט זעק, מיט האַמערס

וכדומה, און בײַם לאַסט־אויטאָ אויפֿן בוקסיר איז געשטאַנען אַן אָנגע־היצטער טראַקטאָר באַדעקט מיט שטויב.

דאָס איז געווען די גרויסע נאַכט, די ליל שמורים פֿון תמרה, פֿון וואָס עלטערן וועלן שפּעטער דערציילן די קינדער, ווי אַזוי ירחמיאל האָט געקלאַפּט אומזיסטע טרעוואָגע, ווי אַזוי יגאל מיט ברוך מזכיר זענען וואָכן און חדשים לאַנג געלאָפֿן פֿון איין ביוראָ צו דער צווייטער, פֿון איין באַנק־פּקיד צום אַנדערן, ביז זיי האָבן צונויפֿגעבראַכט די נייטיקע מיטלען אָפּצושליסן אַ קאָנטראַקט מיט אַ וואַסער־בויער־געזעלשאַפֿט, זי זאָל שיקן אַ דריל־מאַשין, אַ טראַקטאָר מיט אַ דינאַמאָ און פֿאַכלײַט צו פּרובירן ס׳מזל צו געפֿינען וואַסער אין דער טיף פֿון אַזאַ באַרגיקער געגנט וואָס האָט געטריקנט נײַן חדשים אין יאָר זינט בריאת עולם.

יגאל האָט זיך אַרויסגעדרייט פֿונעם האַרמידער, שטיל ווי אַ שאָטן אַוועקגעשלײַכט צווישן די הײַזער און באַראַקן. נעכטן פֿאַר זון־אויפֿגאַנג איז ער אַוועק קיין ירושלים, פֿון ירושלים קיין רחובות, און צוריק קיין ירושלים. אַ קײַלעכיקן מעת־לעת אָן מנוחה, אַפֿילו בײַנאַכט נישט צו צוזאָמען מיט אַן אויג און פֿון דעסטוועגן איז אים ס׳האַרץ געווען וואַך, איבערגעלאָדן מיט בענקעניש נאָך נחמהס הענט, נאָך איר קאָפּ זײַדענע האָר ווו ס׳איז גוט צו פֿאַרגראָבן ס׳פּנים און טרינקען ס׳דופֿט ביז פֿאַר־געסונג. אָט שטייט ער בײַ איר טיר, ער ווייסט אַז איר שכנטע איז איצט פֿאַרנומען מיט דער חברה אין דער פֿריילעכער עסשטוב בײַם קומזיץ. ער קלאַפּט נישט אָן און ווי ער האָט זיך פֿאַרגעשטעלט האָט ער געפֿונען נחמהן וואַך, אָן אָנגעצונדן ליכט. פֿונעם טונקל אַרויס האָט ער מער געפֿילט ווי אַרויסגעזען אירע סאַמעטענע, פֿאַראומערטע אויגן. זי איז געזעסן אין אָנטועכץ אויפֿן בעטל, אָן געוואַרטער האָט ער געקניט פֿאַר איר און אַרײַנגעבראָכן זײַן מידן קאָפּ אין איר שויס און ביידע האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן מיט דער נאַכט, אַזוי לאַנג ביזן פֿאַרטאָגיקן שירה־געזאַנג פֿון די פֿייגל, וואָס לאָזן זיך אַרויס פֿון די נעסטן וואַשן און זעטיקן זיך מיטן פֿולן באַגינען טוי.

זענען געלאָפֿן נײַע טעג און וואָכן. איבער תמרה איז געהאָנגען אַ יום־טובדיקייט. צום געווײַנלעכן רויש פֿון קיבוץ, אַ רויש פֿון וועגענער

געמישט מיטן קלימפערן פון קאנען און טעלער, מיטן מעקען פון קי און שעפסן, הינערשן געפלאפל, מענטשלעכע גערעדעריי, קינדער־פרייד און קינדער־געוויין, שירה פון פייגל, זשומען פון פליגן און בינען איז צו־געקומען דאָס טוקען פון א מאָטאָר באגלייט מיט א רעגלמעסיק ריטמישן קלאפן פון שווערע האמערס. צופוסנס פון אנטקעגנדיקן בערגל האָט מען געבויערט און געעגבערט אין די מעמקים און זיך געגרונטעוועט צו שפיגל וואסער. א מעכאנישער ריזן־האמער האָט געזעצט און א דריל האָט געדולדיק געעגבערט אין דער ערד־טיף. עטלעכע מאָל האָט מען געביטן די אָנגעצייכנטע ערטער, דאָ האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף קיזל־פעלדז הארט ווי שטאָל, דאָרטן אויף אזא מין גראניט.

טיילמאָל האָט מען פונעם ספיראל פון דריל ארויפגעבראכט פייכטן באָדן, א גוטער סימן אויף וואסער, אָבער טיפער איז דער ספיראל צוריק ארויס טרוקן און אָנגעגליט.

אין די אָוונטן, נאָכן אָוונט־מאָלצייט, נאָכן „סידור עבודה", האָבן די שטאָטישע וואסער דרילערס געוויזן „וואָס זיי קענען". זיי האָבן דער־לאנגט העברעאישע קופלעטן פון תל־אביבער קליין־בינעס, יידישע פאָלקס־לידער מיט כלעזמערליי וויצן, באגלייט מיט הילכיקן לאכן. זיי האָבן געוויזן שטאָטישע טענץ, וואָס זענען געווען יוצא דופנדיק צום אָרטיקן שטייגער, טענץ נישט צוגעפאסטע צו די נאקעטע טישן און בענק, דיסהארמאָניש צום ריח פון שטאָל און פון פרישן היי, אלא פאר תמרה איז עס געווען א חידוש, אן אומבאַיט. ס'איז געווען חול־המועדיק...

יגאל איז מער נישט פארשוואונדן אויף גאנצע מעת־לעתן אין שטאָט. ער איז געבליבן אין תמרה, כסדר פארטאָן מיט נייע פלענער און חשבו־נות. צוזאמען מיטן מזכירות האָט מען פון דאָסניי צום ווייפלטן מאָל אײ־בערגעטיילט און אויפן פאפיר איבערפארצעלירט די שטחים ערד. דאָ וועט מען מאכן גרינצייג, דאָרטן באוואסערטע פאשע, דאָ וועט מען פלאנצן א פרדס און דאָרטן פרוכט און קארטאָפל מיט פיסטוקעס, אויף די שפועים — ווייַנגערטנער, נאָך נידעריקער טאבאק, — — — מען וועט דארפן אזויפיל מאות מעטער רערן, אזויפיל און אזויפיל צעמענטירטע קאנאלן. די אלטע וואסער־אינסטאלאציעס מוז מען אומבייטן. דאָס שווערסטע

פאַרן קיבוץ — דעם וואַסער־טורעם וועט מען מוזן בויען צוגעפּאַסט צו
דער טאָפּאָגראַפיע פון שטח און — צו באַשיצן און באַהיטן דעם ישוב.

נחמה איז געווען ניט צו דערקענען. זי איז געוואָרן נחמה פון אַמאָל,
די לאַכנדיקע און זינגענדיקע, — איצט דער אָביעקט פאַר ווייבער צו
קיבעצן און קנאה. שפּיציקע אויגן האָבן שוין גענישטערט אונטער איר
פאַרטוך און שאַרפע צינגלעך האָבן געחשבונט אויף די פינגער, וואָרעם
דער קיבוץ פאַר זיך וואָס איז אַן „עולם ומלואו" קען נישט בײַטן די
טבע פון מענטשן אַזוי פּשוט ווי ער בײַט דאָס לעבן, פאַך און שטייגער.
נחמהן איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען. די אַרבעט אין גאָרטן האָט געברענט
אונטער די הענט, און די אָוונטן האָט זי מער נישט געדאַרפט בלאָנקען
אַליין אין חושך, לויפן צום טויער קוקן אין דער ווײַט צו דער סערפּענ־
טינע פון כביש. זי האָט מער נישט געדאַרפט באַגראָבן אירע לײַדן אין
היימישן קישן און זיך מיאוסן מיטן אמתן און געמאַכטן מיטגעפיל מצד
די אַרומיקע. איצט זיצט זי מיט יגאַלן אויפן גראָז, אָדער ביידע שפּאַצירן
פאַרוואָרפן די הענט איינער איבערן צווייטנס לענדן און וועבן אויפן קול
דאָס בילד פון דער גאָר נאָענטער צוקונפט מיט אַן אייגענעם צימערל —
צוגלייך מיט די אַנדערע זיווגים אין תמרה. אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען
ביז —

אין מיטן העלן טאָג האָט זיך ווידער צעקלונגען דער גלאָק אין תמרה.
מענטשן זײַנען צעטומלט געלאָפן צום באַשטימטן זאַמל־אָרט אַרום עס־
שטוב. עס איז געווען אָנהויב האַרבסט, אַ מילדער דרויסן מחיה נפשות,
טויבן צעשראָקענע זײַנען טשאַטעסווײַז געלאָפן פון די דעכער און פון
אונטער די קאַרניזן אין דער פרײַער לופט. די עופות האָבן זיך געריסן פון
די שטײַגן פּאַטשנדיק מיט די פליגל. ר' שמשון דער אָקס האָט זיך גער־
ריסן פון קייט, די קי האָבן זיך אויפגעהויבן פון קילן באָדן, אָנגעשפּיצט
די אויערן און אויפגעהערט מעלה גרהען. דער עולם ספק דערשראָקן, ספק
פאַרחידושט האָט זיך געזאַמלט אויפן דשא, ווו ס'זײַנען געשטאַנען צוויי
פאַרשוויצטע שליחים, אויסגעשמירטע אין ערד, צוויי שטאָטישע בחורים
מיט צעפלאַמטע אויגן און האָבן געפּאָכעט מיט די ידים ווי מיט פליגל
פון ווינטמילן.

— חברה שקט, שקט, מה רעש.

און פון זייערע מײַלער איז געפאַלן ס׳איינציק אויסגעחלומטע וואָרט: מים — וואסער!

לכתחילה זײַנען אַלע געבליבן געפּלעפּט, ווי פאַרגליווערט מיט אָפּע־נע מײַלער: וואסער — מים! ביז ירחמיאל ליטוואַק האָט אָפּגעלאָזן דעם גלאָק און אַ דונער געטאָן:

— בהמות, חמורים וואָס סטײַט איר? וואָס סווײַגט איר? — וואסער אין תמרה!

נאָר אַ רגע איז דאָס כישוף־וואָרט געהאָנגען אין דער לופטן, באַלד האָט זיך פון עולם אַרויסגעריסן ערגעץ ממעקים: „מים, מים, וואסער! ערשט נאָך דעם האָט זיך צעשפּילט די אמתע חתונה אויפן דשא פון תמרה. חברה האָט געוואָרפן די היטלען אין דער לופטן, געזונגען, גע־שפּרונגען און געטאַנצט פון פרייד אַרום ביידע שליחי מצוה — די דריי־לערס. ווער עס האָט זיך אַרומגענומען, ווער ס׳האָט זיך צעקושט, גע־פּאַטשט מיט די ידים אין די שענקלען און געריסן די העלדזער: מים! ביז ירחמיאל האָט ווידער געטאָן אַ געשריי: „בהמות! וואָס סטייט איר"? ער האָט זיך דער ערשטער געלאָזן לויפן אַראָפּצו אין פעלד און דער צעהיצטער עולם נאָך אים — אַהין צו יענעם אָרט ווו דער דריל האָט טיף אין דער ערד אָנגעטאַפּט אַ בראשיתדיקן וואסער־אָדער; ס׳וואסער האָט מיט אַן אור־קראַפט געשאָסן מיט אַ פאָנטאַן אין דער הויך, אַ שפע מים חיים, לויטערע קילע שפּיגל וואסער.

ירחמיאל האָט אַרומגעכאַפּט דעם אויסגעשמירטן דריל־מײַסטער, אים אויסגעקושט די שטעכעדיקע באַקן און זיך צעטאַנצט מיט אים אין דער אָנגעקוואָלענער נאַסקייט, נאָך דעם האָט חברה אים אַ הייב געטאָן אויף די הענט און ווי אַ באַלאָן געוואָרפן אין דער לופטן און צוריקגעכאַפּט. דאָס זעלביקע האָט זיך איבערגעחזרט מיט די איבעריקע שטאָטישע, ביז מען האָט געפונען יגאַלן און אַזוי מיט אים מקיים פּסק געווען. מענטשן־רעדער האָבן זיך אויסגעפלאָכטן טאַנצנדיקע אַרום שטראָם וואָס האָט גע־שלאָגן פון דער ערד און צוזאַמען מיט דער אָנגעקוואָלענער פרייד האָט מען זיך פאַרבלינעט פון חדוה. איז איינעם אײַנגעפאַלן אַראָפּצוכאַפּן די

היטל פון אַ צווייטן, אָנשעפּן וואַסער, זיך אָנטרינקען צו זעט און דאָס רעשט אַרײַנגיסן אַ דריטן אונטערן קאָלנער. באַלד האָבן די איבעריקע אים נאָכגעטאָן. מען האָט געכאַפּט היטלען מיט בלעכן, מיט וואָס ס'איז נאָר געפאַלן אונטער די הענט. מען האָט געשעפּט ס'וואַסער און געגאָסן איי־נער אויפן צווייטן, מען האָט אַראָפּגעכאַפּט די חלוצות פון די הייסע לײַ־בער, זיי געטונקט אין דער בלאָטע און זיך געפּאַטשט מיט דעם.

אינמיטן, נאַס אויסגעשמירט אין דער געלער ליימיקער בלאָטע איז גע־שטאַנען ברוך־קאַסיר און געפאָכעט איבער די קעפּ מיט אַ נאַסן זאַק זינ־גענדיק הייזעריק:

„ושאבתם מים,

„ושאבתם מים".

— בסאסאן, בסאסאן — וסאָבתם מים, — האָט אונטערגעכאַפּט ירחמיאל, און דער עולם נאָך אים: „בששון, בששון, ושאבתם מים, מים, בששון".

אָן אַ זײַט פון דער צעפּלאָמטער חברה איז יגאל איצט געשטאַנען פּיטש־נאַס, אָן אויסגעשמירטער מיט בלאָטע און האָט אַרומגעאָרעמט נחמהן.

צו זייער מזל איז די חדוה געווען אַזוי גרויס, אַז מען האָט זיי נישט באַמערקט. אַניט, ווער ווייסט, צי מען וואָלט דאָ אויף אָן אָרט נישט גע־פּראַוועט די חופּה אונטער אַ נאַסן זאַק — אָן דעם רבל, אָן דעם שמש.

צו זייער גליק האָט מען אויך נישט באַמערקט יגאלס טרערן פון פרייד, וואָרעם אַזאַ מעשה וואָלט מען נישט פאַרגעבן און נישט פאַרגעסן נישט זיי, נישט זייערע קינדס קינדער ביזן סוף פון אַלע דורות.

# מיין עפענדי

אז דער אַלטער מסעוד אבו עלי עפענדי האָט זיך געקליבן גיין בדרך כל אדם, האָט ער פאַרבעטן צו זיך אין שלאָפצימער ביידע בנים, עלי און אדעל און ווי עדות — זיין אַלטן דינער עבדו חליל מיטן מוכטאר פון זיין דאָרף, כדי צו מאַכן אַ צוואה, ווי ס'האָט זיך געפירט ביי זיין טאַטן און טאַטנס־טאַטן, זאָל זיי גרינג זיין די ערד, ווו זיי רוען און אללאה זאָל באַ־שירעמען זייערע נשמות, אמן.

פון אַ שופלאָד פונעם אַלטן משפחה אַלמער, האָט מען אויסגעזוכט אַ פאַרגעלטן בויגן פאַפיר, אַלא דער טינטער איז געווען טרוקן, און די פעדער פאַראָסט. קרעכצנדיק האָט מסעוד אבו עלי עפענדי באַפוילן זיין אַלטן דינער אין דער טיף פון אַ קעשענע פון זיינע פאַנטאַלאָנעס אויס־זוכן אַ שפיץ בליי־פען, פונעם האַלץ אַרויסשיילן ס'בליי, עס צערייבן אין אַ טעצעלע, אויסמישן מיט וואַסער און מאַכן טינט. ווען אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן ווי ער האָט געהייסן, האָט דער עלטערער זון עלי, וואָס איז גע־ווען אַ מומחה אין שרייבן, גענומען ס'פאַפיר אויף דער דלאָניע פון דער לינקער האַנט און אָנגעהויבן פאַרשרייבן אַזוי צו לייענען: „איך מסעוד דער פאָטער פון עלי, לאָז איבער מיין האָב און גוטס צו פאַרטיילן: דאָס גרויסע וווינהויז פאַרן עלטסטן אייניקל, וואָס בלייבט אונטער דער אַפּיטראָפּסות פון זיין פאָטער ביז ער וועט ווערן פּוליעריק. (די מיידלעך־אייניקלעך האָט ער ניט דערמאָנט אין דער שריפט). אַלע מיינע בגדים און וועש זאָלן איבערגעגעבן ווערן אין רשות פון מיין טרייען דינער עבדו חליל, וואָס מעג טאָן מיט דעם ווי ער וויל און פאַרשטייט. די איבעריקע

נכסי דלא ניידי, בלײַבן איבער אין רשות פון גאנצן דאָרף, ווי עס איז ביז איצט, אונטער דער אַפּיטראָפּסות פונעם מוכטאַר, ווי עולמות, קיינמאָל ניט צו פאַרקויפן. ווידער אַלע ערדן זאָלן פריִער אויסגעמאָסטן ווערן, און נאָך דעם פאַרטיילט ווערן גלײַך אויף גלײַך צווישן ביידע זין, עלי און אדעל, וואָס מעגן טאָן מיטן באַזיץ, וואָס זיי ווילן, בתנאי, אַז דער ערד זאָל דער אַקער און זריעה קיינמאָל נישט פאַרפעלן אין וועלכע הענט זי וועט אַרײַנפאַלן"...

דער אַלטער מסעוד האָט נאָך געהאַט אַ סך צוצוגעבן, אָלא ס'האָבן אים נישט געסטײַעט קיין כוחות ממשיך צו זײַן. ער איז אַ מידער געפאַלן אויפן קישן, פאַרמאַכט די אויגן זיי מער נישט אויפצומאַכן. דעם זעלבן אָוונט האָט ער צוריקגעגעבן זײַן נשמה אַללאַה דעם אַלמעכטיקן, זקן ושבע ימים.

וואָלט מסעוד עפענדי די צוואה משלים געווען, וואָלט ער די יורשים פאַרשפּאָרט אַ סך קאָפּווייטיק מיט רוגזה. מען וואָלט זיך נישט אַרומגעדיסן וועגן דעם גרויסן זילבערנעם ציבעלע-זייגער, וועגן דעם ווער פון די בנים עס זאָל דעקן די הוצאות פון דער לויה, צו וועמען עס זאָל איבערגיין דינען עבדו חליל, אָדער ווי אַזוי צו צעטיילן די ערד? ווײַל די צוואה „גלײַך אויף גלײַך", איז נישט קלאָר; די גוטע ערד איז אויסגעמישט מיט די שלעכטע און גיי טייל עס, גלײַך אויף גלײַך! ווידער, די פעלאַכן, וואָס באַאַרבעטן די חלקים ערד, ווי טיילט מען אײַן זייער אַרבעט?

נאָך אַ סך אַמפּערניש איז מען מושווה געוואָרן ווי ניט איז צו פאַרענדיקן דעם עסק מיט גוטן, אָן לאָדעניש, און זאָל דער אַלטער פאָטער נישט געשטערט ווערן אין זײַן רו.

מען איז דורכגעקומען, מחמת דער נאָכגיביקייט פון יִנגערן יורש אדעל עפענדי, וואָס האָט שוין לאַנג געחלומט צו פאַרלאָזן זײַן פאָטערס הויז און זיך באַזעצן אין שטאָט. ס'איז אים נישט שווער געווען די שיידדונג מיטן דאָרף צוליב זײַן ניט געראָטענעם שידוך. אמת, זײַן אשה האָט אַלע מעלות, זי איז אַ גוטע, אַ שיינע, נישט קיין אויסברענגערן, אַ טרײַע באַלעבאָסטע, אָבער די אַלע מעלות וועגן נישט אַריבער דעם חסרון, וואָס אַללאַה האָט פאַרשלאָסן איר טראַכט און זיבן יאָר צײַט נאָך דער חתונה

האָט זי אים נישט געבוירן קיין קינד. אדעל עפענדי וואָלט שוין משלים געווען מיטן גורל, ווען נישט די סביבה, וואָס האָט אים אויסגעחוזקט און אויסגעשטעלט ווי אַ לאַ יוצלח. שולדיק זענען געווען די רכילות־טרײַבערס, וואָס האָבן פון אויער צו אויער געמורמלט, אַז די זינגערינס און בויך־טענצערינס פונעם „אַלאַמבאַראַ" קאַבאַרעט אין יפו דערציילן, אַז אין פּרט פון קינדער האָבן, איז זײַן אשה „גאָט די נשמה שולדיק"...

איין מאָל, נאָכן אויסטרינקען מיט ידידים אַ פּאָר טוץ גלעזלעך אַראַק, האָט איינער בקול רם איבערגעחזרט די מעשה בפומבי פאַרן גאַנצן פּריי־לעכן עולם. פרעגט בעסער ניט, וואָס ס'האָט זיך אין יענעם אָוונט אָפּגע־טאָן אינעם „אַלאַמבאַראַ" קאַבאַרעט אין יפו. ווען דער ראיס אל באַלים (פּאָליציי קאָמיסאַר) וואָלט נישט זײַן אַ ידיד פון זײַן פאָטער, זכרונו לברכה, וואָלט זיך די מעשה פאַרענדיקט גאָר מיאוס. זינט יענעם אָוונט, נאָכן דעקן אַלע שאָדנס פון קאַבאַרעט און נאָכן באַפרידיקן מיט אַ שיינעם מטמון די שאַרמוטא (אויסגעלאַסענע) מיטן לאַנגן צונג, וואָס מען האָט אַ צעקיילטע אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט, האָט אדעל עפענדי באַשלאָסן זיך אַריבערפּעקלען קיין בירות, ווײַט פון דער היים, וווּ קיינער ווייסט ניט זײַן חרפּה. און אָט האָט זיך געמאַכט די פּאַסיקע געלעגנהײַט. היוצא מזה איז אדעל עפענדי געווען גאָר נאָכגיביק און פאַרענדיקט מיטן ברודער עלי, אַז ער פאַרקויפט אים אַלץ מיט אַלעמען, מחוץ אַ שטיק ערד, וואָס ער לאָזט זיך איבער, על כל צרה שלא תבוא. זיי האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז דעם חלק ערד זאָל איבערגעשריבן ווערן אויף זײַן נאָמען, כדת וכדין, אין טאַבו (רעגירונגס־היפּאָטעק). די פעלאַכן, וואָס האָבן עס פריִער באַאַרבעט, זאָלן ווײַטער אַזוי טאָן און די הכנסה פון דער אַנרענדע זאָל אים דער ברודער, עלי עפענדי, אָן שהיות איבערשיקן נאָך יעדער שניט קיין בירות.

כדי איבערצושרײַבן אַ טייל פון באָדן צו אַ צווייטן, פאָדערט דער געזעץ פון א"י קודם כל אויסמעסטן דעם גאַנצן שטח, וואָס געהערט דעם איינעם, מאַכן אַ מאַפּע פונעם צעטיילטן באָדן, און נאָך דעם אַרײַנ־טראָגן אין די ביכער פון טאַבו פריִער דאָס גאַנצע און נאָך דעם דעם אָפּ־געטיילטן חלק.

פון דער טבע ווײס דער עפענדי קײנמאָל ניט די גענויע גרענעצן פון זײַן באַזיץ; דאָס מוזן װיסן דער מוכטאר מיט די אַלטע פעלאַכן, וואָס גיבן זוײַטער איבער דעם „סוד" זײערע קינדער און נאָכפאָלגער. דער עפענדי דאַרף נאָר ווײסן אַז ער איז דער באַלעבאָס, אים געהערט אַלץ מששת ימי בראשית, אים געהערט די ערד מיט אַלץ, וואָס אויף דער ערד מיט אַלדאָס גוטס וואָס די ערד גיט.

אַז ס'האָט שוין געהאַלטן ביים מעסטן און טײלן, האָט זיך דערמאָנט מסעוד עלים אַ שכן, ראַשיד עפענדי אבו אסאַד, וועגן אַן אַלטן גרענעץ־סכסוך, וואָס שלעפּט זיך אַ סך יאָרן, ווײַל דער אַלטער מסעוד עלי איז געווען אַ תקיף, אַן עקשן, רײַכער און שטאַרקער פון אַלע שכנים אַרום. האָט ראַשיד עפענדי אַ טראַכט געטאָן: עט, איצט איז די ריכטיקע צײַט אַ סוף צו מאַכן צום סכסוך, איצט, כּל זמן די יורשים זענען נאָך נישט אַרײַן אין די פּעדערן. באַלד נאָך די ערשטע אבלות־טעג האָט זיך ראַשיד עפענדי אָנגעטאָן אַ כח און געקומען, מעשה שכן, מיט הכנעה מנחם אבל זײַן די זין. נאָכן אויסדערצײלן אַלע שבחים פונעם נפטר און נאָכן טועם־זײַן דעם טראָפּן ביטערע שמעקעדיקע שוואַרצע קאַווע, האָט ראַשיד עפענ־די אָן שהיות אַרום און אַרום אַ טאָפּ געטאָן דעם דופק וועגן די אַלטע באַדן סכסוכים: איר, נאָבעלע זין פון מײַן זעליקן שכן, מסעוד עלי עפענ־די — אַלע ברכות ותשבחות זײַן אָנדענק — איר, מײַנע יונגע שכנים, וואָס זענט מיר ליב ווי מײַנע אײגענע קינדער, איר וועט מיט מיר אויס־קומען, איך וועל אײַך די ערשטע צײַט העלפן בלב ונפש, ווי ס'פּירט זיך צווישן גוטע שכנים — וואָס פאַר אַ ראָלע קען שוין שפּילן אַ פּיצל פלחה? אַ פּאָר דונאַם אַראָפּ, אַ פּאָר דונאַם אַרויף, וואָרעם מען נעמט דען עפּעס מיט אין קבר? ראַשיד עפענדי איז געוואָרן אַן אָפּטער אַרײַנגײער אין שכנס הויז, געוואָרן אַ גאַנצער בעל־יועץ, ס'זענען אָנגעקניפּט געוואָרן הײמישע באַציִונגען צווישן בײדע משפחות דורך באַזוכן און מתנות, סעודות און אַ קערטל. אײנמאָל, נאָכן אויסלײדיקן אַ קוואָרט לבנונער אַראַק, האָט מען זיך דערערדט אַז בעת דער לאַנד־מעסטער וועט קומען באַשטימען די גרענעצן, וועלן אים באַגלײטן די מוכטאַרן מיט די אַלטע פעלאַכן פון בײדע הויפן: זײ וועלן שוין אָנצײכענען די אמתע גרענעצן

צווישןביידע באַזיצן און להבא וועט נאָר שלום מיט פּריינטשאַפט הערשן צווישן ביידע נאָבעלע משפּחות, ונאמר אמן.

אין א שיינעם טאָג איז געקומען דער לאַנדמעסטער באַגלייט מיט זיין גאַנצן קלאַפּערגעציַיג, אויסמעסטן די שטחים, מאַכן א געהעריקן פּלאַן כדת וכדין, מען זאָל עס שוין קענען אַריַינטראָגן אין היפּאָטעק. לאַנג האָבן זיך די עפּענדים געאַמפּערט מיטן מיטגעקומענעם מלוכה־באַ־אַמטן, ס'האָט זיך זיי נישט געגלוסט און אַזאַ הייסן טאָג אַרויסגיין בכבודם אין פעלד.

— וואָס, יאָ עפּענדי — האָבן זיי געטענהט, — מיר טרויען איַיך אָן די מלאכה, הלמאי זאָלן מיר זיך מיט איַיך מיטשלעפּן אין אַזאַ חמימה? מיר טרויען איַיך, מיר, הע?

אין דער באַאַמטער געווען א תקיף. אַז ער האָט געזאָגט גיין, מוז מען גיין; ווילט איר ניט גיין, יאָ עפּענדיאָט, איז נישט, כ'האָב א ברירה צו־ריקצופאָרן און מאַר סאַלאַמי.

איז קיין ברירה נישט געווען, ס'האָט אפילו נישט געהאָלפן א צוגע־זאָגטער מתנת־יד, מחוץ די פעטע הינער, אייער, האָניק מיט שאר ירקות, וואָס אַזאַ טריַיער שומר פון געזעץ פירט מיט א היים נאָך אַזאַ פּראַצע...

די דינערשאַפט האָבן לכתחילה מכבד געווען די אורחים מיט קאַווע און קרעכצנדיק נישט צופרידענע, האָט זיך די גאַנצע כבודה געלאָזן אין וועג צו די פעלדער.

גאָר פאָרויס, אין א פאָרד, זענען געפאָרן דער מלוכה־באַאַמטער מיטן לאַנד־מעסטער, הינטער זיי האָבן געריטן די מוכטאַרן פון ביידע דערפער צוזאַמען מיט די עלטערע אָנפּאַרטרויטע פעלאַכן; צופוס נאָך זיי זענען נאָכגעגאַנגען וויַיבער מיט קריגן וואַסער און קוישן מכל טוב אויף די קעפּ; הינטער אַלעמען זענען נאָכגעלאָפן אַרבעטערס מיט איַיזנס, האַמערס און קירקעס מיט א מחנה הינט און פעלאַכישע קינדער, וואָס האָבן געוווּסט, אַז נאָך אַזאַ מעשה מיט צובייַם בליַיבט א פיַינער שיריים.

מיר, פאַרשוויצטע און אויסגעשמירטע אין שטויב האָט מען אָפּגע־רוט אין שאָטן פון אַן אַלטער קיקאַמאָרע. די וויַיבער האָבן אויסגעלייגט א ברייטע ראָגאָזשע און די מוכטאַרן האָבן צוגעגרייט שמעקעדיקע נאַרגי־

לעס. די עפּענדים האָבן זיך בהרחבה אויסגעלייגט, קינדער האָבן זיי אויסגעטאָן די קאָלבלעדערנע ווייכע שיך, בעת די דינער האָבן גענומען אויסליידיקן די מאכלים און פּרוכט פון די קערב. נאָך אַלע הכנות, האָבן די עפּענדים אַ ווונק געטאָן צו זייערע פעלאַכן, וואָס האָבן צוזאַמען מיטן לאַנדמעסטער זיך געלאָזן אַראָפּצו אין די פעלדער.

געקומען צו די גרענעצן, האָבן די עלטערע פעלאַכן קודם כל אַרויס־גענומען פון די בוזעמס געקניפּלטע שטריק און מיט דעם אָנגעהויבן מעס־טן אויף זייער שטייגער.

— זעסטו, אחמעד, יענעם שטיין? דאָס איז די גרענעץ פון מײַן עפּענדיס באָדן.

— האָסט אַ טעות, אחמעד, דאָס איז נישט די גרענעץ.

— יאָ, נאַייעף, דאָס איז יאָ די גרענעץ, אַזוי וואָר, ווי אַללאה לעבט!

אינעם וכוח האָבן זיך ביסלעכווײַז אַרײַנגעמישט די פעלאַכן, וואָס זענען געשטאַנען אָן אַ זײַט, יעדער פאַרטיידיקט זײַן עפּענדיס צד.

— בײַ מײַן באָרד און וואָנצן, יאָ אחמעד, אַז דער שטרײַף ערד גע־הערט מײַן עפּענדי. געדענקסטו ניט, ווי מיר האָבן דאָ שטענדיק געאַ־קערט?

— כזב, ליגנער, חונף!

— אויב איך בין אַ ליגנער און אַ חונף, ביסטו אַ גנב!

— חמור, וואָס דרייסטו אַ קאָפּ?

— אויב איך בין אַ חמור, ביסטו אַ געפּגרטער הונט!

אַז ס'איז געוואָרן גאָר הייס, האָבן זיך אין דער מערכה אַרײַנגעמישט די מוכטאַרן פון ביידע צדדים, יעדערער האָט מיט זײַן אויטאָריטעט באַ־פוילן דעם לאַנדמעסטער מעסטן וואָס ס'איז ניחא געווען זײַן צד.

— כאַוואַדזשאַ אינזשינער, מעסט די גרענעץ ווי איך ווײַז דיר!

— ניין, פאָלג ניט דעם ליגנער, — מעסט ווי איך ווײַז דיר!

אַ זאָג פאַר אַ זאָג, ביז מען האָט זיך גענומען מכבד זײַן מיט די געקניפּטע מעסטשטריק, מיט אויסגעטאָנענע כאַדאַקעס, מען האָט געלאָזן אין גאַנג סענקאַטע שטעקנס מיט שפּיציקע פּרגולים, מיט וואָס מען טרײַבט אָן אייזלען.

— איך וועל נישט לאָזן אַפּנאַרן מײַן עפּענדי, באַנדיטן!
— און איך מײַן עפּענדי זיכער נישט, רויבער!
— מײַן עפּענדי — — — —
— מײַן עפּענדי — — — —
— דײַן עפּענדי איז אַ קאָרטן־שפּילער און אַ שיכור.
— און דײַן עפּענדי איז אַ הורן־שלעפּער.
— כאַוואַדזשאַ אינזשינער, מעסט ווי איך הייס דיר!
— מיר וועלן נישט לאָזן.
— טראַ־טאַ־טאַ־טאַ, האָט עס געהילכט אין צײַטיקן זומער־פעלד און בלוט האָט זיך באַוויזן אויף די ברוינע פעלאַכישע פּנימער.

בעת דאָ אין פעלד האָט געברענט די מחלוקת, ס'האָט געהאָגלט מיט וויסטע קלעפּ, איז דאָרטן אין דער קיל, אונטערן שאָטן פון דער קיקאַמאַ־רע, געלעגן דער מלוכה־באַאַמטער אַ זאַטער, אַ באַטרונקענער אין טיפן שלאָף. אַ פעלאַכיש ייִנגל האָט מיט אַ צווײַגל אָראָפּגעטריבן פון זײַן פּנים די זלידנע פליגן און די עפענדים, זיצנדיק צוגעטוליעט אײנער צום צווייטן האָבן אין דער שטיל, מיט תאווה פאַרנעפּלטע אויגן, זיך דער־ציילט וועגן דער נאַקעטער גלוסטיקער בויך־טענצערן פון דעם „אַלאַמבאַ־ראַ" קאַבאַרעט אין יפו: ס'אַ נקבה זים ווי צוקער, שיין ווי די וועלט, מחיה נפשות...

# אַ באַנגעניש

וואָס העכער ס׳רײַסן זיך די בערג אין סאַמע צפון פון אויבערשטן גליל, אַלץ שמעלער און ווילדער זענען דאָרטן די שטעגן. אין יענע הויכן ציען זיך ווײַטע נאַקעטע מרחקים, וווּ נישט וווּ אַ מאָגערער בוים אָדער קוסט און קוצים ודרדר שלאָגן אַרויס פון די שפּאַלטן צווישן די פעלזן. דערפאַר איז רײַך אין צמח אַ יעדע פּלאַטאַ אָדער שפּוע, וואָס איז נישט פעלזיק, נישט באַדעקט מיט טרשים. דאָרטן איז די ערד גוט און זאַט, כּמעט פאַרוואָרלאָזט; דאָרטן זענען דאַ בלערליי נײַע ביימער און ביימער־רודימענטן פון היסטאָרישן עבר, דעמבעס, חרובים, פײַגן, קוסטעס און זעלטענע תנכישע צמחים.

אויף איינע פון יענע שמאָלע באַרג־שטעגן אין גליל האָבן זיך באַגעגנט 2 קאַראַוואַנען: איינער פון צפון, דער צווייטער פון דרום. ס׳האָבן זיך באַגעגנט פּנים־אל־פּנים בעדווינער, וואָס האָבן זיך געלאָזט אויסקוקן אַ נײַעם לאַגער־אָרט אויף ווינטער, מיט פעלאַכן, וואָס האָבן נאָכן פאַרטיק ווערן מיטן גורן, זיך געלאָזט צו אַ ווײַטן קבר פון אַ שייך, אַ קדוש, מתפּלל זײַן אויפן געזונט פאַר קראַנקע קרובים, אויף רעגנס צו דער צײַט, אויף אַ לײַכטן ווינטער, אויף אַ שפע זאַפטיקע פאַשע פאַר די מענטשן און בעלי חי און אַ גוטן שניט פון ברויט צו זאַט.

דער פעלאַכישער קאַראַוואַן איז געווען צעצויגן, אָן אַ סדר, אויסגעמישט מענטשן מיט בעלי חי, שמוציקע קינדער, אַרומגעריסענע מענער און פרויען, מאָגערע אייזלען באַלאָדענע מיט טראַנטעס, כּלים, בלעכן,

זעק, דעקעס און ראגאזשעס. זעלטן ווו אַן אויסגעפּוצט פערדל מיט א רײַטער, ס'רוב זענען נאָכגעגאַנגען די בהמות און אַליין עפּעס אויף גע־טראָגן, באַזונדערס די פרויען מיט לײמענעם וואַסער־קרוג אויפן קאָפּ, און עופהלעך אויף די הענט.

אַנדערש האָט אויסגעזען דער בעדואינישער קאַראַוואַן, פון מענטשן נישט אַזוי אויסגעפּראַצעוועטע, נישט אַזוי חושך אָפּגעריסן ווי די פּע־לאַכן. דער בעדוינער מיט זײַן באַוועגלעכן רכוש האָט געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדער פּנים: ס'רוב מאַנסבילן הויכע, געשטאַלטיקע אויף זאַטע פּײַ־ערדיקע פערד, גוט געקליידט אין שוואַרצע און טונקל ברוינע אַבייעס, וואָלענע געפּראַנזטע קאַפּטיכער, און אויגן — בעסער שוין זיך באַגעגע־נען מיט זיי אין אַ הויפּטגאַס פון חיפה איידער אין די בערג פון גליל. זייערע פרויען אונטערשײַדן זיך וויניק פון די פעלאַכישע, מחוץ אין הילוך; די בעדואינערן איז שוואַרץ אין די קאָלירן פון דער נאַכט, די פּנימער טאַטואירט, באַצירט מיט אויערן־און נאָז־רינגען, שנירן מטבעות און קמעות אין די קאָפּטיכער איבערן שטערן און אין די צעפּ פון הינטן. ס'פעלן זיי נישט אָרעם־בענדער, בראַסלעטן און פוס־רינגען, ס'ווענדט זיך פונעם מעמד פון דער פרוי. דער בעדואינער האַלט סדר אין די קאַראַ־וואַנען, וואָס זענען זײַן היים; זײַנע קאַראַוואַנען באַגלייט מיט סטאַדעס שאָף, אייזלען, קעמלען, מויל־אייזלען פרייע און באַלאָדענע זעען שוין גאָרנישט אויס עלנט; די עלטערע קינדער רײַטן איינציקווײַז און צו צוויי אויף אַ בהמה, די עופהלעך זענען צוגעבונדן אין טיכער צו די פּלייצעס פון די מוטערס.

ביידע מחנות האָבן געזונגען איידער זיי האָבן זיך באַגעגנט, תפילות צו אַללאה דעם אַלמעכטיקן און צו זײַן נביא מוחמד, עליו השלום, אָדער סתם געזאַנגען צו פאַרלײַכטערן דעם שווערן באַרג־אַרויף. ווען די מחנות האָבן זיך באַגעגנט, זענען זייערע שפּיצן, די פאָררײַטערס אַראָפּ פון די בהמות, צוגעלייגט הענט צו האַרץ און שטערן און זיך באַגריסט:

— מאַר כאַבאַטין — ברוכים הבאים.
— סובאַך אַל נור — אַ ליכטיקן פרימאָרגן.
— סובאַך אַל פול — אַ בלומיקן מאָרגן.

— זאָל זיך פריידן און שלום נישט אָפּטאָן פון אײַך.

— דאָס נעמלעכע פון אײַך.

— וואָס מאַכט איר? וואָס מאַכן אײַערע קינדער, אייזלען, קעמ־לען, פערד, שאָף און רינדער?

— מאַבסוטין, אל חמדי אל אללאה, — ברוך השם.

— אליקום סאלאמי — פרידן צו אײַך!

— אנו פעלאַכן, — מאַכט אַ ווארע פאַר אַראַבישע זין — האָבן די בעדואינער געזאָגט צו די פעלאַכן.

— זייט־זשע מוחל, בעדואינער, מאַכט איר אַ ווארע פאַר אונדז, וואָס גייען זיך בוקן און מתפּלל זײַן אויפן קבר פון הייליקן שייך אַברעק, די בעסטע תפילות און ברכות פאַר אים און זײַן גדעבעניש...

— וואָס?

— איוואַ, — יאָ!

— פּכע, — צינדן זיך אָן די בעדואינישע ראשי המדברים, — מיר, פרײַע בני ערב וועלן אײַך צוערשט אָפּטרעטן דעם וועג, אײַך פעלאַכישע סעיז, וואָס ציטערן פאַר מײַז, אײַך?

— טצע, ס'פּאַסט אײַך נישט? ציגײַנער, וועג־באַנדיטן, ס'טו גע־הערט?

— פאַרמאַכט די פּיסקעס, — אַ רוח אין אײַערע אויסגעקראָכענע בערד און וואָנצן אַרײַן!

— אין אל אבו אבוהוקום, נוארס, — און אײַער טאַטנס טאַטן אַרײַן, ציגײַנער!

— אין אל דינקום, אין אײַער גלויבן, נואפים, — אַרסין.

כל־זמן מ'האָט זיך אַזוי סתם אין דער וועלט געזידלט און געשטאָכן מיט די צינגער, איז נאָך געווען צו דערלײַדן, אלא אַז מ'האָט אינעם ני־בול פּה פרײַער אַרײַנגעפלאָכטן דעם גלויבן, דערנאָך די בנות חוה פון ביידע צדדים, האָבן זיך בלוטן צעקאָכט און אויגן צעצונדן. די ווײַבער פון ביידע לאַגערן האָבן אויפגעהויבן אַ מאַוימדיקע יללה, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער די בערג אַרום, איבער די תהומען, שדים מיט לצים האָבן די גוואַלדן אויפגעכאַפּט און זיי אין ווידערקולות געשלײַדערט אין

מרחקים. נישט צו באמערקן, האָבן זיך די ייִנגערע פוןביידע מחנות אַרויסגערוקט פאָרויס, איבערלאָזנדיק די עלטערע ראשי־המדברים הינ־טער זיך; בעת די פעלאַכן האָבן גענומען פאָכען מיט שטעקנס, האָבן זיך בעדויִנישע הענט געגראַבלט אַרום די גאַרטלען פון זייערע ברייט־געפאַל־דעוועטע תחתונים, גענומען זיך צו די קרומע צוויי שאַרפיקע מעסערס. דערוויַילע האָט זיך אַ יונגער אַגער געשטעלט דיבאָם, געשלאָגן מיט די פיס און הילכיק זיך צעהירזשעט. אַן אומרו האָט אַרומגעכאַפּט די איבע־ריקע פערד נישט צו וויסן, צי מחמת גלוסט, וואָס דעם אַגערס הירזשעריַי האָט אַרויסגערופן אין זייערע פערדישע בלוטן, צי מחמת אינסטינקטיוון געפיל, אַז באַלד וועט דאָ זיך עפּעס מאַכן.

די פערד האָבן זיך אַ ריס־געטאָן פאָרויס. זיי האָבן נישט געפילט די שטעכיקע שפּאָרן, זיי האָבן זיך צונויפגעדריקט אין אַ קנויל, מיט וויברי־רנדיקע נאָזלעכער און שוימיקע מיַילער. פון דער צווייטער זיַיט, האָבן זיך געוואָרפן די פעלאַכישע אייזלען בייַסן און קאַפּען די אַלטע פלעגמאַ־טישע פרידות. יענע האָבן צוריקגעענטפערט מיט די פיס און גענומען לויפן און שפּרינגען אין אַלע זיַיטן איבער די קשאַקעס און דערנער, גע־ריסן זיך צו די פערד, ווי זיי וואָלטן געזוכט ביַי זיי שוץ. פון די קשאַקעס אַרויס האָבן זיך געלאָזט לויפן איבערראַשטע, דערשראָקענע האָזן און שאַקאַלן.

בעת די פעלאַכן מיט די בעדויִנער זענען שוין געווען וויַיט פאַרפאָרן אין פאַרביטערטן געשלעג, רייַסנדיק זיך ביַי די בערד און קאַפּטאַנעס און קרומע מעסערס מיט שטילעטן האָבן גענומען בליצן אַקעגן דער זון, האָבן זיך אין דער באַטאַליע אַריַינגעפּלאָנטן די פרויען מיט זייער גאָר־גלדיקן יאָמער. איינע פון דער צווייטער האָבן געריסן די קאָפּ־טיכער, די האָר און די קליידער, זיי האָבן זיך געריסן און געביסן מיט ציין און נעגל, געממיתט מיט די שיך פון די פיס ביז זיי זענען געפאַלן צונויפגעפּלאָנ־טענע אונטער די פיס פון די מענער. דערזעענדיק אין דעם קנויל די וויַיבער, האָבן די מענער אָפּגעלאָזן איינער דעם צווייטן און זיך געוואָר־פן פונאַנדערפּלאָנטערן דעם וויַיבערשן קנופּ, שלאָגנדיק זיי ווו ס'איז אונטערגעקומען. אַ שטיקל וויַיטער האָט אַזאַ מערכה געפלאַקערט צווישן

די פערד, אייזלען און פרידות. אין דער מהומה האָבן די אָגערם באַוויזן אַפּטאָן זייערם, בלײַבנדיק שטיין אָן אַ זײַט אַפּאַטיש, גלײַך זיי וואָלטן געווען גאָט די נשמות שולדיק, אָן דער מינדערסטער שייכות צום גאַנצן עסק. ווידער די הינט זענען חלילה ניט געבליבן הינטערשטעליק, לכתחילה האָבן זיי זיך באַשמעקט, דערנאָך גענומען וואָיען, ברומען, שטשירען די ציין ביז זיי האָבן זיך איינגעביסן אין די פעלן כמנהג כלבים פון פײַנטלעכע מחנות.

די ערשטע אין דער מהומה האָבן זיך באַזיגט די זקנים פון ביידע זײַטן. דער גלאַנץ פון די מעסערם און שטילעטן האָט זיי אָפּגעקילט, בעת זיי האָבן זיך געלאָזן פונאַנדעררײַסן דעם פאַרווילדעטן מענטשן־קנויל, האָט שוין בלוט גערונען, אַלא ניט די זקנים האָבן פאַרענדיקט דעם עסק, נאָר די יִנגלעך, וואָס האָבן זיך צעשריִען בקולי קולות:

— באָלים! פּאָליציי - פּאָליציי!

ווי פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואַקסן רייטערם פון דער גרענעץ זשאַנדאַרמעריע. בלויז זייער אָנזען האָט אין אַ רגע אַלץ אָפּגע־שטעלט.

די מענער, ווי זיי וואָלטן נישט געשטאַנען צעממיתטע, אַרומגעריסענע, האָבן געמאַכט אַזאַ תמעוואטן אָנשטעל, און זיך געוואָרפן מכבד זײַן מיט פרישע קלעפּ די ווײַבער, שרײַענדיק מיט קולי־קולות, הלמאַי זיי רײַסן זיך אַרום איינע מיט דער אַנדערער. דערווײַלע האָבן די זקנים גע־נומען אַרײַנטענהן מיט די זשאַנדאַרן, וואָס זענען מיט זיי אַוועק אָן אַ זײַט. די זקנים האָבן זיך געקראַצט די אויסגעקראָכענע בערד, און נאָך דעם מיט די קנאָביקע הענט געגישטערט אין די טיפע קעשענעס פון די תחתונים און קאַפּטאַנעס...

אַ שעה שפּעטער, ווען ביידע קאַראַוואַנען האָבן זיך געגרייט צוריק אין וועג, האָבן אַ מהלך ווײַטער פון יענעם פעלד די זשאַנדאַרן מיט קאַנ־משיקעס פונאַנדערגעריסן אַ קנויל בעדויִנישע מיט פעלאַכישע קינדער, וואָס האָבן זיך געשלאָגן מיט שטעקנס און שטיינער, צעטריבן זיי צע־קלאַפּטע און פאַרבלוטיקטע.

# „שונאים"

יאַכע איז געבעך אַ ווייסטע אלמנה. איר מאַן בעריש, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, איז אומגעקומען אין די אומרוען פון ניינצן־ניין און צוואַנציק און איבערגעלאָזט יאַכען מיט דריי עופהלעך. בעת־מעשה האָט קהל געזאָרגט פאַר איר: די קינדער אָפּגעגעבן אין אַ קינדער־הויז אויף אַ גאַנצן טאָג. יאַכען אויסגעבויט אַ באַראַקל, ווייטלעך אויפן שפּוע פון כרמל. אַזוי האָט עס געדויערט ביז קהל איז דערעסן דער עסק און יאַכע האָט זיך געמוזט אויסזוכן פּרנסה פון פאַרקויפן בייגל מיט זעמל. זי שטייט אויף פּאַרטאָג, לויפט מיט די קאָשעס אין בעקעריי נעמען סחורה און פון דאָרטן צוריק איבער צענדליקער היימען און וואַרשטאַטן, מחמת דער עולם האָט ליב דוקא פרישע, וואַרעמע בייגל מיט זעמל צום פרישטיק. עולם האָט ליב ס׳זאָל קנאַקן אונטער די ציין. אַ פּאָר שעה שפּעטער לויפט זי שוין צוריק אַהיים מיט די ליידיקע קאָשעס, דורכגענעצט פון שוויים, אונטערגעהאַקט די פיס. צוגרייטן און געבן עסן די קינדער איז איר לויפן, כדי שפּעטער ווידער אַוועקצוגיין איבער אנדערע הייזער וואַשן שוויי־בן מיט גרעט.

— נישט צו פאַרזינדיקן — טענהט זי צו די קינדער, בעת זי טיילט זיי איין די רעשט צוגעלעגענע, צוגעברענטע זעמל, אָדער צעבראָכענע בייגל, וואָס הונדערטער הענט האָבן אויסגעטאַפּט און איבערגעוואָרפן.

האָט דער גורל געוואָלט, אַז יאַכע זאָל האָבן אַ שכנטע אויך אַן אל־מנה ווי זי, פאַטמע, אַן אראבקע, וואָס וווינט נישט ווייט אין אַן ערגערן באַראַקל וואָס איז צונויפגעקלאַפּט פון אויסגעגלייכטע נאַפּט־בלעכן אויף

אַלטע לײַסטן און אַרומגעשמירט מיט ליים. פאַר פּאַטמען האָט קהל נישט געזאָרגט; אַזאַ איז פאַר איר נישט געווען. איר מאַן חוסיין איז געווען אַ פישער. כדרך הטבע אין אַזאַ פאַך, האָט דער ים אים פאַרשלונגען און איר געלאָזן מיט זעקס יתומים. פּאַטמע פלעגט אויך פאַרשווינדן יעדן באַגינען, מיטנעמענדיק די עלטערע קינדער מיט זיך אין מאַרק, וווּ זיי וואַלגערן זיך גאַנצע טעג.

אויפן מאַרק מאַכט זיך צוצוטראָגן אַ קאָשיק אויף צו פאַרדינען אַ פּאָר פּרוטות. דאָרטן געפינט מען אַ צונעלעגענע פרוכט אָדער גרינצײַג, מ'קען עפּעס צולקחענען, מען קען אויך אויסבעטלען אַ באַקשיש פון אַ גוטמוטיקן ייִד אָדער אַראַבער.

פּאַטמע אַליין האָט איר פּרנסה פון וואַשן וועש בײַ ייִדן. זי פלעגט זיך צוריקקערן אַהיים אין פינצטערער נאַכט און געפינען איר געזעמל קינדער ברודיקע, אַרומגעריסענע אַרום אַ פײַערל בײַ דער טיר פון באַראַק. די עלטערע קינדער פלעגן צעלייגן ס'פײַער פון צונויפגעקליבענע שפּענדלעך און ברעטלעך. אויף די פלאַמען, אויף אַ פאַרוויכערטן, אָנגעגליטן דרייפוס האָט זיך שוין געקאָכט דער אייביקער קעסל לינדזן אָדער בורגול מיט אייל און ציבעלעס. פּאַטמע פלעגט דעמאָלט נעמען אויסלאָדן אַלע פאַלדן און באַהעלטענישן פון איר צעקנאָדערט אַלט קלייד: שטיקלעך ברויט, צוקער, — אַן עפּעלע, אַ מאַראַנץ, אַ מאָל אויך אַ ביינדל מיט אַ פּיצל פלייש, אַלץ וואָס ס'פאַלט אָפּ פון אַ באַלעבאַטיש ייִדישער קיך. די קינדער פלעגן זיך וואַרפן ווי הונגעריקע וועלף אויפן רויב, און פּאַטמע, נישט צו שטערן, האָט זיי באַטראַכט מיט טרוקענע אויגן, מיט אַפּזיפץ:

— ווען חוסיין וואָלט געלעבט, יאָ אַללאַה, געלעבט און געזען...

צווישן פּאַטמען מיט יאָכען זענען קיינמאָל נישט געווען די מינדסטע מחלוקתן. די קינדער פלעגן זיך יאָ אַרומרײַסן, אָבער מיט חסד. דערפאַר האָבן זיך די קינדער געטיילט קעגנזײַטיק מיט אַלע „פּערל" פון דער גאַסן־קולטור; יאָכעס קינדער האָבן זיך אויסגעלערנט אַלע שאַרפע ווערטלעך פון אַראַבישן מאַרק־לשון, פּאַטמעס קינדער, האָבן חוץ „שלום" זיך אויסגעלערנט „מכל טוב" פונעם העברעיִש־ייִדישן לעקסיקאָן. די קינדער פלעגן זיך אַזוי באַגריסן:

— שלום, יאַנקעלע חמור.

— מאַרגאַבאַ, אחמדקע „ארס” (אויסוואורף).

יאַכען פלעגן זיי נאָכשרייַען: יאַכא, יאַכא, נאָד נאַפּועך (געשוואָ־לענע נפיחה).

— אַ קרענק אין אַייַער זיידנס אייניקלעך — פלעגט זיי יאַכע ענט־פערן אָן כעס.

אַלץ איז געווען מיט חסד, מיט גוטמוט, אדרבא, אַז ביַי פאַטמען פלעגט פאַרגיין אַ קינד, פלעגט אים יאַכע צוטראָגן אַ בייגל, אַ זעמעלע, נישט איינמאָל האָט יאַכע געלערנט פאַטמען מאַכן אַ קאַנעלע אַ קינד, צו געברויכן אספּירין; דערפאַר, בעת יאַכע פלעגט ליגן צונויפגעדרייט אין רעוומאַטישע יסורים, איז פאַטמע געקומען מיט אירע קנאָכיקע פינגער איינרייַבן די שבנטע מיטן ראָמאַטיטשנעם עסיק, אָדער צולייגן צו די פיס אַ וואַרימען ציגל מיט אַ האַנטוך, אַ זעקל הייסן זאַמד וכדומה.

אַזוי איז געווען ביזן זעקס און דרייַסיקסטן יאָר, פּסח צייַט.

אין פרילינגס־באַגינען פון יענעם יאָר, ווען די לופט איז איבערפולט געווען מיט בשמים פונעם בלומיקן דיוואַן אויפן כרמל, איז פאַטמע נאָר וואָס נאָך זריחה אַוועק וואַשן וועש אויפן יידישן „הדר”. געקומען אַהין האָט מען איר פאַרטריבן פון דער יידישער גאַס: „יאַללאַ, יאַללאַ, אימשי” — טראָג זיך גיך אָפּ פון דאַנען.

פאַטמע האָט נישט תופס געווען, וואָס עס פאַרלויפט זיך דאָ, איצט אין סאַמע ערב פּסח, ווען מען רייַסט איר פון שטוב צו שטוב, זאָל מען איר גאָר פאַרטרייַבן פון גאַס: „שו־סאַר”, וואָס איז געשען?

ווי תמיד צוריקוועגס אהיים, ווען זי פלעגט זייַן הונגעריק, פלעגט זי זיך לאָזן צו אַן אַלטן פייַגנבוים, וואָס נישט ווייַט פון אַ בית־מדרש. קיין מאָל האָט מען איר נישט געשטערט אָנרייַסן פייַגן, אָנצועסן זיך צו זעט און מיטנעמען אַהיים פאַר די קינדער. דאָס מאָל זענען איר באַפאַלן יינג־לעך, געוואָרפן שטיינדלעך, געשאָטן אויף איר זאַמד און מיט חרפה פאַר־טריבן אַ הונגעריקע, אַ בייזע.

דעם זעלבן באַגינען האָט יאַכע געכאַפּט אַ שטיין אין קאָפּ, אין אַ געמישטן קוואַרטאַל, וווּ זי האָט אַלע טאָג געטראָגן בייגל צו יידישע קונים.

קיין גאזעטן לייענט זי ניט, האָט זי נישט געוווּסט אַז הײַנט איז דאָרטן סכנות נפשות. אַ טייל ייִדן איז אַוועק אין דער ריין־ייִדישער געגנט, און אַ טייל האַלט זיך צוזאַמען אין עטלעכע דורכוים ייִדישע הײַזער, באַוואָפנטע מיט „כלים", צוגעגרייטע אויף „די שעה זי זאָל חלילה ניט קומען".

ביידע אלמנות זענען צוריקגעקומען אהיים — יאַכע מיט אַ פאַרבלוטיקטן קאָפּ, מיט קויטן נישט פאַרקויפטע בייגל און זעמל; פאַטמע — אַ שמוציקע, אַ צעשויבערטע, הונגעריק און פאַרביטערט.

ביידע האָבן זיך באַגעגנט אויפן שמאָלן שטעג, וואָס האָט געפירט צו זייערע שטיבלעך, און נישט צו וויסן פאַרוואָס און פאַרוועו, נעמט פאַטמע און גיט אַ שפּײַ אויף יאַכען; יאָכע איז נישט געבליבן קיין בעל חוב. אַז ביידע אלמנות האָבן זיך צעשריגן, זענען אונטערגעקומען די קינדער און ס'האָט זיך פאַרוויקלט אַ לאַנגער געשלעג צווישן ביידע משפחות פון דלות וואָס אויפן שפּוע פון כרמל, ווײַט פון ישוב. נאָכן געשלעג איז צווישן ביידע היימען געבוירן געוואָרן אַ שנאה, אַ שנאה וואָס האָט אָנגעהאַלטן לאַנגע חדשים ביז יענעם באַגינען, וועגן וועלכן מיר דערציילן ווײַטער:

יענעם באַגינען האָבן זיך באַגעגנט אויף אַ פאַרוואָרלאָזטן פײַגנבוים יאָכעס יענקעלע און פאַטמעס אחמדקע. די פײַגן זענען געווען גרין, נישט צײַטיק, האַרט ווי שטיין, פאַרשטויבט און פול מיט גיפטיקן ווײַסן זאַפט. אחמדקע איז געווען טויט־הונגעריק האָט ער געגעסן, נישט איבערצוקלײַבן וויפל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט. יענקעלע, ווידער, איז געווען מער איבערקלײַבעריש, האָט ער פלינק געקלעטערט פון צווײַג צו צווײַג, געזוכט מער צײַטיקע פרוכט. קלעטערנדיק האָט זיך אָפּגעבראָכן אַ צווײַג, יענקעלע איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און ווײַזט אויס, צעבראָכן אַ פיסל.

יענקעלע האָט זיך שטאַרק צעוויינט, נישט געקענט זיך אויפשטעלן. אחמדקע האָט זיך דערשראָקן, אַראָפּ פון בוים און אַנטלאָפן, אלא אין געלאָף האָבן אים טויזנט שלאַנגען פאַרקלעמט ס'בײַכל, שוים האָט געשלאָגן פון מויל, פון יסורים איז ער נישט ווײַט פון בוים אַנידערגעפאַלן — אַזוי אַז ביידנס געוויין האָט זיך צונויפגעגאָסן אין אַ יללה. זענען

ביידע מוטערס געקומען צו לויפן, זיך געוואָרפן צו די קינדער. אחמדקעס בייכל איז אויפגעלאָפן און געוואָרן האַרט ווי אַ שטיין, ווידער יענקעלעס פיסל האָט אָנגעשוואָלן ווי אַ האַלץ. פון אַ דאָקטער האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין, ווייל אָקערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק, איז געווען אומרויִק אין גאַס, מ'האָט געהערט ווי ס'פאַלן שאָסן; ווער וועט עס איצט וואַגן גיין זוכן אַ דאָקטער, ווער רעדט נאָך אַז די פּרוטה איז אויך נישטאָ!

ס'האָבן זיך צונויפגעטראָפן די צוויי פּאָר פאַרלאָפענע מוטערשע אויגן און אַ שטראָם מיט רחמים האָט דורכגעשטראָמט זייערע צעווייטיקטע הערצער. ביידע זענען געקומען צו זיך, האָבן זיך אָנגעקוקט און שטומערהייט אַן עצה געהאַלטן:

— אַ קאַנעלע, — מורמלט יאָכע צו פאַטמען. די אַראַבקע האָט זיך פאַרלוירן.

—גיכער, פאַטמע, ביי מיר אונטערן אַלמער הענגט די קאַנע...

איז פאַטמע צוגעקומען צו יענקעלען באַטראַכטן ס'פיסל. ביידע האָבן נאָך דעם גענומען די קינדער און זיי געבראַכט פאַר יאָכעס טיר אויף אַ ראַגאַזשע.

אונטערן אויג פון די מוטערס האָבן זיך די קינדער באַרויִקט, כאָטש די יסורים האָבן נישט נאָכגעלאָזן. פאַטמע האָט גענומען פריִער גלעטן און פאַוואָלינקע אויסגלייכן יענקעלען ס'פיסל, נאָך דעם האָט זי עס איינגעבונדן מיט שטעקעלעך און שמאַטקעס.

ווען פאַטמע האָט זיך אַזוי פאַרנומען מיט יענקעלען, האָט יאָכע מיט ציטעריקע הענט געריבן אַ שטיק האַרטע זייף אויף אַ ריבאייזן, צוגעגרייט דעם חומר פאַר אַ קאַנע פון אחמדקעס ווענן און זי האָט געוואַרט ביז ס'וואַסער וועט זיך דערוואַרעמען.

די קינדער פון ביידע אַלמנות זענען אָן וויסן פון די מאַמעס און אָן מורא פאַר דער אומרויִקער גאַס, אַוועקגעלאָפן צום רויטן „מגן דוד" נאָך הילף:

— קומט, אונדזערע ברידערלעך!

מיט רעש איז אונטן אָנגעלאָפן דער אַמבולאַנס פון רויטן „מגן דוד".
צוויי ליכטיקע ייִדישע טעכטער אין ווײַסן האָבן צוזאַמען מיטן שאָפער,
וואָס איז געווען גלײַכצײַטיק אַ סאַניטאַר, זיך געדראַפּעט איבער דעם
שפּוע פון כרמל, זיי האָבן נאָכגעצויגן מיט זיך אַ טראָג־בעטל איבערצו־
נעמען די קינדער. אַזוי ווי זיי האָבן געבראַכט נאָר איין טראָג־בעטל,
האָט מען אויף איר אַרויפגעלייגט יענקעלען, אָנזאָגנדיק, אַז באַלד קומען
זיי ווידער נעמען אחמדקען. איז יאָכען די מעשה נישט געווען צום
האַרצן, האָט זי נישט געקלערט, מעשה מאַנסביל אַראָפּגענומען די טיר
פון איר באַראַקל, אויסגעבעט זי מיט אַ קאָלדרע און קישן אַרויפגעלייגט
אויפן טיר אחמדקען און צוזאַמען מיט פּאַטמען אים אַראָפּגעטראָגן
אונטן, אַראָפּ־שפּוע, צום ווײַסן אַמבולאַנס. זיי זענען באַגלייט געוואָרן
פון די אַרומגעריסענע קינדער פון ביידע היימען.

אויף מאָרגן האָט מען בײַם אַרײַנגאַנג צום שטאָטישן שפּיטאָל
געזען ביידע מאַמעס אַרײַנגעטאָן אין אַ פרײַנטלעכן שמועס, בעת אין
שטח צווישן ביידע עלנטע היימען אויפן שפּוע פון כרמל האָבן זיך די
קינדער פון פּאַטמען מיט יאָכען געשפּילט אין מלחמה „צווישן ייִדן און
אַראַבער"...

# ביכורים

פון ווײַטן זעט ער אויס ווי א ייִנגל פון אכט־נײַן יאָר. פון דער נאָענט פארלירט מען דעם חשבון. ער איז צו דין און צו מאָגער פאר אן אכט־יאָריקן, ווידער דאָס פנים מיט די טיפע טונקל־ברוינע אויגן, דער פארביסענער קוק, ביידע באלכסונדיקע שניטן בײַ דער נאָז מיטן גערונצלטן שטערן — טענהן פאר א העכערן עלטער. אפשר שפּעטער וועט מען עס קאָנען וויסן. לעת עתה געפינט ער זיך ווידער אין א לאגער אין א״י זינט עטלעכע וואָכן.

זײַנע בגדים זאָגן, אז נישט פאר אים האָט מען זיי גענייט, דאָס נעמלעכע דאָס משונהדיקע היטל מיטן זשוליקעוואטן דאשעק. אויך די שיך זענען געטשוועקלט נישט פאר זײַנע פיסלעך. פון זײַן הילוך ווײַנט אראָפּ עלנט און יתמות.

אז ער טענהט זיך אויס, זענען זײַנע רייד גאָר פון א דערוואַקסענעם. ער איז א בקי אין די מארקעס פון אלע קאָנסערוון־בלעכלעך, ער קען געאָגראפיע ווי דער בעסטער פאָלקס־לערער און רעדט א שפּראך, וואָס וואָלט געקלעקט פאר א פילאָלאָג אויף יאָרן ארבעט: פּויליש מיט יידיש, רומעניש, איטאַליעניש מיט לאדינאָ געמישט, פראנצויזישע ברכות מיט רוסישן ניבול־פּה, און נאָך א שלל ווערטער, וואָס נאָר ער אליין פארשטייט זיי. משמעות: אליין האָט ער זיי געשאפן אויף די נארעס פון א צענדליק לאגערן און אזילן. דערווײַל איז ער אין א״י אויך אין א לאגער, ווי אלע לאגערן, ארומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראָט, ארומגעדרייט ארום מיאוסע קלעצער, מיט באראקעס, מיט א שמירה ארום.

ס׳איז נאָר פאַראַן אַ חילוק: דאָ איז ער פרײַ, ער איז זאַט, און די שומ־רים — נישט צו דערקענען, משונהדיקע שומרים! שרײַען נישט, שלאָגן נישט און ריידן ייִדיש לשון. ער קען נישט פאַרגעסן, ווי איין מאָל האָט אים אַזאַ שומר גענומען צו זיך אויפן שויס, צוגעטוליעט צו זיך, גע־גלעט — דערציילט נישט קיינעם — אַ קוש געטאָן און זיך פונאַנדער־געוויינט. פּשוט געוויינט. פּלאי פּלאים. שומרים מיט זעלנערשע היטלען מיט קאָקאַרדעס, עפּאָלעטן מיט בענדלעך און שווערע אמתע סאָלדאַטס־קע שיך — ייִדישע בחורים... טוליעט ער זיך צו זיי ווי אַ קעצל און גייט זיי נאָך ווי אַ שאָטן. וואָס זיי רעדן צו אים, פאַרשטייט ער כמעט אַלץ, אויך זיי פאַרשטייען ווייניק זײַן לשון, אָבער מען גיט זיך אַן עצה.

אַלע וויסן שוין, אַז מען רופט אים „דאַנטשיק״. אַ משונהדיקער נאָמען, אַלאַ די ניעמאַן־ליטוואַקעס פירן זיך דניאלן צו פאַרדרייען אויף „דאַנטשע״. און ווײַל ער איז אַ קינד רופט מען אים „דאַנטשיק״, פון וואָס מען איז משער, אַז ער האָט אַ מאָל אויך געהאַט אַ טאַטן מיט אַ מאַמען, וואָס האָבן אים אַ נאָמען געגעבן נאָך אַ זיידן, אַ ייִד פון ערגעץ אַרום גראָדנע אָדער קאָווגע, וואָס פלעגט טרײַבן טראַטוועס, אָדער טראַנספּאָרטירן חזיר־האָר, צי אייער קיין לייפּציק אָדער דאַנציג איבער די וואַסערן פון ניעמאַן.

איצט האָט ער קיינעם נישט: נישט קיין טאַטן, נישט קיין מאַמען, נישט קיין קרוב, קיין גואל, כאָטש ער האָט אַלעמען און אַלע האָבן אים דאָ אין לאַגער...

דער דאָקטער האָט אים פאַרשריבן נײַן יאָר — זאָל זײַן נײַן. אויפן פּאַפּירל מיטן סטעמפּל, וואָס ער טראָגט אין אַ קעשענע, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן דן אברהמי, נישט צו וויסן וועמענס אײַנפאַל ס׳איז געווען אים אַזוי צו רופן, טאָ זאָל זײַן אַזוי. וויכטיק ווי ער האָט גע־הייסן? וויכטיק איז, אַז ער לעבט און אַז אָט באַלד וועט ער זײַן איינער פון אַ סך, איינער פון אַלע קינדער אין ייִדישן לאַנד. ס׳וועלן פאַרגיין די רונצן מיט די קנייטשן אויפן פּנים; ס׳וועט אַוועק די פאַרביסנקייט, ס׳וועלן זיך פאַרקרײַזלען די האָר, זײַן הויט וועט ווערן ברוין און בקרוב

וועט ער זיך אויסלערנען מענטשיש רעדן, אפשר צו קענען דערציילן שטיקלעך געשיכטע, וואָס ער אליין האָט געמאַכט, געשיכטע וואָס פליסט ווי זיין בלוט — ברוטאַלער נאַקעטער אמת: ווי ער איז אַלט געווען צוויי אָדער דריי יאָר, ווען זיינע עלטערן זענען אומגעקומען, נישט צו וויסן ווי אַזוי: צי אַ באָמבע האָט זיי צעריסן, לויפנדיק פון פייער, צי אַ גוטער שכן האָט זיי געשאָכטן און מחמת קריסטלעכער רחמנות, ס'עופּהלע פאַרשווינט, ווי אַ הינטל עס אַרויסגעוואָרפן אין גאַס; צי מען האָט זיי פאַרפּייניקט אין אַ קאַצעט, פאַרברענט לעבעדיקערהייט. פון אַ שמוציק צעטעלע צוגעקלעפּט צו זיין לייב און פון אברהם אָבינוס צייכן, האָט מען געוווּסט, אַז ס'איז אַ ייִדיש קינד. פּויערים האָבן אים געפונען אַרומקריכן אַרום אַ באַרג מתים ווי אַ קליין הינטל, געבראַכט אין דאָרף, וווּ ס'האָט אים אויסגעלייזט עפּעס אַ פרוי, אפשר אַ פאַר־שטעלטע ייִדישקע. וואָרעם זי האָט פאַר אים באַצאָלט מיט איר גאַנצער צירונג, מזומן, ביזן לעצטן בגד אויפן לייב. די פרוי האָט זיך אויסבאַ־האַלטן ערגעץ נישט ווייט אין אַ חזירים־שטאַל, באַהאַלטן זיך צוזאַמען מיטן קינד. איידער מען האָט אים געפונען, זענען דאָרטן געקומען דייטשן מיט אַ לאָדונג לעבעדיקע און טויטע ייִדן, זיי האָבן אַרויסגעטריבן די פּויערים פון דאָרף אין פעלד און באַפוילן די ייִדן באַגראָבן ווי מ'שטייט און גייט אין אַ גרויסער גרוב פון קאַרטאָפל. די גויים האָבן אַזוי געטאָן ביז ס'איז צוגעפאַלן נאַכט. די דייטשן זענען אַוועק, איז די גויים מיאוס געוואָרן די מלאכה און זיי זענען אויך אַנטלאָפן אין דער פינצטער אַריין.

ווייטער געדענקט ער שוין אַליין ברעקלעך געשיכטע פון שטאַלן, בהמות, חזירים, גריבער, קלעפּ און שטענדיקן הונגער, ביז עס איז גע־קומען איינער אַזאַ טאָג, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן אַ מוראַדיקע שיסעריי. די פרוי, וואָס האָט אים אויסבאַהאַלטן איז ווי אַלע טעג פרי ערגעץ אַוועק און דאָס מאָל מער נישט צוריקגעקומען. אַנשטאָט איר זענען גע־קומען איינער אַזאַ טאָג, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן אַ מוראַדיקע שיסעריי. אים נישט געשלאָגן, נישט געטרעטן מיט די פיס ווי די שקצים פון דאָרף, אַלא עפּעס געזאָגט גוטס, וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען; זיי האָבן

אים געגעבן אזא שווארצע טאָוועלע, וואָס ער האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט דעם, ביז זיי האָבן עס צוריקגענומען, צעבראָכן אויף שטיק־לעך און איבער געוואלד געשטאָפּט אין מויל. געווען איז עס געשמאַק, טעם גן עדן. נאָך דעם האָבן זיי אים אָנגעשטופּט א פולן בוזעם מיט קיכעלעך, געגעבן דאָס היטל, וואָס ער טראָגט ביז היינט און געבראַכט אין א לאַגער פול מיט ייִדן.

אין לאַגער האָט ער אויסגעלערנט זיין איצטיקן לשון מיט א סך אנדערע נוציקע זאַכן; בעטן ביי די גוטע זעלנער קיכעלעך, ברויט, שטיקלעך ציגאַרעטן, און אנדערש מאָל פּושקעס מיט געשמאַקע אכילה. אין לאַגער האָט ער זיך נאָך שפּעטער אויסגעלערנט „אָרגאַניזירן", וואָס ס'האָט זיך נאָר געלאָזן, ביז מען האָט אים אַוועקגענומען פון דאָרטן, געבראַכט צו א ים, און צוזאַמען מיט א סך ייִדן אַרויפגעזעצט אויף א שיפל, וווּ ער איז מיט זיי געלעגן טיף אין אזא קעלער. אין קעלער איז געווען גענוג צום עסן, ס'איז נאָר געווען קנאַפּ וואַסער, ווידער ס'ביסל וואַסער, וואָס מען האָט שוין יאָ געגעבן יעדן טאָג, איז געווען נישט אין מויל צו נעמען: מענטשן פלעגן עס אויסברעכן און ווידער חלשן א טרונק.

לאַנג, זייער לאַנג האָט געדויערט די נסיעה אין קעלער פון דער שיף, ביז זי איז שטיין געבליבן אין א רעגנדיקער קאַלטער נאַכט. עס זענען געקומען בחורים מיט אייזערנע הענט, און אַלעמען אַרויסגעטראָגן פון קעלער, מיט לייטערס געפלאָכטענע פון שטריק זענען זיי געקומען, די בחורים. די לייטערס האָבן זיי צוגעבונדן צו דער שיף און אזוי אַלעמען אַראָפּגעפּעקלט אין קליינע שיפלעך, אונטען אין רוישיקן ים. ס'איז געווען אַן אימה, ס'האָט געוואָרפן! מענטשן האָבן געוויינט, גע־שריִען און דאָ איז פון דער נאָענטער יבשה מיט א מאָל געפאַלן א שטאַרקע ליכט אויפן וואַסער, ס'איז אויסגעבראָכן א שטאַרקע שיסעריי. מער געדענקט ער נישט פון יענער אימה־נאַכט. ער געדענקט נאָר, ווי ער איז בלינד געוואָרן פון דער שטאַרקער ליכט וואָס איז אים פּלוצים גע־פאַלן גלייך אין די אויגן. ער האָט זיך דערשראָקן, ער האָט געוואָלט שרייען ווי אַלע און נישט געקענט, ביז א פּאָר פעסטע הענט האָבן אים

ל. חיין (שמעוני)

אַ נעם געטאָן און אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג ווי אַ בינטל שמאַטעס.

— — — אָט זיצט ער דאָ איצט מיט אַ סך ייִדן אין לאַגער, נישט הונגעריק, נישט דורשטיק. דער הויף איז ברייט און גרויס, ער פאַרקלײַבט זיך אויף אַ הויכן עוקאַליפּטוס־בוים, און רעדט צו זיך אויפן קול: „ווי שיין דאָ איז! פון יענער זײַט שטעכעדיקע דראָטן איז ווײַסער זאַמד ווי דאָס פײַנסטע מעל. אפשר איז׳ס טאַקע מעל? בלויער ים, ניט שוואַרץ און בייז ווי יענער ים. בלויער הימל, ליכטיקע זון, אַזוי פיל ווײַסע הײַזער מיט גרינס אַרום. פון ווײַטן שפּרייטן זיך פעלדער געפּאַסעוועטע אין גינגאָלד מיט טונקל גרינע דיוואַנעס, פייגלש צוויטשערן.

עס רײַסט זיך אַזאַ האַרציקער געזאַנג פון יענער זײַט שטעכעדיקע דראָטן. קינדער זינגען און דער יונגער שומר פון לאַגער, אורי, דער־ציילט אים אין זײַן געבראָכענעם צאַברישן ייִדיש: „חג ביכורים הײַנט דאָ אין א״י, שבועות, דאָ געוואָרן תבואה צײַטיק, הײַנט חג, הײַנט קינ־דער דאָ טראָגן ביכורים. איך שטילערהייט דיך אַרויסטראָגן פון דאַנען, דיך מיטנעמען, דו זען, כמו בעיניך, איזה יופי! שיינע קינדער, שיינע ביכורים״...

פאַרכלינעט דערציילט אים דער שומר, ווי אַזוי אַלע ייִדישע שולעס, יעדע אונטער איר פאָן מאַרשירט אין די גאַסן פון די שטעט, דערפער און קיבוצים פון לאַנד ישראל. אַלע אין ווײַסע קליידער, מיט בלומען און גרינס געפלאָכטענע קרענץ אויף די קעפּ, אַלע ברענגען ביכורים, וואָס מיינט די ערשטע צײַטיקע פּרוכט פונעם יאָר, ברענגען צונויף אויף אַ פּלאַץ, מוזיק שפּילט, עלטערן פאַרגייען אין פרייד און לערערס אין נחת. מען ברענגט בינטלעך תבואה, האַנט־אַרבעט, שעפּסעלעך, ציגע־לעך, הינער, טויבן און גרינצײַג... מען ברענגט עס צונויף, מ׳פאַרקויפט און פאַרן געלייזטן געלט, קויפט מען ערד פאַר ייִדן, פאַר אַזעלכע ווי די, ווי איך, פאַר אַלע וואָס זענען ווילן די ערד צו באַאַרבעטן, צו מאַכן אַ ברכה, „המוציא לחם מן הארץ, כן, כן, יא חביבי״...

יענע נאַכט האָט דאַנטשעלע אַן אויג נישט צוגעטאָן. ער האָט געפלאַמט און געפיבערט. כאָטש נישט אַלץ האָט ער תופס געווען, וואָס דער שומר אורי האָט אים דערציילט. די מעשה האָט אים צערייצט;

איז עס אמת? די נאכט האָט זיך געצויגן. ס'האָט זיך אָנגעצונדן א פלעמל אין זײַן געמיט: „מאָרגן וועט אים אורי שטילערהייט ארויסנעמען פון דאנען אויף עטלעכע שעה ווײַזן די ביכורים". ער וועט עס אליין זען דעם יום־טוב, פארוואָס האלט מען איפ דאָ? ער וויל אויך מיטגיין מיט דער חברה, ער וויל אויך טראָגן ביכורים — — — איז אים אײַנ־געפאַלן א מחשבה, ביז ער האָט זיך שוין געזען מיטגיין מיט דער צע־זונגענער חברה מיט א בלומען־קראַנץ אויפן קאָפּ. און אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פארטאָג, איז שוין די בײַנאכטיקע מחשבה געווען א שטיק וואָר. אורי האָט אים געזאָגט, אַז די קינדער ברענגען שעפעלעך, ציגע־לעך, עופות און טויבן. טויבן! אָט דאָ אונטערן דאך ווימלט פון טויבן, ווײַסע ווי שניי מיט שווארצע עקן, ברוינע מיט רויטע שנעבעלעך, וואָס פאר א טויבן? ער דארף נאָר „אָרגאַניזירן" אזא פּאָר, פון די שענסטע פון זיי און מיטנעמען מיט זיך, זײַן חלק אין די — — — ווי רופט מען עס? „ביכורים"...

פלינק איז ער אראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער, ארויפגעכאַפּט אויף זיך די הייזלעך, זיך ארויסגעשלײַכט פון באראק און ווי א קעצל מיט די נעגל פארקראַמפט אין דער וואנט, זיך גענומען ארויפדראַפּען פאַזע פענצטער אין דער הויך אונטערן דאך צו די נעסטן פון די טויבן.

שפּעטער האָט מען אים געפונען א פארחלשטן ליגן אויף דער ערד איבער א צעדריקטער טויב. איר בלוט האָט אים פארשפּריצט ס'לײַב, וואָס ס'האָט איבערגעשראָקן דעם עולם; מען האָט געמיינט: ער האָט זיך מי יודע וואָס צעבראָכן.

דער דאָקטער האָט אים געבראכט צו זיך. חוץ א שפּאַלט אין לינקן שיפּביין פון פוס בײַ אים גאָרנישט געפונען. דאנטשע איז געלעגן רויִק, טויט־בלאַס אין אַמבולאַטאָריע אויפן טיש, נישט צו פארלירן א קרעכץ, נישט צו דערציילן א וואָרט, ווי אזוי דאָס איז געשען, ביז אורי דער שומר איז געקומען צו לויפן. אורי האָט די מעשה פארשטאַנען, אורי האָט א טיף דערשיטערטער אויך פארלוירן ס'לשון...

דעם זעלבן נאָכמיטיק, כאָטש ס'איז געווען א פראָסטער מיטוואָך צוויי טעג נאָך שבועות, האָט דער קווארטאַל, וואָס נישט ווײַט פונעם

לאַגער, געשטראַלט און געזונגען. אַלע האָבן באַציַיטנס געוואָרפן די אַרבעט, זיך אויסגעפּוצט אין די שענסטע קליידער, די הײַזער אויסגע־צירט אין גירלאַנדעס פון לעבעדיק גרינס און אַרויסגעהאָנגען פאָנען. מוזיק האָט געשפּילט און הונדערטער קינדער אין שורות צעשטעלטע, האָבן מיט געזאַנג געטראָגן זייערע ביכורים צום זאַמל־פּלאַץ... קוישן מיט די בעסטע־שענסטע פּרוכט און גרינצײַג, הינער און גענדז באַהאָנגענע מיט קאָלירטע בענדער, ווײַסענקע ציגעלעך, שוואַרצענקע שעפּסעלעך מיט שלייפן און גלעקלעך אויף די העלדזער. הינטער די קינדער איז נאָכגע־גאַנגען אַ צעשטראַלטער עולם יידן, אַלט און יונג, אין דער מיט האָט געשפּאַנט אַ ברוין־הויטיקער יונג, הויך ווי אַ דעמב מיט אַ שנצעוואַטער טשופּרינע. ער האָט געטראָגן אויף די הענט, ווי אַ שפּילצײַג, אַן אַכט־נײַן יאָריק אויסגעדאַרט יינגל מיט אַ פּיסל אין גיפּס. הויך איבער די קעפּ האָט דאָס יינגל געפּאָכעט מיט צוויי ווײַסע טויבן מיט רויטע שנע־בעלעך.

דאָס יינגל האָט געלויכטן און מיטגעזונגען אָן וווערטער. אין רויט־לעכן שקיעה־ליכט האָבן צוויי טרערן ווי פּערל זיך געקײַקלט פון זײַנע טונקל־ברוינע גרויסע אויגן.

# ציגאַרעטן

אַ טריבער אָוונט. אַ קאַלטער ווינט בלאָזט פון ים, אַ יעדע פערטל שעה לאָדן אָפּ די וואָלקנס אַ רעגן. די אַספאַלטן פון גאַס גלאַנצן ווי שוואַרצע שפּיגלען אין אָנגעגאָסענעם ליכט פון די וויטרינעס און גאַסן־לאָמפּן. אויטאָמאָבילן גליטשן זיך, די געשעפטן זענען פול, דער עולם אײַלט זיך מחמת קעלט און נעץ.

אויפן ווינקל פון אַ גאַס אין תל אביב שפּאַנט אַ מיטליאָריקער ייִד מיט אַ קעסטל ציגאַרעטן אָנגעהאָנגען מיט אַ רימען איבער די אַקסל, איבערגעדעקט מיט אַ צעראַטע. מיט אַ הייזעריקלעכער שטים רופט אויס דער ייִד זײַן סחורה. אַלע ווײַלע רוקן זיך אָן צוויי אָרומגעריסענע ייִנגלעך און רופן אויך אויס בלערליי נעמען פון ציגאַרעטן, וואָס זיי האַלטן אין בלעכענע קעסטלעך צוגעבונדענע צום האַלדז מיט שטריקלעך:

„סיגאַריאָט“.

— סיגאַריאָט! — שרײַען און רופן זיך איבער די ייִנגלעך מיטן מיטליאָריקן ייִדן.

עולם לויפט פאַרבײַ זיך נישט אומצוקוקן, נישט צו הערן די נעמען פון די ציגאַרעטן־מאַרקעס. אַזוי שרײַען זיי ביז ס׳ווערט אַ טומל: די ייִנגלעך באַפאַלן איינער דעם צווייטן מיט פויסטן, מען צופּט זיך פאַר די האָר, מען רײַסט די העמדלעך. דער מיטליאָריקער ייִד — אַ ספרדי — שטייט אין דער מיט און פּרובירט זיי פונאַנדערררײַסן. דערווײַל צעשיטן זיך די פּעקלעך ציגאַרעטן אויפן נאַסן טראָטואַר, ס׳קלײַבט זיך צונויף אַן עולם, מען מוסרט די ייִנגלעך, מ׳העלפט זיי צונויפקלײַבן די קעסטלעך.

איין יינגל ווײנט אויפן קול מיט ביטערע טרערן, די מענטשן, רחמנים בני רחמנים, זענען געריררט, מען קויפט פארשמירטע קעסטלעך ציגארעטן מיט שוועבעלעך — ווער עס דארף און ווער עס דארף נישט.

בײַנאַכט אין אַ בלוי־געקאַלעכטן צימער אויף אַ ראַגאַזשע, ערגעץ אין אַ פאָרשטאָט פון תל־אביב, זיצט אַ טאַטע מיט צוויי בנים און שלינגען הונגעריקע, מיט אַפּעטיט, שטיקער פיטע געטונקטע אין גע־פּרעגלטער ציבעלע מיט אייל, בעת די מוטער, מזל, פּאָרעט זיך אין אַ ווינקל אַרום אַ טאָפּ לינדזן. איר לײַכט צו אַ קנויט־לאָמפּ.

ווען דער טאַטע מיט די בנים האָבן געשטילט דעם ערשטן הונגער, האָט מען גענומען אויפציילן פון אַלע קעשענעס ניקלען, קופּערנע און פּאַפּירענע געלט.

דער טאַטע איז אויפגעלייגט פונעם ציילן, ער כאַפּט גוטמוטיק פאַר אַן אויער איינעם פון די בנים, ברומט:

— אַ פײַנער פּדיון, ביסט אַ תכשיט, דאַוויד!

— אַ חברה מאַן, פײַער, אײַזן!

— אַבראַם זאָל זיך אַזוי שטאַרק נישט שלאָגן, אַבאַ — ענטפערט מיט תרעומות דאָס יינגל.

— פאַרוואָס האָסטו מיר געבריקעט אין בויך, דו חמור איינער — וואַרפט צוריק דער ברודער.

אָפּגעגעסן, אויסגעציילט דעם פּדיון, זיך אויסגערוט, מזל פּאָרעט זיך ווידער אין ווינקל בײַם רייניקן ס׳געשיר, ס׳קומען שכנים צו גאַסט, מען באַגריסט זיך, מען פרעגט זיך אויס בנעימות, ווי ס׳פירט זיך אין דער געוועזענער הײם ערגעץ אין בבל. מזל איז מכבד מיט געזאַלצענע קערעלעך, מיט געברענטע ניסלעך, און דער ספרדי מיט די געסט האַלטן זיך פאַר די זײַטן לאַכנדיק:

— אַזעלכע אייזלען, בהמות ווי די שכנזים זענען! זיי האָבן געמיינט, אַז די יינגלעך זענען באמת פרעמדע, און זיי ממיתן זיך אויף דער וואָר, זיי רײַסן זיך פאַר אַ קונה, כאַ־כאַ־כאַ...

## צ י ג אָ ר ע ט ן

— דאַוויד האָט אַן אײַזערנעם קאָפּ! אַ גאַנצן טאָג נישט געזען אַ פּרוטה, אָט אַדאַנק דער „פאַנטאַזיאַ" מיט די פּעטש, האָבן מיר פאַר־קויפט כּמעט אַלע ציגאַרעטן...

— כאַ־כאַ־כאַ — לאַכט דער עולם, — אַזעלכע אײזלען די שׁ:כנ־זים!

# פליגן

מחמת דער שווערער היץ איז דאָס מאָל דער אויטאָבוס נישט געווען איבערפולט ווי שטענדיק. סך־הכל שטייען אין דורכגאַנג א פּופּצן מאַן, וואָס שוויצן און חלשן א דרעמל טאָן. דער כביש איז גאָרנישט לעילאדיק: א בערגל מיט א גריבל, א גריבל מיט א בערגל, א וואָרף און א טרייסל, ס'איז שווער צוצוטאָן אַן אויג.

די מיינסטע פּאַסאַזשירן זענען נײַ־געקומענע ייִדן פון איראַק, נאָך נישט קיין אײַנגעזעסענע. פאָרן זיי פון שטאָט צו שטאָט זוכן פּרנסות. ס'איז זיי לעת עתה שווער אין ישראל. דאָרטן אין באַגדאַד און מאַפּראַק האָט זיי קיינער נישט געהייסן אַרבעטן אויף כבישים, אויסשטייניקן פעלדער אָדער לערנען א מלאכה, שוין אָפּגערעדט פון אַזאַ המצאה ווי אַוועקגיין אין דאָרף אַקערן און האָדעווען בהמות מיט עופות ווי א יע־דער פּשוטער פּויער... דאָרטן זענען ס'רוב פון זיי געווען חשובע סוחרים, איידעלע מענטשן אָדער פּקידים. איצט זיצן זיי דאָ אין אויטאָבוס און ברומען אויס אויף היימיש אַראַביש לשון זייער פאַרביטערונג. זיי קײַען קערעלעך און שפּײַען קונציק אויס זייערע שאָלעכצן אין דער לופט.

— אָט אַזעלכע זענען זיי, די ציוניסטן: כאַפּט מען שוין יאָ א שטיקל מסחרל מוז מע זיך גאָר היטן פאַר דער פּאָליציי און דעם שטײַער אמט! אַזאַ אָנשיקעניש פון זײַן ליכטיקן נאָמען.

— נעם און היט זיך פאַר זיי ווי פאַר פײַער.

— וואָס אַרט זיי, אייגנטלעך, אַז מיר האַנדלען מיט דאָלאַרן און דינאַרן?

— וועמען שטערן מיר? אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן, די שיכנזים; די קינדער אונדזערע שלאָפן זיי אין די קאָמונעס, מײַנע־דײַנע, דײַנע־מײַנע. זיי שלאָפן זיי אַרבעטן ווי פּשוטע פּויערן, אָן געצאָלט, נאָר פאַרן ברויט און געלאַטעטן בגד.

— איז דאָס נישט אַלץ: מען לערנט זיי דאָרטן באַשפּײַען דעם טאַטנס כשרע און בכבודיקע פּרנסות, אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן...
— דערציילט איינער פון די פּאַסאַזשירן אַ מעשה־נורא פון זײַן אייגענער טאָכטער, דערציילט זיצנדיק ברייטלעך מיט אויסגעטאָנענע שיך, די פיס פאַרלייגט אונטערן זײַט מיר מוחל.

— כ'האָב געפונען אַ גאָלדענעם שידוך פאַר מײַן בוגרת; מײַן שכנס עלטערער זון, אַן אַלמן, אַ שטילער גאָטספאַרכטיקער מענטש, מיט פּרנסה. ער האָט אַן אייגענעם קיאָסק אין רמלה אין אַ גוטן פּונקט, כ'זאָג אײַך, ייִדן, אַ גאָלדענער שידוך — מעגט איר מיר גלייבן. שטייט איר נישט אָן, דער חצופה, ווײַל, ווײַל ער האָט דרײַ קינדער — ט'איר געהערט? ס'שטייט איר נישט אָן, קינדער האָט ער, איר פאַרשטייט? גלײַך זיי וואָלטן נישט זײַן קיין כשרע ייִדישע קינדער... אַללאַה, יאַ אַללאַה! אַז דער שדכן איז געקומען האָט זי אים מקבל פּנים געווען מיט אַ ליידמענעם טאָפּ אין קאָפּ אַרײַן, אַרויסגעטריבן ווי עפּעס אַ ניט גוטיקן, איר הערט? כ'בין געבליבן אַ צעטומלטער, אַ געפּלעפּטער בבושת פּנים, איך איר אייגענער טאַטע... אָט אַזוי האָט מען איר געלערנט אין סטאַדרוט און אין דער טאַבאַק־פאַבריק וווּ זי אַרבעט ווי אַ מויד פון עפּעס אַ קבצן. די מאַמע האָט שוין אויסגעוויינט אירע אויגן פון ווייטיק און בושה. אַזוי פירט זיך עס ביי די שיכנזים. — דאָ איז דיר נישט באַגדאַד, יאַ, אבאַ, — שרײַט זי, דאָ אַרבעטן אַלע, אַפילו מיידלעך פון דאָקטוירים און אַדוואָקאַטן; דאָ איז מדינת ישראל, — שרײַט זי, — נישט באַגדאַד. אפשר שטייט אײַך נישט אָן, — שרײַט זי, קען איך גיין וואוינען מיט אַ חברטאָרין... אַזאַ פאַרדאַרבונג ביי די ציוניסטן, אין זייער טאַטנס טאַטן אַרײַן...

ער קײַט גיך די קערעלעך און שפּײַט די שאָלן ממש אין פּנים פון אַ קיבוצניק, וואָס זיצט אַנטקעגן אים. דער קיבוצניק זיצט אַרײַנגע־

פרעסט צווישן א ברייטלעכער פרוי, אן עולה פון סיריע און א דריי־פיר יאָריק מיידעלע מיט צוויי גלאַנציקע קאַרשן־אויגן, נישט אַזוי גביריש אָנגעטאָן, די פיסלעך באָרוועסע, און ס׳קעפּל וויַיזט אויס צו זיַין גע־קעמט מיט עטלעכע טעג צוריק, די ווייכע הענטעלעך מיט טרויער־ראַנדן אויף די נעגעלעך, פון דעסטוועגן לייַכט אַרויס פון דער נישט זויבער־קייט א זיס קינדעריש פּנימל. די פליגן אין שמוציקן אויטאָבוס האָבן זיך באַזונדערס אָנגעזעצט דעם מיידעלע אויפן פּנים. די פרוי קיַיט געשמאַק וויַינטרויבן, שפּיַיט אַרויס די קערעלעך דורכן אָפענעם פענצטער, דעם קיבוצניק איבערן קאָפּ. ער ווידער פון זיַין זיַיט, האָט צונויפגענומען פון זכרון אַלע אַראַבישע ווערטער און אָוועקגעלייגט א גאַנצע דיסער־טאַציע וועגן די געפאַרן, וואָס פליגן טראָגן מיט זייער אומצוכט: „ס׳קינד קען חלילה אָנגעשטעקט ווערן מיט טראַכאָמע און ווער ווייסט מיט וואָס פאַר אַן אַנדער קראַנקייט, ובכן גברת, הלמאי טריַיבט איר נישט אָוועק די פליגן פון אייַער ליב טעכטערל״?

ווערט גאָר די פרוי אָנגעדראָלן און מיטן פולן מויל וויַינטרויבן ענטפערט זי נישט אים, אלא דעם גאַנצן עולם.

— געהערט א מעשה, אַזאַ אָנשיקעניש פון א שיכנזי? ווער האָט עם אים געזאָגט אַז דאָס מיידעלע איז מיַין טאָכטער, ווער? ס׳איז נישט מיַינס נאָר מיַין שכנטעס, וואָס איז מיט מזל געלעגן געוואָרן, טו איך איר א טובה און פיר אָפּ ס׳קינד צו א מומען. בין איך עם מחוייב צו זיצן די גאַנצע ציַיט און טריַיבן פליגן? ווער עס וויל, זאָל זיך מטריח זיַין און טריַיבן, — האָט זי זיך אויסגעדרייט און ס׳קינד א וואָרף געטאָן דעם קיבוצניק אין פּנים:

— ווילסט, טריַיב, קיינער וועט דיר נישט שטערן...

# טל

— זענען מיר געפֿאָרן אויף די רחבותדיק־אספּאַלטירטע וועגן פֿון קאַליפֿאָרניע אויף מערב פֿון דער מעקסיקאַנישער גרענעץ, צו אַ פֿאַר־וואָרפֿענעם קליינעם ייִדישן ישוב, כּדי דאָרטן צו ברענגען דאָס וואָרט פֿון ישראל. געווען איז עס צום סוף פֿון ייִדישן באַפֿרײַונגס־קריג, ווען די פּלמחישע ביקסן האָבן נאָך געררויכערט.

אונדזער באַגלייטער, אַ דאָרטיק־געבוירענער, האָט געוואָלט זעטיקן אונדזערע אויגן מיט דער קאַליפֿאָרניער רחבות און שפע, און האָט אַליין נישט געוווּסט ווי ענלעך יענער פּײַזאַזש, יענע בערגלעך, פֿעלדער און פּרדסים זענען צו דער ישראל־נאַטור.

אַט פֿאַרקירעוועט ער גאָר די מאַשין אָן אַ זײַט, פֿאַרנעמט זיך לינקס פֿון סאַנט־באַרבאַראַ, לאָזט לויפֿן די מאַשין, כּל זמן זי האָט בענזין צו זעט. קײַקלען זיך געגנטן מיט זיתים־וועלדלעך, גרינלעכע, פֿאַרשטויבטע, ווי צוויי טראָפּן מילך ענלעך צו די פֿלײַנען פֿון לוד־בן שמן. אָט רײַסט זיך די מאַשין באַרג אַרויף, ממש ווי אויפֿן כּרמל פֿון עתלית צו בית אורן; שמעקעדיקע סאָסנעס, ווײַסער שטויב. קוצים ודרדר מיט צאַברעס. אָט קײַקלען מיר זיך באַרג־אַראָפּ אין אַ טאָל אויף אַ געדרייטער סטעזשקע, אַ כּביש ווי אַ קאָפּיע פֿונעם וועג אין וואַדי מילעק פֿאַזע די אפֿרים־בערג, וואָס פֿירן צו בת שלמה... ווידער שפּרייטן זיך אָנסופֿיקע פֿלײַנען מיט שמעקעדיקע פּרדסים און קאַקטוסן אויף זייערע ראַנדן, צײַטיקע אַפּריקאָסן ברעכן די צווײַגן אין די סעדער; האָניק־באַרנעס, עפּל, פֿלוימען, פֿלוימען אָן אַ סוף. צעשפּרייטע פֿעלדער באַ־

לאָדענע מיט אַרבוזן, קירבעס און מעלאָנען, באַארבעטע פון יאַפּאַנער אין שטרויענע ברייטראַנדיקע מעקסיקאַנער היט. דערנאָך אַ מחיצה פּוס־טעניש, ווי מען וואָלט עס דאָ געבראַכט פון דרומדיקן נגב, אין אַ באַרג אַרויף ווו ס׳אַנטפּלעקט זיך אַ וואַלד פון נאַפט־פּלומפּן, צענדליקער און הונדערטער מיט שמאָל פּאַרריסענע הויכע טורעמס און שעפּ־מאַשינען, וואָס פּיקן ריטמיש דעם באָדן ווי שטרויסן מיט הויכע הויכע העלדזער.

מיטאַמאָל סטאָפּ. אונדזער מאַשין נעמט צאַפּלען, כאַרכלען און הוסטן, פונעם ראַדיאַטאָר שלאָגט אַ דאַמף. מיר בלייַבן שטיין אָן אַ טראָפּן בענזין.

ס׳איז נישט פויגלדיק: — אין האַרצן פון קאַליפאָרניער נאַפט־פעלדער אָן אַ טראָפּן בענזין...

זוכן מיר אַ ישועה מיט אַן עצה: לאָמיר אָפּשטופּן די אויסגעלאָ־שענע „כלי״ אָן אַ זייַט פון שאָסיי און זיך לאָזן גיין זוכן אַ בלעך בענזין אין אַ נאָענטן ישוב. אפשר וועלן מיר טרעפן אַ טראַקטאָר אין אַ פעלד.

גייען מיר אַזוי אָפּ עטלעכע מייַל און באַמערקן אויף אַ בערגל אַ קליינעם ישוב פון באַראַקלעך. צו אונדזער שמחה שטייט דאָרטן, ווי סאָלדאַטן צעשטעלט, אַ שורה טראַקטאָרן מיט לאַסט־אויטאָס — אַ טיפּישער ישוב פון נאַפט־אַרבעטערס.

בעת מיר דערנענטערן זיך צום ערשטן באַראַק, בלייַבן מיר נשתומם: עפּעס גיט דיר אַ ריס אַ שטיק נאָסטאַלגיע: מיר הערן שפּילן אַ פּאַטע־פאָן מיט וויינענדיקן האַרצברעכנדיקן חזנישן ניגון; אַזאַ ניגון אָט דאָ ביי דער מעקסיקאַנער גרענעץ אין די „הרי חושך״, וואָס קיינעם וואָלט זיך נישט געחלומט, אַז פון דאַנען זאָל זיך זינגען אַ ייִדישער ניגון...

פון באַראַקל וויינט אַ תפילה:

אי־יאַ, יאַי־יאַי טל, טל!
תן לרצות ארצך,
שותנו ברכה בדיצך,
קומם עיר בה חפצך בטל!

ס׳פאַרקלעמט ס׳האַרץ, ס׳ווערט ענג אין האַלדז, אַ טרער קייַקלט

## טל

זיך פון אויג: תפילת טל אויף די ווײַטע ווײַטע אייל־פעלדער פון קאַ־ליפאָרניע!

ווי לונאַטיקערס דערנענטערן מיר זיך צום באַראַקל. די טיר איז אָפן. ס'שטייט אַ ברייט־פּלייציקער מיטליאָריקער מאַן מיט אַ זון־פאַרברוינטן צעקנייטשן פּנים, אַ פּאָר גרויסע פּריצישע וואָנצעס פון פעפער און האַלץ־קאָליר, אין אַ מעקסיקאַנישן הוט אויפן קאָפּ, אָנגעטאָן אין אַ פאַרפעצטן בלויען אָוועראָל. דער מענטש שטייט און זינגט מיטן פּאַ־טעפאָן: „אי־יאַי־יאַי, טל"!

ווי זאָל מען דערציילן אַזאַ באַגעגעניש צווישן אַ ייִדן פון ישראל, וואָס קומט פון די שלאַכט־פעלדער פון שומרון און יהודה, מיט אַ ייִדישן נאַפּט־אַרבעטער אין אַ פאַרוואָרפן קאַליפאָרניער ווינקל בײַ דער מעק־סיקאַנער גרענעץ, ווי? ווי קומט דאָרטן אַ ייִד פון ישראל, און ווי קומט דאָרטן אַ ייִד פון אַנדערשוווּ — „סוף וועלט"? אַזאַ טיף טראַגישער סימבאָל פון ייִדישער צעשפּרייטקייט און וואָגלעניש?... מירן עס איבער־לאָזן פאַר מענטשן מיט אַ שטאַרקן כח הדמיון.

דער ייִדן איז פאַרצאַפּלט געוואָרן.

— ???

צען מאָל האָט ער זיך איבערגעפרעגט, וואָס מיר טוען דאָ, ווי קומען מיר אַהער, און וואָס טוט ער דאָ, און ווי קומט ער אַהער. מיט די הענט האָט ער מיך באַטאַפּט נאָכן ערשטן שלום־געבן. אין די קנייטשן פון זײַן ברוינעם פּנים האָבן זיך געקײַקלט טרערן, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען אין דער וואַלדיקייט פון זײַנע פּריצישע וואָנצעס:

— אַ ייִד, ייִדן, און אַ ייִד פון ערעץ ישרועל...

— אי־יאַי־יאַי, — זינגען מיר שוין זאַלבעדריט, זאַלבעפערט, מיר ביידע געסט, ער און דער פּאַטעפאָן... דער טיש שטייט שוין אָנגעשטעלט מיט מטעמים פון כלערליי בלעכענע פּושקעס, מיט אַ פלעשל „סקאָטש" אויף קידוש אין אַ וואָכעדיקן טאָג:

אי־יאַי־טל!
נופץ עלי ארץ ברוכה,
ממגד שמים שבענו ברכה

ל. חיין (שמעוני)

להאיר בתוך חשכה...

— אזא זכות, אזא זכות: יידן צו גאסט, און א ייד פון „ערעץ" מיט זיי, — חזרט איבער דער מענטש אין מעקסיקאנישן הוט.

אי־יאא־טל!

יעסים צוף הרים,

טעם במאדיך מבחרים!

— דערציילט זיי דארטן, די אייעריקע, יעס, אונדזערע אין „ערעץ־יסרועל", דערציילט זיי ווי אזוי ס'גייט אוים דאס הארץ א פארוואגלטן יידן נאך ארץ ישראל דא אין אזא פארווארפעניש, דערציילט זיי...

— ווי עס לעבט אזא איינזאמער וואגלער ווי איך? וואס איז מיין יידישקייט, מי אני, מה אני, נאר צו ימים נוראים לאז איך זיך קיין לאס אנזשעלעס אין א שול אריין. דאס איז אלץ. אין דער אמתן איז מיר ניט אזוי ניחא, אט דא, ווו דער גורל האט מיך פארטראגן פון טאראנטא. מלחמה־צייט האב איך געשווארצט די גרענעץ און אנגעשפארט ביז דעט־ראיט, אוודאי אומלעגאל, כ'בין אומלעגאל, אן מינדסטן פאפירל ביז היינט... וואס מיינט איר, כ'וואלט געפונען ארבעט אין ארץ ישראל? ווי מיינט איר, הא? אין קאנאדע בין איך געקומען אין פערציקסטן יאר. פרעגט נישט ווי אזוי, האט רחמנות, פרעגט נישט מער...

ווען ר'האט זיך בארויקט, האט ער דערציילט די צום טויזנטסטן מאל געהערטע געשיכטע פון אן איין איינציק לעבן־געבליבענעם יידן, א יחיד, א ניצול געווארענער פון אויסגעקארטשעוועטן יידישן דארטן; ער זיצט אין א באראקל אויף א נאפט־פעלד פון קאליפארניע ביי דער מעקסיקא־נישער גרענעץ, איינער פון דער שארית הפליטה און וויינט און בעט צוזאמען מיט א חזנישן רוח פון א פאטעפאן־פלאטע, אז טל זאל פאלן אויף די פעלדער פון ישראל, זיי צו זעטיקן און קוויקן אז די פרוכט פון ישראל זאל זיין:

„אי־יאי־יאי

לגאון ולתפארת",

טל, טל".

# אויף די שליאַכן פון יהודה

אַ באַגינען איז געווען, ווי אַלע באַגינענס. דער גלאָק פון דער קבוצה וואָס ליגט אין דער פעלדזיקער נאַקעטקייט פון יהודה, האָט געקלונגען היינט ווי אַלע טאָג, נישט צו עבודת הבורא און נישט צו סליחות. דער גלאָק האָט געקלונגען און געוועקט פשוט: „ברידער, שטייט אויף צו דער אַרבעט, דער טאָג איז האַרבסטיק קורץ, און די אַרבעט איז דורות־לאַנג"!

יצחק האָט זיך נעכטן פאַרזעסן אויף אַן אַסיפה, נאָך אַ טאָג שטיינ־האַקעריי. די ביינער האָבן אים געוויינט און געבראָכן: „נאָך אַ רגע, יצחק, ליג נאָך אַ רגע אין דער היימישער וואַרעמקייט". אָבער יצחק האָט נישט געהאַלטן פון יצר הרע, דער ווילן איז קרעפטיקער געווען ווי דער גוף, איז ער אויפגעשפרונגען און שנעל אַריין אין די לייווונטענע בגדים. ס'האָט אים אַביסל געטרייסלט פון דער באַרגיק פייכטער האַרבסט־לופט. „אין דבר". און איידער וואָס־ווען, איז שוין חנה געשטאַנען ביי דער זייט, זיין דרייאונצוואַנציק יאָריק ווייב, מיט איר ציטערדיקן גוף, מיט קינדישן טוי אויף אירע ליכטיקע אויגן, איינגעפאַלענע באַקן און ווייס־גלאַטן שטערן אונטער פאַסמעס זיידענע האָר. זי האָט אים געהאָלפן צו־שפיליען דעם גורט, פאַרבינדן דעם קוילנבייטל, און אין איינוועגס אָנ־דערציילט אַ באַרג ניסים פון אַכט־חדשימדיקן קינד: וואָס דאָס פּלאַפּלט, ווי עס ליידט פון ציינדלעך, ווי עס בליט אין די פעלדזיק־נאַקעטע בערג פון יהודה... זי האָט זיך געפאָרעט אַרום יצחקן, ווי זי וואָלט געדאַרפט דאָ בלייבן און נישט אַליין גיין צו דער אַרבעט, אין די וויסטע בערג פלאַנצן אַ וואַלד.

גייענדיק צום קינדער־באַראַק, האָט ער געהאַלטן חנהן אַרום דער ציטערדיקער טאַליע, און חנה איִם, אַרום דעם ברייטן גורט. אַזוי גייענדיק האָט איר יצחק דערציילט פונעם בריוו, וואָס זײַן מוטער פון מעזריטש שרײַבט צו איִם, איר איינציקן זון וואָס איז פון אַ סטודענט געוואָרן אַ שטיינברעכער אין די בערג פון יהודה:

— מײַן יצחק — האָט די מאַמע געשריבן — זײַ שטאַרק און קרעפּ־טיק, זאָל דײַן אָרט נישט געמינערט ווערן אין די געפּערלעכסטע ערטער פון דער טײַערער היים.

זיי זענען געגאַנגען מיט דער פעלדזיקער סטעזשקע, און יצחק האָט אַלץ דערציילט פון דער היים, און פון דער מוטער, וואָס שרײַבט אַזעלכע בריוו, ביז זיי זענען געקומען צום קינדער־הויז פון קבוצה, און ביידע האָבן אויף די שפּיץ פינגער אַרײַנגעקוקט אין פענצטער, ווו די קינדער ענדיקן חלומען אַ שיינע נאַכט.

חנה איז אַוועק אַ ווײַלע פריִער מיט איין חברה ביימער פלאַנצן, און יצחק — מיט אַ צווייטער פון נאָך פיר מאַן, יונגע בחורים ווי ער: אהרע־לע, אריה, יהושע און משה.

אויף אַן אייזל האָט מען אָנגעלאָדן לאָפּעטעס, ברוכשטאַנגען, קיר־קעס און באַלעמינעס, דאָס אָרעם־מאַלצײַט אין אַ קאָשיק האָט גענומען משה. אריה האָט פאַרצויגן אַ ניגון, און די פינף זענען אַוועק אין באַגינען אַרײַן, אין אַ צווייטער שטיינערנער סטעזשקע צום נײַעם כביש, וואָס מען לייגט אָקערשט אויס אין די נאַקעטע בערג.

אהרן האָט פאַרענדיקט אַ ויכוח מיט יהושע, משה האָט מיטגעהאָלפן אריהן אין דעם ניגון, און יצחק פאָרויס מיט דער ביקס, איז געווען ערגעץ העט ווו, אינעם עולם הדמיון: די בערג זענען פאַר איִם געלעגן מיט בלו־מיקע דיוואַנעס אויסגעלייגט, פון יעדן שפּיץ האָבן רויטע דעכער געפינקלט אין טאָג אַרײַן, ביימער האָבן זיך געריסן צו דער זון, קי האָבן זיך געפּי־טערט אויף שיפּועים, פליטן פון ייִדישע פּאַסטוכער האָבן געדאַוונט און גלאַנציקע שאָסייען האָבן געשניטן ס׳גרינס. ער שפּאַנט פאָרויס. זײַן אַקסל דריקט נישט קיין ביקס, זײַן אַכט־חדשימדיק קינד זיצט גאָר אויפן אַקסל און פּלאַפּלט זיס: אַבאַ־באַ־באַ...

. . . יצחק האָט געשפּריַיזט און מעכאַניש געקליבן פּאַריתומטע נאַר־ציסן, אַהרן האָט זיך געהיצט מיט יהושען אין ויכוח, און אריה מיט משהן האָבן אויפן קול געזונגען שטיקער פונעם לעצטן סימפאָנישן קאָנ־צערט: „אַי, אַ שאָד", זאָגט אריה, „וואָס כ'האָב נישט מיטגענומען די האַרמאָשקע".

אַ נייַגעריק העזל אויף אַ שפּיץ פעלדז האָט אויפגעהערט וואַשן ס'נעזל מיט דער סאַמעטענער לאַפּקע. פייגל האָבן זיך געקוליעט אין אויר אַרום די פינף יִדישע בחורים. דאָס אייזל האָט געמעקה־גרהט און גע־דאוונט.

נישט מיט בלומיקע טעפּיכער זענען יענעם באַגינען די בערג געווען אויסגעפּוצט אין יהודה, נאָר מיט אַבייַעס פון רוצחים. נישט קיין ביימער האָבן זיך געריסן צום הימל, נאָר רערן פון ביקסן. נישט קיין יִדישער פּאַסטוך האָט זיך געשפּילט מיט זייַן פלייט, נאָר דער קנאָכיקער מלאך־המות מיט זייַן בלאַנקער קאָסע.

דאָס העזעלע האָט עס בעסער געזען ווי זיי, און איז איינס־צוויי פאַרשוווּנדן אין די פעלדזן. די פייגל האָבן זיך געקוליעט אין אויר און געוואָרנט די באַרג־גייערס. אָבער ווער האָט פאַרנומען זייער פויגל־געצוויטשער?

אויפן וויַיטן בערגל, ווו חנה האָט געאַרבעט, האָט חברה דערהערט דונערן. „ניין", זאָגט איינער, „ס'דונערט נישט, ס'רייסט אויף". „ניין" זאָגט אַ צווייטער, „ס'רייַסט נישט אויף, נאָר מען שיסט" — — —

זיי האָבן געוואָרפן די אַרבעט און אַלע מיט חנהן בראש זענען גע־לאָפן אַהין צו די פינף, געלאָפן און נאָר באַוויזן צו זען, ווי איינער אַ רוצח אַנטלויפט אין די בערג. פון וויַיטן האָבן זיך געשרייען געריסן מיטן ווינט: ראַטעוועט!

אָבער מער ווי 15 קוילן גיט ניט ס'ענגלישע מלכות אַ יִדישן שומר אין די בערג, ווו דער טויט ווילדעוועט הפקר. איז די לעצטע בעסטיע אַנטלאָפן און די 15 קוילן האָבן אַפילו נישט פאַררויכערט ווי געהעריק די איינציקע ביקס, און...

אַלע פינף: יצחק, אריה, אַהרן, משה און יהושע זענען געלעגן מיט אַ

סדר צעליינט אין א שורה, צעריסן אויף שטיקער פון דום־דום־קוילן, מיט אויסגעגאָסענעם מאַרך און אויסגערונענעם בלוט — און שווערע שטיינער אויף די צעבראָכענע שאַרבנס. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך פון די פייגל...

דאָס אייזל איז געשטאַנען אָן א זייט נאָך נישט אָפּגעלאָדן און געטופּעט מיט רציחה די צעריבענע נאַרציסן אין יצחקס געלער האַנט; א שטראָם מוראשקעס האָט זיך געצויגן אַהין און צוריק צום קאָשיק עסן, וואָס איז געלעגן פאַרבלוטיקט לעבן משהס צעבראָכענע ברילן...

אהרנס האַנט איז געלעגן צעריסן. זיין האַרץ איז געשטאַנען טויט, אָבער דאָס זייגערל האָט געלעבט, געטיקעט און געטיקעט: פּונקט אכט אזייגער פרי מיט דרייסיק מינוט.

ווען ייִדן און די ענגלענדער זענען אָנגעלאָפן מיט ביקסן, האָט קיין איין האַרץ מער נישט געקלאַפּט ביי די פינף און חנה איז אַרומגעלאָפן פון איינעם צום צווייטן און געוואָלט זיך איינריידן — עט, אפשר נאָך, א פּולס, א ריר, א קרעכץ. ניין, גאָרנישט, אַלץ איז געווען געענדיקט!

די ערשטע חנה מיט אירע זיבן קינדער איז געהייליקט געוואָרן, ווי דער סימבאָל פון ייִדיש־מוטערלעכער גבורה. זי איז געשטאַנען, אָן אָן אויגן־פּינטל ביי דער עקדה פון אירע זיבן קינדער. איר בלוט און לייב, וואָס האָבן זיך געלאָזט שעכטן פאַר דער זאַך פון זייער פאָלק. יענע חנה האָט זיך שפּעטער, נאָך דער עקדה, אַראָפּגעוואָרפן פון א דאַך און אוועק אין דער אייביקייט. זי האָט דאָך נישט אויסגעהאַלטן און זיך גענומען ס'לעבן. — אוועק צו אירע קינדער.

זאָל־זשע איצט געהייליקט און געגרויסט ווערן ביי אַלע שמאַכטנדיקע, אַלע ליידנדיקע, ביי די פאַרפּייניקטע און געמאַטערטע פון אַלע פעלקער און לשונות, די צווייטע חנה, פון קרית־ענבים; די דרייאונצוואַנציקיאָריקע מאַמע, וואָס האָט אָן א טרער געזוכט א שלאָג פון פּולס ביי איר דערשאָכטענעם מאַן און זיינע אירע פיר פאַרפּייניקטע ברידער, די ייִדישע

אַרבעטער פון יהודה, וואָס זענען מוטיק אַוועק אין אַ מדבר ברעכן אַ נײַעם וועג פאַר נײַע דורות.

זאָל איר שטומער צער און טיפער פּײַן אויפרײַסן הימלען און ערדן, און זאָלן אונדזערע ווײַטערדיקע דורות דערציילן, ווי אַזוי די חנה פון נײַעם דור אין יהודה, האָט קיין איין טרער נישט פאַרלאָרן בײַ דער קבורה פון איר מאַן מיט די פיר ברידער, ווי אַזוי די נײַע חנה האָט זיך חלילה ניט געוואָרפן פון דאַך זיך צו באַהעפטן מיט טויטע אייביקייטן, נאָר מאַרשירט אין שפּיץ פון פופציק טויזנט באַגלייטערס אין ירושלים, פאָרויס אין פוס מיט חברים צו דער קבורה פון די נאָענטסטע. זאָלן אונדזערע צוקונפטיקע דורות וויסן ווי אַזוי חנה האָט מיט אירע ציטערדיקע הענט געהאָלפן גראָבן און פאַרשיטן די קברים פון אירע טײַערסטע, מיט וויפל גבורה זי האָט איר צער דערשטיקט בײַ די פאַרבלוטיקטע שטיינער.

זאָלן זיך גרויסן און צירן אונדזערע ברידער אין דער גרויסער צע־שפּרייטקייט מיט דער ציטערדיקער געשטאַלט, וואָס זיצט נישט שבעה און רײַסט נישט קריעה, נאָר אַרבעט ווײַטער אַלע באַגינען מיט אירע ברידער אין די בערג.

פאַרנאַכט, ווען די זון פאַרגייט איצט הינטער ירושלים אין בלוט און אין פלאַמען, ברומען קלויסטער־גלעקער מיט ברוטאַלער קדושה, און מועזינען גאַרגלען פון מינאַרעטן אַראָפּ די תורה פון בלוט און שווערד, — דעמאָלט שפּרײַזט די דרײַאונצוואַנציק יאָריקע אלמנה פון איין אָרעם באַראַקל צום צווייטן אין אַ קבוצה אין די בערג. זי מונטערט און טרייסט אָנשטאָט אַליין אַ טרייסט צו באַקומען.

ס׳איז אַ ליגן, וואָס שונאי ישראל דערציילן, אַז מ׳הערט מער נישט וויינען און קלאָגן די מאַמע רחל אויף די שליאַכן פון בית לחם, מחמת דערשראָקן האָט זי זיך, ווי אַלע יידישע מאַמעס, פאַרן שיסן!

ס׳איז שקר, נישט דערשראָקן האָט זי זיך, נאָר פאַרשעמט פאַר דער געשטאַלט, פאַר דער אלמנה פון איר געשאָכטענעם אייניקל יצחק; זי האָט זיך פאַרשעמט פאַר דער אַלטער יידענע פון מעזריטש; זי האָט זיך פאַר־שעמט פאַר די אַלע טעכטער פון ישראל, וואָס שטייען מיט ביקסן אויפן אַקסל אויף דער וואַך בײַ די פונדאַמענטן פון יידישן לאַנד.

די פינף וועג־בויערס פון קרית ענבים זענען פאר דער אייביקייט ניט דערמאָרדעט, ווייל צוזאַמענגעס זענען אַוועק נייע צען מאָל פינף מאַן אין די בערג, אָפּלאָדן דעם אייזל — די אַרבעט איז אַוועק און זי גייט ווייטער.

אַ סך טויזנט מאָל פינף יִדישע זין און טעכטער, טאַטעס און מאַמעס זענען נאָך דעם שוין געגאַנגען אויף די שליאַכן פון יהודה, אויף די פּליינען פון נגב, אין די הויכן פון גליל, אין די טאָלן חיפהער און יזרעאלער. די גאולה פון ישראל ווערט געשמידט.

# דער לעצטער ייד פון פקיעין

ס'איז געווען אַ רעגנדיקער טבת־נאָכמיטיק. דער דרויסן איז געלעגן אַ פֿײַכטער, אַ דעמערדיקער. אַ ווינט האָט געבויגן און געריסן די פּאַר־יתומטע ביימלעך אין די בערג פֿון גליל. די וואָלקנס האָבן ביז צו דער ברוסט פֿאַרדעקט דעם באַרג עצמון.

ר' יצחק זינאַתי, דער איינציקער ייִד וואָס איז פֿאַרבליבן אין פּקיעין, איז געזעסן אויף אַ ראַגאָזשע אין אויבערשטיבל פֿון פּקיעינער בית־הכנסת און געוואַרעמט די הענט איבער אַן אָנגעגליטן פֿײַער־טאָפּ. ער איז דאָ געזעסן, ווי זײַנע אבות אבותיו, מיט די פֿיס פֿאַרלייגט הינטער זיך און געטראַכט וועגן דער הײַנטיקער באַגעגעניש מיט די דרוזישע שכנים: ווי אַזוי זיי האָבן דאָס מאָל נישט גערעדט צו אים ווי שטענדיק, נאָר געשטאַ־מלט, נישט צו קוקן אים גלײַך אין די אויגן, ברוינע גרויסע אויגן אונטער געדיכטע ברעמען. זיי, די שכנים האָבן געקוקט אָן אַ זײַט...

מנחה־צײַט האָט ער זיך אויפֿגעהויבן מיט אַ קרעכץ, איבערגעדעקט דעם גליאיקן פֿײַער־טאָפּ מיט אַן אַלטער בראָט פֿאַן און אַראָפּגענידערט אונטן אינעם לײדיקן בית־הכנסת, אויפֿגעמאַכט די שווערע דעמבענע טיר, און צווישן די בענק צוגעגאַנגען צום ארון־קודש, אַרײַנגעגראָבן דאָס פּנים אין געשטיקטן סאַמעטענעם פּרוכת און אָנגעהויבן זאָגן „אַשרי". ר' יצחק האָט געציילט די ווערטער, געשטעלט דעם טראָפּ אויף יעדן וואָרט, אַ יעדן זילב און פֿאַרענדיקט די תפילת מנחה ווי תמיד, מיטן עלנטן קדיש יחיד, אויף וואָס נאָר די בענק און מעשענע הענג־לאָמפּן האָבן געענטפֿערט: אמן.

מיטן זעלבן קרעכץ וואָס האָט אים באַגלייט בײַם אַראָפּנידערן מיט די

שטיגן צום בית־הכנסת, איז ער צוריק אַרויף אין אויבערשטיבל, אַראָפּ־
גענומען די בראָט פאַן פונעם פּיִער־טאָפּ, צעבלאָזן די קוים־גליאיקע
קוילן און געקליבן זיך מאַכן אָוונט־מאָלציַיט. אויף דער אויסגעשפּרייטער
פּאָלע פון געפּאַסקעוועטן קאַפטאַן האָט ער אויסגעשפּרייט אַ פּאָר הויפנס
לינדזן זיי איבערצוקליַיבן, אַרויסוואַרפן די טריפה, ווערעמדיקע קערעלעך
מיטן פסולת, און די ריינע כשרע, געוואָרפן אין טאָפּ. עפנט זיך מיטאַמאָל
די טיר אין דער אויבערשטיבל און ס'לאָזן זיך אַריַין צוויי דרוזישע געסט,
נכבדים פון פקיעין, ביידע מוכטאַרן, בכבודיקע זקנים: רויטע טשאַלמעס
איבערגעוויקלט מיט שניי־וויַיסע טיכער, הדרת פנימער מיט אדלער־נע־
זער, וויַיסע בערד און רבנישע ברעמען. געשטאַלטן אין לאַנגע קאַפטאַנעס
ווי אַרויסגענומענע פון אברהם אבינוס ציַיטן. ר' יצחק זינאתי
האָט זיך געוואָלט אַ הייב טאָן, מקבל פנים זיַין די געסט, ווי ס'פּירט זיך,
אָלא זיי האָבן אים מקדים געווען און זיך שטיל אַוועקגעזעצט אויף דער
ראַגאַזשע, ביַים פּיִער ־ טאָפּ, אויפן זעלבן שטייגער ווי ר' יצחק איז גע־
זעסן, מיט פאַרלייגטע פיס אונטער זיך.

די געסט האָבן פאַרכאַפּט ר' יצחקן, און נישט ווי ס'פּירט זיך —
פאַרן מכנים אורח, אָפּגעזאָגט אַלע ברכות, נישט צו וואַרטן אויף קאַווע,
גענומען שאַרן די לינדזן און ר' יצחקס פּאָלע. ס'האָט זיך זייער שווער
פאַרוועבט אַ שמועס, אַ פּערטל שעהדיק רעדעריַי פון נמאס וועגן, ביז דער
עלטערער פון די געסט האָט אויפגעהערט שאַרן די לינדזן, זיך אויסגע־
גליַיכט און האַלב צעטומלט אָנגעהויבן שטאַמלען:

— יאַ כאַדערטאַק, דזשאַריטנאַ אבו סאַלאַם — דיַין כבוד, אונדזער
שכן דער פאָטער פון שלומען, לאָמיר היַינט נישט מאַכן קיין שהיות, וויַיל
מיר זענען געקומען וועגן אַן ענין זייער אַ שווערן, וואָס מוז באַלד אָפּגע־
טאָן ווערן, נישט צו פאַרלירן ציַיט. כלומר, אַ מלחמה ברענט אין פּאַלאַס־
טין (א"י), וואָס נישט מיר, און נישט איר האָט איר אָנגעצונדן אָדער גע־
וואָלט (אַ בראָך זאָל קומען אויף די פּרעמדע). אָט קענען מיר זיך פון
קדמונים אָן אין אונדזער דאָרף פּקיעין, ווו איר יידן האָט געלעבט פון די
ציַיטן פון מלכות ישראל, פון דור־דור־דורות. איר האָט געלעבט ווי מיר
פעלאַכן און מיר האָבן געלעבט ווי איר, צוזאַמען אונטערן זעלבן הימל,

אויף דער זעלבער קרקע פֿון גליל ווי קינדער פֿון זעלבן גאָט, אַ לויב צו זײַן נאָמען. האָט זיך דער שטן אַרײַנגעמישט (אַ בראָך זאָל קומען אויף די פּרעמדע) און איר האָט פֿאַרלאָזן פּקיעין די היים, מיט עטלעכע יאָר צו־ריק, אויסער די פּאָר יחידים, וואָס זענען פֿאַרבליבן. איצט אין די אומ־רויִקע וואָכן, זענען זיי אויך אַוועק, און אָט ביסטו געבליבן אַליין דער לעצ־טער ייִד אָפּצוהיטן דאָס פֿײַערל עס זאָל זיך נישט אויסלעשן, דער בית־הקברות זאָל נישט פֿאַרגיין אין ווילדע קוצים ודודר, דער בית־ הכנסת זאָל נישט חרוב ווערן. ביסט דאָך אַן עדות, אַז צווישן אונדז און אײַך שכנים איז קיינמאָל נישט אויסגעפֿאַלן דער מינדעסטער סכסוך, מיר האָבן געלעבט בשלום ושלוה, און ווען די באַנדיטן (אַ בראָך זאָל קומען אויף די פּרעמדע) האָבן נאָך מיט יאָרן צוריק געפֿאָדערט אײַך אויסצוליפֿערן, האָבן מיר, דרוזן, ס'לעבן אײַנגעשטעלט, מיר אַ הויפֿן קעגן גרויסע האָרדעס אַראַבער; מיר האָבן אײַך באַשיצט און ס'איז אַ האָר נישט גע־מינערט געוואָרן פֿון אײַערע קעפּ, ביז איר אַליין האָט נישט געוואָלט פֿירן אַזאַ לעבן ווי אין אַ תּפֿיסה, און איר האָט בלית ברירה ביסלעכווײַז פֿאַר־לאָזן דאָס דאָרף. מיר האָבן אײַך נאָכגעשיקט אײַערע זאַכן, עופֿות, שאָף און רינדער און שפּעטער, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, געצאָלט אַרענדע פֿאַר אײַער ערד, וואָס מיר האָבן באַאַרבעט. אײַערע מענטשן, אַ שבֿח צו אַללאַה, האָבן זיך אײַנגעאָרדנט צווישן די ברידער יהוד און זענען מער נישט צוריקגעקומען. איצט ברענט ווידער אַ מלחמה (אַ בראָך זאָל קומען אויף די פּרעמדע), פֿון אַלע זײַטן דריקט מען אונדז, מען שרעקט אונדז מיט שחיטות; עט, זײַט משלח דעם אַלטן כופֿר פֿון פּקיעין, אַנישט וועט אײַך זײַן שלעכט, און פֿון אים, פֿון אײַער לעצטן ייִד, וועט במילא גאָר־נישט בלײַבן. ובכן, מיר האָבן דעם ענין אַרומגערעדט מיט דער כאַקומע (רעגירונג) אין עכו, מיט די אינגליז וואָס מיינען אויך דאָס זעלבע, בקיצור: יאַ־יסחק — אַבו סאַלאַם...

כאָטש ר' יצחק זינאַתי, דער לעצטער ייִד פֿון פּקיעין, האָט זיך אַ יעדע רגע געריכט אויף ערגערס ווי אויפֿן גירוש, איז אים דער שמועס געפֿאַלן ווי אַ שטיין אויפֿן קאָפּ. נישט ער האָט זיי געענטפֿערט, נישט זיי האָבן אים עפּעס מער געזאָגט. די קוילן אין טאָפּ האָבן געגליט, זייער

רויטער שײַן איז געפֿאַלן אויף די ווײַסע בערד פֿון די דרײַ זקנים. אין אַ ווינקל אויף אַ טישל האָט געראַוויכערט אַ קאַניצל, שאָטנס האָבן אַרומגע־טאַנצט אויף די ווענט...

הינטערוועלכעס זענען זיי אַרויס, שטילערהייט, און ער זינאַתי איז אַזוי געבליבן זיצן מיט די צעשאָטענע לינדזן אין פֿאָלע פֿון פֿאַרטוך, ביז דער פֿײַערטאָפּ איז אויסגעגאַנגען, פֿון די קוילן איז געבליבן אַ הייפֿעלע אַש; אַזוי איז רבי יצחק געזעסן פֿאַרגליווערט ביז זריחה, ווען די הענער האָבן גערופֿן צו שחרית.

פֿון דור־דורות זענען אַ פּאָר צענדליק ייִדישע פֿעלאַכן געזעסן אין פּקיעין, ביז אַ ניט גענים אויג האָט זיי נישט געקאָנט אונטערשײַדן פֿון די אַראַבישע שכנים. נאָר געניטע ייִדישע אויגן האָבן זיי דערקענט נאָך דער עצבות נאָך, נאָך זייערע גרויסע טיפֿע אויגן. פֿאַראַן סברות, אַז די ייִדן פֿון פּקיעין זענען קינדס־קינדער פֿון די אַמאָליקע עברים, די „עמי הארץ" פֿון גליל, וואָס האָבן זיך נאָכן חורבן בית־שני אויסגעמישט מיט די נײַע אײַנוואוינערס פֿון לאַנד, אויסגעמישט נישט צו דערקענען. ווי ס'זאָל נישט זײַן, האָבן זיי לאַנגע דורות געלעבט אין שלום מיט די אַראַבער אין די פֿאַרוואָרפֿענע בערג פֿון גליל. זייער ייִדישע אמונה האָט קיינעם קיינמאָל נישט געשטערט, זיי האָבן קיינעם נישט געריסן די אויגן, דער זעלביקער ייִדישער מוהל, וואָס האָט זיי מל געווען, האָט עס געטאָן מיט די אַראַבער, חזיר איז בײַ זיי געווען טריף ווי בײַ די שכנים און די ייִדישע מנהגים, מיטן אויסגעהיטן אוראַלטן בית־עולם, האָט אויך קיינעם נישט געשטערט. ווידער די שול פֿון פּקיעין, פֿלעגט זי אַלע יאָרן צוציִען געסט פֿון אַלע מײַלן וועלט און אַלע אומות, און ברענגען פּרנסה די פֿעלאַכן. אַזוי ביז דער מגיפֿה — די אומרוען פֿון נײַנצן זעקס און דרײַסיק — נײַן און דרײַסיק, ווען די סכנה איז געווען גרויס, זי האָט באַוויזן די אַלטע ייִדי־שע תושבים צו פֿאַרלאָזן די היים און זיך צעשפּרייטן אין די נײַע ייִדישע ערטער, ווו ס'לעבן איז געווען זיכערער. יחידים זענען צוריקגעקומען און ווידער אַוועק, ביז ס'איז פֿאַרבליבן דער לעצטער און איינציקער ר' יצחק זינאַתי דער שומר. ער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ער איז געבליבן היטן דעם בית הכנסת מיטן אַלטן בית־הקברות, מיט די מזוזות געשרײ־

בענע פון צפתער סופרים אויף די בײַשטידלען פון די חרובע היימען אין פקיעין. נישט ר׳ יצחק האָט קיינעם געשטערט, נישט קיינער האָט אים געשטערט, מחמת ר׳ יצחק איז דאָ נישט געווען אַ פרעמדער, אלא אַן איי־גענער, אַ דאָ געבוירענער תושב ווי זײַנע עלטערן, זיידעס און עלטער־זיידעס. ער האָט אין היימישן דאָרף באַארבעט זײַן פּיצל באָדן, געהאָדע־וועט די פּאָר עופות און געמאָלקן די צוויי בערדיקע באַרג־ציגן. ווי עלנט ר׳ יצחק האָט זיך נישט געפילט אַליין אין אַראַביש־דרוזישן ים, איז ער געווען מוטיק און צוגעלאָזן, ווער רעדט נאָך, נאָכן אויפקום פון די נײַע קיבוצישע אדלער־נעסטן, טאַקע אין די אימהדיקע טעג פון בלוט: חניתא, מצובה, אילון, עברון, דער שטאָלץ פון מערבדיקן גליל — די אדלער־נעסט יחיעם בײַ די חורבות פון דער אַלטער פעסטונג דזשידין. און ווּ זענען די ייִדישע מושבים נהריה, שבי ציון און רגבה? פון דער אַנדערער זײַט האָט ר׳ יצחק זיך פאַרלאָזן אויף דער נאָענטער שטאָט, די עיר הקודש צפת, און ווּ איז ביריה, ווּ דער צורר ישראל פון דער טעמזע האָט צום ערשטן מאָל קאַפּיטולירט פאַר ייִדישע בחורים און מיידלעך פון פלמ״ח. ר׳ יצחק זינאתי האָט דאָך אין זײַנע אַלטע יאָרן דערזען, ווי אין זײַן פרעכ־טיקער היים־געגנט, אין די בערג פון גליל איז צוריק אויפגעגאַנגען דאָס פאַרטונקלטע פאַרשטייניקטע ליכט פון יוחנן פון גוש חלב, וואָס האָט אָנ־געצונדן די מרידה קעגן די רוימער אָט דאָ נישט ווײַט, אַ תחום שבת פון זײַן היים.

דער לעצטער ייִד פון פקיעין, אויב ער איז געווען אָפּשטאַמיק פון די אַמאָליקע „עמי הארץ״ — איז שוין גאָרנישט געווען קיין עם־הארץ. ער פלעגט לייענען די פאַרשפעטיקטע העברעיִשע צײַטונגען פון תל־אביב און געוווּסט פון אַלץ. ער איז געווען אַ בן־בית בײַם צוקונפטיקן נשיא פון ישראל יצחק בן־צבי, דעם מחבר פון די דברי הימים פון פקיעין. ר׳ יצחק זינאתי האָט, אויף זײַן שטייגער, מיטגעמאַכט אַלע פריידן און לײַדן פון ישוב, און אין יענעם פרימאָרגן ערב חנוכה תש״ח, ווען גאַנץ ארץ־ישראל האָט זיך אַרומגענומען, געקושט און געטאַנצט אין די גאַסן מחמת דער גאולה־בשורה איז ר׳ יצחקן גאָר פינצטער געוואָרן די וועלט. ער האָט זיך אָנגעשאָטן אַש אויפן גראָען קאָפּ און געריסן קריעה, ווײַל דעמאָלט

האָבן די אומות העולם געפּסקנט איבערצולאָזן דעם מערבדיקן גליל, זײַן, ר׳ יצחקס מערבדיקן גליל איבערלאָזן אויסער דער ייִדישער מדינה אויפֿן באַראָט פֿון די שונאי ישראל, וואָס שאַרפֿן די שווערדן צו אַ נײַער שחיטה.

ובכן, אַז די הענער האָבן יענעם פֿרימאָרגן סוף טבת תש״ח גע־קרייעט צו שחרית, האָט ר׳ יצחק אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער, אַראָפּ אין בית הכנסת, אויפֿגעשאַרט אַלע פּיצלעך ליכט, וואָס זענען געבליבן פֿון פֿאַר־שײַדענע ימים טובים, חתונות, בריתן, און נישט פֿאַר ייִדן געדאַכט לוויות; ער האָט די פּיצלעך ליכט אַרײַנגעשטעקט אין די מעשענע הענג־לײַכטערס און זיי אָנגעצונדן צוזאַמען מיטן אַלטן אייל־לאָמפּ. דערנאָך האָט ער אַריבערגעוואָרפֿן דעם טלית מיט דער זילבערנער עטרה איבערן קאָפּ, געלייגט תפילין, אויפֿגעמאַכט דעם גראָבן סידור, וואָס איז געלעגן אויפֿן עמוד און זיך צעשאָקלט איבער אים, מיט שווערע ביטערע טענות צום רבון העולמים. דאָס מאָל האָט ער מתפּלל געווען מיט אַ סך האַרץ, אָבער אָן איבעריקע שהיות. נאָכן אויפֿלייגן די תפילין מיטן טלית האָט ער אויסגעלאָשן די פֿאַרבליבענע פּיצלעך ליכט, מיטן אייל־לאָמפּ, אַראָפּ־גענומען דעם פּרוכת פֿון ליידיקן ארון־קודש, אײַנגעוויקלט אין אים דעם סידור און צוזאַמען מיטן טלית און תפילין אַרײַנגעשטופּט אין טלית־זאַק. ער איז געבליבן שטיין בײַם עמוד אַ פֿאַרגליווערטער, ביז אַ פּיצל זון פֿון די וואָלקנס אָפּער האָט קאַלט אַרײַנגעבליקט אין דעם איינציקן שײַבל פֿון די פֿענצטער, וואָס זענען פֿאַר די לעצטע יאָרן פֿאַרקלאַפּט מיט ברעטער. אַ פֿאַרקלעמטער האָט ער זיך הינטערווײַלעכטס אַרויסגעשאַרט פֿון שול, שיקנדיק מיט דער האַנט קושן צום נאַקעטן און ליידיקן ארון־קודש. פּאַמעלעך האָט ער פֿאַרשלאָסן די שווערע טיר און דעם גרויסן קופּערנעם שול־שליסל אויך אַרײַנגעלייגט אין טלית־זאַק.

אַזוי איז ר׳ יצחק זינאַתי אַוועק זיך געזעגענען מיטן דאָרף, ווו ער איז געבוירן, אויסגעוואַקסן און זיך געעלטערט. מיט חידוש האָט ער באַ־טראַכט די צעוואָרפֿענע ליימענע הײַזקעס, גלײַך ער וואָלט זיי געזען צום ערשטן מאָל. ער איז אַוועק צום וואַסער־קוואַל צווישן די ביימער, ווו ער האָט פֿאַרבראַכט זײַן קינדהײַט און יוגנט, דערנאָך פּאַמעלעך אַרויפֿגע־

קלעטערט אויפן שיפּוע פונעם באַרג צו די אַלטע קברים פון די אבות און פאַרטיילט שטיינדלעך צו אַלע מצבות.

די זון האָט זיך פאַמעלעך אַדורכגעבראָכן פון צווישן די וואָלקנס און אַנטפּלעקט די שטייניקע מאַסיוון פּראַכט פון גליל. ר׳ יצחק האָט די אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דער מראה. צו שפּעט האָט ער מיט לײַב און לעבן דערפילט די שיינקייט פון אָרט — זיך נישט אָפּצורײַסן! אַזוי האָט ער געקלעטערט שיפּוע אַרויף, שיפּוע אַראָפּ, ביז ער איז, אַ פאַרקלערטער צוריק אַרײַן אין דאָרף, ווו מען האָט אים פון יעדער טיר און טויער צו־געוואָרפן: „מאַר סאַלאַמי, דשאַריטנאַ"! — גיי אין שלום, שכן.

אַז ער איז צוריקגעקומען צום שול־הויפל, האָט דאָרטן זיך שוין געקהלט אַ האַלב דאָרף פאַרחידושטע קינדער, פרויען און זקנים, וועלכע ער האָט געקאָנט בײַ די נעמען און יחוס.

מיטן „באַגאַזש" — דעם פולן טלית זאַק, מיטן שווערן שליסל פון שול, האָט זיך ר׳ יצחק זינאַתי אַרײַנגעזעצט אין פּאָליציייאישן פאַנצער־וואָגן, וואָס האָט זיך מיט רעש באַלד געלאָזט אין וועג אַרײַן.

אַזוי איז אַוועק דער לעצטער ייִד פון פקיעין, וואָס אין מערבדיקן גליל.

# יאָסי

בסך־הכל איז יאָסי נישט געווען אין דער היים וואָסערע פיר חדשים. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זיך קיין אָרט נישט געפונען. אַזוי משונהדיק האָט זיך דאָ אַלץ געביטן. די גאַסן מיט די הײַזער — אַקוראַט ווי זיי וואָלטן דיר געלעגן אויפֿן קאָפּ און געדריקט. דער רעש, דאָס רײַסיקע ליכט אין די אָוונטן, דאָס געדיכטעניש, דער הו־האַ — איז שווער צו פֿאַרטראָגן. אַפֿילו די „גלידה" (אײַז־קרעם), צו וועלכער עס האָט זיך געבענקט, וואָס האָט נאָך מיט אַ האַלבן יאָר צוריק געהאַט טויזנט טעמים, איז שוין אויך נישט דאָס. אויך דאָס צערטלען פֿון טאַטע־מאַמע איז דערווידער. און די מיידלעך האָבן זיך געביטן. ערשט נישט לאַנג האָבן זיי אויף דיר קיין בליק נישט פֿאַרלוירן, איצט הענגען זיי אַרום דיר און נעמען נישט אַראָפּ די אויגן.

נאָר פֿון איין זאַך קען מען יאָסין נישט אָפּרײַסן — פֿון גאַזאָז. ער לויפֿט פֿון איין קראַן צום צווייטן און קען נישט לעשן דעם דורשט, וואָס האָט אים די לעצטע חדשים אויסגעטריקנט די ביינער...

וואָס קוקן זיי אים אַלע אין די אויגן, ווען ער זיצט בײַם טיש און עסט, אַז יעדער ביסן שטעלט זיך קאַפּויער? וואָס שטופּן זיי אים די טעלערס, די גאָפּל מיטן לעפֿל, וואָס? נישט פּשוטער צו ברעכן דאָס פֿרישע, געשמאַקע ברויט און לייגן שטיקערווײַז אין מויל מיטן פֿלייש אינאיינעם? און וואָס סקריפּעט דאָרטן דער ראַדיאָ און מאַכט צו שפּאָט דעם „בערבות הנגב", ווי ס'וואָלטן זיך שיטן שטיינדלעך אויף בלעך. וואָס טוט זיך דאָ?

פֿיר חדשים ווי פֿיר יאָר, אפשר מער. חנוכה תש"ח איז נאָך יאָסי

געווען אַ שילער אין לעצטן קלאַס גימנאַזיע. צום ענדיקן האָבן געפעלט
עטלעכע חדשים, אַלאַ, אַז אַלע זיינע חברים האָבן פאַרלאָזן די שול־באַנק
און געענטפערט אויפן רוף פון פּלמ"ח, איז יאָסי מיטגעגאַנגען, כאָטש ער
האָט נאָך נישט געציילט קיין פולע זיבעצן חנוכות. ס'האָבן נישט געהאָלפן
די וואָגיקע טענות פון די לערערס, נישט די טרערן פון דער מוטער און
נישט די תחנונים־אויגן פון טאַטן. צום סוף האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן.
צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן האָט אים דער פאָטער אָנגערופן מיטן פולן
יידישן נאָמען: יוסף.

— גיי, מיין זון, צוזאַמען מיט דיינע חברים, גיי, יוסף, און זיי
מצליח.

מיטן טאַטנס ברכה און דעם קוק פון זיינע אומעטיקע אויגן, מיט
דער מאַמעס טרערן איז ער דעם זעלבן אָוונט אַוועק ערגעץ אויף אַ זאַמל־
פּונקט, אַ קלט. ער איז געווען באַגייסטערט און צעחושט. באַקומען אַ
ביקס, אַ פּאַטראָנטאַש מיט פופציק קוילן, פיר גערונצלטע האַנט־גראַנאַטן,
ארויף אויף אַ פּאַנצער־וואָגן און אַוועק אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל, וואָס
האָט גרין אַרויסגעקוקט פון די נגב־זאַמדן.

לכתחילה איז דאָרטן געווען אומעטיק, אַפילו לאַנגווייליק. אַ בחור,
אפשר צוויי יאָר עלטער ווי ער, האָט די חברה מושטירט, געוויזן כלערליי
קונצן, ווי צו גיין הויך אויף אַ שטריק ווי אין אַ צירק, ווי צו קריכן אויף
אַלע פיר דורך קאַנאַלן, גרובנס, דורך שטעכעדיקע דראָט־פאַרצאַמונגען
אָדער סאַברעס, נישט צו מאַכן דעם מינדעסטן רעש, נישט צו פאַרפּלאָנ־
טערן דאָס העמד אָדער הויזן. אַ ביסל שפּעטער האָט מען געלערנט ווי צו
וואַרפן האַנט־גראַנאַטן, צו פאַרריכטן אַ ביקס אָדער אַ „סטען". דערנאָך
האָט מען געמאַכט ווייטע שפּאַצירן אויף גאַנצע נעכט, געקלעטערט אין די
בערג, געגאַנגען אַזוי שטיל אַז אַ שטיינדל זאָל נישט אַ רויש טאָן אונטער
די שיך.

אַזוי איז ביסלעכוויז ערגעץ ווייט אַוועק די וואַרעמע שטאָטישע
היים, אַוועק ווי עפּעס אַ חלום, וואָס מ'האָט געזען מיט יאָרן צוריק. און
וואָס ווייטער די היים איז אַוועק, אַלץ נאָענטער איז געוואָרן די נייע

סביבה דאָ אין נגב, די חברה, די שפּאַצירן און מאַנעװרעס, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן:

איינמאָל, בעת זײ זענען געזעסן בײַם איבערבײַסן אונטער אַ בערגל, האָט זיך אומגעריכט אַ שאָט־געטאָן איבער זײערע קעפּ אַ האָגל קוילן, מיט אַ זשומען און פּײַפן, די ביסנס זענען געבליבן שטעקן אין האַלדז. בײַ יאָסין האָט זיך עפּעס אַ דרײ געטאָן, אים איז באַפאַלן אַ פּחד, די הענט האָבן אויפגעהערט דינען, די פֿיס זענען געװאָרן שטײַף. ס׳האָט געדויערט געצײלטע מינוטן, ביז מען האָט דערהערט דעם באַקאַנטן קול פּונעם מפקד, און דאָס האָט געװירקט אויף דער חברה װי אַ כישוף: מ׳האָט זיך אויסגעגלײַכט ליגנדיק אין אַ האַלבן קרײַז, און נאָכן צװײטן באַפעל „זײַט גרײט"! איז דער פּחד פאַרשװוּנדן אַזױ גיך װי ער איז געקומען. אדרבא, מ׳האָט דערפילט װי דאָס דערװאַרטע איז אָט געקומען. אַ פאַר־באָרגענע התלהבות אויסגעמישט מיט אַ נישט־באַקאַנטן צאָרן האָט אַרומ־געכאַפּט די חברה.

— פֿײַער!

עס האָבן זיך געצונדן פּלעמלעך, װאָס האָבן זיך געריסן פונעם האַלבן קרײַז אַריבערן בערגל. חברה האָט זיך װי צונויפגעשמאָלצן מיט די ביקסן, נישט צו פילן די קלעפּ פון די פּריקלאַדן בײַ די אַקסל־בײנער. זײער ערשטע פֿײַער־טבילה האָט אַזױ געדויערט אַ קנאַפּע שעה, ביז ס׳איז װידער געװאָרן טויט־שטיל. לכתחילה האָט געגומען זינגען אַ שאַרפער װינט אויסגעמישט מיט שנײַדיקן זאַמד װי געמאָלענער גלאָז, געריסן די פּנימער, פאַרקראָכן אין אויערן, אין מויל און נאָז, און ס׳האָט געבלענדט די אויגן. ביסלעכװײַז האָבן זיך פון אַרומיקן חושך אויסגעפּיקט שטערן אויף דער רקיע, און װײַט אויפן האָריזאָנט האָט זיך באַװיזן אַ קאַלטע קײַלעכדיקע לבנה, װי אַ לאַמטערן, גלײַך עמעצער װאָלט זי אויפגעהאָנ־גען אין דער לופט. ס׳איז אויפגעגאַנגען אַ מילדע בלױלעכע ליכט, ס׳איז געװאָרן היימישער...

ערשט איצט אין ערשטן אָפּרו האָט די חברה תופס געװען דעם זין און דעם נוצן פון די פריערדיקע נאַכט־שפּאַצירן און קונצן. דערפילט אויפן אײגענעם לײַב, װי װױל ס׳איז צו קענען קריכן אויף אַלע פיר, ניט

צו צעשנײַדן, נישט צעבלוטיקן די הענט, און נישט צו פילן דאָס ברענען פון זאַמד אויף די צעקראַצטע קני. איצט האָבן זיי אויך דערפילט דעם גן־עדן טעם פון אַ טרונק מוטנעם, לעבלעכן וואַסער פון דער פליאַזשקע, וואָס האָט פריִער אויסגעזען ווי אַ אומנייטיקער באַלאַסט, וואָס באַמבלט זיך נאָך אויפן באַלאָדענעם גוף.

פאַרטאָג זענען זיי צוריקגעגאַנגען מיט אַן אומוועג, און באַגעגנט אַ פּאַטרול מיט אַ באַפעל צו בײַטן די ריכטונג, ווײַל דער וועג צום „פּונקט" איז אָפּגעשניטן. דער שונא האָט באַוויזן זיך אײַנגראָבן אין די בערגלעך אַרום.

— אַ פויגל וועט דאָ נישט דורך, זיי האָבן דעם גאַנצן שטח אַרום אויפן אויג. דער שונא מינירט די וועגן.

האָט מען זיך אויסגעקערעוועט אין אַ צעצויגענער קייט און געגאַנגען זיבן שעה צײַט מיטן אומוועג, ביז מען איז געקומען צו אַ צווייטן ייִדישן „פּונקט", וואָס האָט אויסגעזען גלײַך ווי צוויי טראָפּנס מילך, ווי דער ערשטער: די זעלבע גרינס, די זעלביקע יונגע ביימלעך, די זעלבע באַראַקן, שטאַלן און הינער־שטײַגן, דער זעלבער וואַסער־טורעם, די זעלביקע גרובנס, בונקערס און שטעכעדיקע דראָט פאַרצאַמונגען.

— — — זיצט אַזוי יאָסי אין ווייכן פּאָטער־שטול אין דער היים, און ווי אויף דער וואָר איז ער ווידער אין רעכטן רעש פון אַ לופט־אָנגריף מיט אַ האַרמאַטן שיסעריי אויף יענעם פּונקט: „אויטאָמאַטישע" קנאַטער קוילן זשומען ווי בינען, גראַנאַטן פּײַפן. מען קריכט אויף אַלע פיר ביזן זאַמד־בערגל און אַן אָנגעגליטער ווינט ברענט ס׳לײַב ווי פײַער. מען גראָבט זיך אײַן אין דער ערד, מ׳גראָבט האַלב און גאַנץ ליגנדיק מיט וואָס עס לאָזט זיך: מיט שטיקער שאַרפן פלאַכן שטיין, מיט אײַזנס, מיט העלצער, מיט נאַקעטע הענט. אויפן אָרט דאַכט זיך: אַ קלייניקייט, אַ לאָפּאַטע, אַזאַ לאָפּאַטקע מיט אַ קורצן הענטל, אָבער ווייניקע האָבן אויפגעהיט די לאָפּאַטעס. נישטאָ זיי אין די מערסטע הענט.

אַ מעת־לעת, אַ צווייטער, און נאָך אַ טאָג. ס׳פײַער לאָזט נישט אָפּ, די קעפּ ווערן שווער, די צינגער אויסגעטריקנט ווי שפּענדלעך האָלץ. דער געוויין פון די הונגעריקע, נישט געמאָלקענע בהמות רײַסן די אָדערן.

ענדלעך איז געקומען דער אומבײַט. מען גיט איבער די גריבער, וואָס זענען געוואָרן היימיש ווי א היים, און מען קריכט צוריק אויף אַלע פיר אויף אָפּרו, צו די בונקערס.

וואָס פאַר א גן־עדן ס׳איז איצט דער טוכלער בונקער! באַטעמט איז דאָס וואַרעמע וואַסער, געדיכט ווי לויג... דערנאָך שלאָפּט מען אָן א סוף מיט דער ביקס צוגעטוליעט צו זיך, ביז מען רײַסט אויף מיט כח די אויגן, מען קײַט אויטאָמאַטיש פאַרזופּנדיק מיטן עקלדיקן לעבלעכן וואַסער, מ׳רייניקט ס׳געווער, מען לאָדט אָן די „אויטאָמאַטישע", און צוריק אין די גריבער אויפן בערגל, אומבײַטן די מידע חברים. אין די גריבער אויפן בערגל איז נישטאָ קיין טאָג, קיין נאַכט. מען פאַרגעסט די שעהען. דאָס דונערן פון די כלי משחית מישט זיך אוים מיטן ווינט, מיט די זאַמדן, מיט די קרעכצן פון די געטראָפענע. דאָס משונהדיקע ווערט וואָר, ווי די ווונדן אויפן לײַב, ווי די שטעכעדיקע, נישט געגאָלטע גאָמבעס. אַלץ ווערט פשוט, נישט אַנדערש, ווי עס מוז אזוי זײַן מששת ימי בראשית.

*
**

אַז יאָסי כאַפּט זיך אויף א צעטומלטער און געפינט צוקאָפּנס די צעשראָקענע מאַמע, קוקט ער זיך אַרום ווילד, פאַרחידושט. די מאַמע פרעגט, ווי ס׳וואָלט געטריפט האָניק פון איר גומען:

— האָסט עפּעס געחלומט, יאָסיניו? האָסט אזוי געשריִען פון שלאָף, יאָסיקאַ!

דעם זעלבן אָוונט אויפן ווינקל־גאַס, בײַם קיאָסק גאזאז, באַגעגנט יאָסי זײַן חברה ווידער באַלאָדענע מיט ביקסן, האַנט־גראַנאַטן, זײַט־בײַטלען, פּליאַזשקעס; ווער ס׳שלעפּט מיט א לאָפּעטקע, ווער א קירקע, אַלע מיט שטאָל־העלמען באַצויגענע מיט א נעץ.

— ווּהין, חברה? מה הענינים?

— באַקומען א „קשר", תיכף זיך צוריקקערן, א באַזונדערע אַקציע.

יאָסי טראַכט נישט א רגע, ער בעט זיי אויסוואַרטן א ווײַלע. „אָט קומט ער תיכף צוריק".

דער מפקד, ווי אַ גזלן גיט אַ ברום:

— יאָסי, דו בלײַבסט נאָך אין דער היים, אַז מ'וועט דיך דאַרפֿן, וועט מען דיך רופֿן.

— קדימה, חברה!

יענע זענען אַוועק, אלא יאָסי הערט נישט, וואָס אים מפקד, ווען מפקד? יאָסי פֿאַלט אַרײַן אַהיים ווי אַ שטורעם, כאַפּט דאָס זעקל מיט דער ביקס, גיט אַ גיכן קוש דער צעשראָקענער מוטער, וואָס האָט גראָד הײַנט פֿאַרבעטן משפּחה לכבוד דעם גאַסט, וואַרפֿט אַ פּסוק: „אמא, איבערמאָרגן קום איך צוריק, זאָרג נישט, אמא, שלום! גריס אַלעמען, גריס דעם אבא".

יאָסי לויפֿט אָן אָטעם אין גאַס, ער ווייסט דעם זאַמל־פּונקט. קומט אים אַקעגן אַ דזשיפּ, האַלט ער אים אָפּ:

— קיין רוחמה?

— כן!

— נעמט מיך מיט, ס'איז געעקט מיט מײַן חופש.

— יאַללאַ — אַרויף אויף דער כלי!

פֿליט דער דזשיפּ איבער די פֿלײַנען פֿון נגב, דרייט מיט אימפּעט די קילאָמעטערס אַרום זײַנע רעדער. אָנגעזעצט דער דזשיפּ מיט פּלמח"ן ווי הונגעריקע פֿליגן אויף אַ פּײַכטן שטיקל צוקער. דער ווינט פּײַפֿט, דער זאַמד רײַסט, עס הילכט געזאַנג איבער וועגן. חברה פֿאַרזינגט דעם אומרו פֿאַרן אויסגעוויטיקטן יִדישן לאַנד, פֿאַר די היימען וואָס אויסגעשטעלט אין סכנה.

ויהי ערב, ויהי בוקר, נאָך אַ טאָג, נאָך אַ פֿאַרנאַכט, יאָסיס פֿאָטער האָט געגרייט אַ וואַרימען דוש פֿאַרן בן־יחיד, די מאַמע — אַ געשמאַקן מאַלצײַט פֿאַרן איינציקן קינד, יאָסי האָט דאָך געזאָגט: „אמא! איבערמאָרגן קום איך צוריק".

מיט זומער־שפּרינקלעך און אַ צעיאָגטער גאָלדענער טשופּרינע, האָט ערגעץ אין אַ בונקער אַ יִדישע טאָכטער, אַ ראַדיסטקע צום וויפֿלטן מאָל פּרובירט סיגנאַליזירן צו יענער אָפּטיילונג, וואָס איז אַרויס צו דער „ספּעציעלער אַקציע":

—האַלאָ, האַלאָ, בלומען, בלומען, בלומען — האָט זי גערופן אין טרײַבל און אויסגעקלאַפּט אויפן „מאָרז", אַ פּאַסיק, אַ פּינטל, נאָך אַ פּאַסיק, נאָך אַ פּינטל.

— האַלאָ, האַלאָ, בלומען!

קיין תשובה איז נישט געקומען, דער באַפעל פון קאָמאַנדיר האָט זיך פאַרלוירן אין המסין, אין דער וויסטעניש, בקול קורא במדבר.

דער אָנגעכמורעטער „מים כף" (אָפּטיילונג קאָמאַנדיר) מיטן שטעכעדיקן בערדל און רויטע, נישט אויסגעשלאָפענע אויגן האָט צוגעברומט: „תנסי עוד פעם, פּרוביר נאָך אַמאָל, פּרוביר!

— האַלאָ, בלומען, בלומען, בלומען...

אומזיסט.

מיט צוויי שעה פריִער איז דער אַנטשוויגענער דזשיפּ געלאָפן אין דער נאַכט־לופט, אין געדיכטעניש פון זאַמד און חמסין, אײַנגעשלאָסן אין אַן אײַזערנעם רינג פון פרעהס זעלנער באַוואָפנטע מיט בריטישע אויטאָמאַטן...

יאָסי האָט דעם שונא דערזען דער ערשטער און מיט אַ פײַף פון פיר פינגער צווישן ציינער און צונג אַליאַרמירט די סכנה. יאָסי איז געווען מלא חימה. פאַר די אויגן איז געשטאַנען די מאַמע, און דער נישט געזעגנטער פאָטער: „אמאַ! איבערמאָרגן קום איך צוריק"...

נישט קיין סך צו טראַכטן איז חברה אַראָפּגעשפּרונגען פון דזשיפּ, וואָס איז מיט אַ גרילץ שטיין געבליבן ווי אַן אײַנגעצוימטער פערד. חברה האָט זיך געוואָרפן אין אָנגעגליטן זאַמד, פאַרמירט אַ לעבעדיקן קלין פון פײַער דורכצוברעכן דעם רינג, וואָס האָט זיך געשלאָסן אַרום זיי.

— גיט זיך אונטער, גיט זיך אונטער! — האָט געיאָמערט אַ שטים אין געבראָכענעם ענגליש.

— אונטערגעבן זיך, נישט מער און נישט ווייניקער, מנובלים!

קעגן אַלע כללים, האָט זיך די חברה ווי איינער אַ הויב געטאָן פון זאַמד, אַרוים מיט אַ מוראדיקן געשריי: „אליהם"! אויף זיי, אויף די מצרים ימח שמם, אויף זיי... מאַן קעגן מאַן, נאָך דעם איינער קעגן פינף, זעקס, האָט מען געבראָכן קעפּ און געשניטן לײַבער, זיך אײַנגעביסן אין

פלייש מיט ציין און נעגל, ביז די רינג האָט געפּלאַצט, און חברה איז מיטן זון־אויפגאַנג צוריקגעקומען צום אויסגאַנגס־פּונקט, צעבלוטיקטע, פאַר־שוויצטע, צווישן יעדע צוויי אַ פאַרוווּנדעטער. און בעתן שטומען אַפּעל האָט נאָר איינער זיך נישט אָפּגערופן: יאָסי.

אין בונקער אונטער דער ערד אויפן פעלד־אָפּעראַציע טיש, האָט אַ זעלנער, שטיל קוים צו הערן דערציילט ווי יאָסי האָט געשריִען נישט מיט זײַן קול:

— חברה! איר טרעט אָפּ, איך וועל ווײַטער קלאַפּן, אני אדפוק, איר טרעט אָ־אָ־אָ־פּ...

זײַן קול איז פאַרגאַנגען אין שטורעם צוזאַמען מיטן יונגן לעבן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר איינער האָט געפעלט: י אָ ס י .

# פקוח נפש

קיין סך האָט שוין רבי יואלן נישט געפעלט צו דערפאָרן ביזן סוף. ער איז אַלט געווען צוויי און אַכציק יאָר (ביז הונדערט און צוואַנציק צום ציילן). און אַזוי ווי ער האָט זיך אויפגעהאַלטן בכבוד ביים עלטערן זון, האָט ער זיך אינגאַנצן געקאָנט אָפּגעבן מיט רוחניות. צוריקגערעדט, וואָס איז אים שוין אָנגעגאַנגען ס׳גשמיות אין אַזאַ עלטער? בסך־הכל איז ער געווען אַ בינטל ביינער אין אַן אָפּגעבליאַקעוועטער זיידענער קאַפּאָטע, ספּק שוואַרץ, ספק טונקל־גרין, באַקרוינט מיט אַ רעמבראַנדישן קאָפּ, אַ שניי־וויַיסע באָרד. אַ הויכער שטערן מיט אַ קאַפּעלע און פאַרטרוימטע בלויע קינדישע אויגן.

ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די יידישע צרות אין יאָר תש״ח און זיַין שפּיַיזער, דער עלטסטער זון האָט געמוזט פאַרלאָזן די דירה פון דער גרעַ־נעץ־גאַס, מחמת די אָנסופיקע שיסעריַיען טעג ווי נעכט, האָט זיך ר׳ יואל באַזעצט אין באַלמעלאָכישן בית־מדרש (בעת דער זון מיט דער משפּחה האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ שולע): אַן אייניקל האָט אים געבראַכט אַ מאַטראַץ, אַ קאָלדרע, אַ קישן מיט אַ האַנטוך און אַ בינטל ספרים, אַזוי אַז רבי יואל האָט זיך געקאָנט מתיחד זיַין מיט זיַין ליבן נאָמען אַ קיַי־לעכיקן מעת־לעת, זיך פאַרנעמען מיט אַ שטיקל חשבון הנפש צוזאַמען מיט די הכנות פאַר דער אייביקייט...

מאַכט זיך אַ מאָל אין אַ שבת נאָכן דאַוונען, ווען רבי יואל האָט פון הנאה וועגן אריַיַנגעקוקט אין „ספר הישר״, ברעכט אויס אין גאַס אַ טומל הינטער די פענצטער פון זיַין מקום מקלט. ס׳האָבן זיך געטראָגן געשרייען מיט גוואַלדן ביז צום הימל. וואָס איז געשען?

דערציילט דער שמש ר׳ יואלן, אַז יונגאַטשעס, ייִדישע שקצים האָבן מחלל שבת געווען. אָט דאָ פאַרן שוועל פון בית־מדרש, היתכן? האָט ר׳ יואל נישט געוואָלט גלויבן, ביז ער איז אַליין אַרויס אויף דער גאַס אין טלית. דערזען האָט ער אַ מחנה ייִדן האַלטן אַרומגערינגלט אַן אויטאָ אָנגעלאָדן מיט אָפענע קעסטלעך און בלעכענע קאַנען. די שבתדיקע ייִדן רײַסן זיך: „חילול שבת, שבת, שבת, חורבן בית המקדש...״

— אַפּיקורסים, גוים, ימח שמוניקעס!

איז רבי יואל צוגעגאַנגען באַזאַכט צום עולם, דער טלית האָט זיך אים אַראָפּגערוקט פון קאָפּ, און זײַן שטראַליקער אויסזען האָט ווי גע־ליימט ביידע צדדים, וואָס זענען געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. אַזאַ בחור פונעם אויטאָ, אין זעלנערישע קליידער מיט אַ זאָקן־מיצל אַרוי־בערגעצויגן איבער די אויערן האָט גענומען דערציילן האַלב ייִדיש, האַלב לשון קודש, אַז ער פירט דאָ עסן פאַר די בחורים אין משלט, אויפן פראָנט, אין סאַמע פײַער. „אינני מבין, סבא, איך נישט פאַרשטיי, זיי־דעניו, וואָס די מענטשן טומלען, וואָס, מה הם רועשים, וואָס רודערן זיי די ייִדן, וואָס״?

רבי יואל האָט אַ קרעכץ געטאָן, פאַרריכט דעם טלית, אָנגעשטעלט זײַנע מילדע בלויע אויגן מיט ליכט, ווי דער הימל וואָלט זיך אין זיי גע־שפּיגלט, און ווי צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן: „פּיקוח נפש״. ר׳ יואל איז צוגעגאַנגען צום אויטאָ און בלחש געבעטן צוויי ייִדן, זיי זאָלן אים העלפן זיך אונטערהויבן, ווײַל ס׳איז אים שווער, אַליין קען ער נישט.

האָבן אים צוויי פּאָר יונגע אייזערנע הענט אַ הייב־געטאָן, און אַרויפגעזעצט אויף אַן איבערגעקערט קעסטל, (איינער פון די יונגען האָט פריִער אויסגעטאָן דעם מונדיר און אים אַרויפגעלייגט אויפן קעסטל) און באַלד האָט די שבתדיקע גאַס געזען לויפן אַן אויטאָמאָביל מיט קעסטלעך און קאַנען און צווישן צוויי יונגאַטשעס און זעלנערישע פּלמ״ח־קליידער, איז אַ צעשטראַלטער געזעסן אַ ייִד מיט אַ ווײַסער באָרד, מיט אַ טלית אַרי־בערן קאָפּ:

רבי יואל פון באַלמעלאָכישן בית־מדרש איז בכבודו ובעצמו שבת קודש געפאָרן צום פראָנט: פּיקוח נפש!

# שלח מנות

געהייסן האָט זי שרה און די גאַס האָט זי גערופן „שרהלע די באבע״. אויף אירע אויסגעפּראַצעוועטע קנאָכיקע הענט האָט זי זוכה געווען אויסצוטראָגן קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך. וואָלט נישט זײַן אומרויִק, וואָלט זי זיך איצט נישט געוואַלגערט אין אַ פּליטים־היים, נאָר רויִק געדרעמלט אין דער מחיהדיקער ניסן זון אויף אַ טעראַסע, אָדער אויפן טרעפּל בײַ דער טאָכטער. איז אָבער געווען מלחמה־צײַט, דאָס הויז וווּ די טאָכטער האָט געוווינט איז מער נישטאָ. ענגלישע זעלנער האָבן עס אויפגעריסן און די אַלטיטשקע שרה מיט איר בינטל מטלטלים האָט מען געבראַכט אַהער אין גרויסן טומלדיקן הויף און געהייסן וואַרטן, ביז מען וועט איר געבן אַ בעט.

שרה איז צו זיך געקומען פריער פון אַלע. אירע טרייסט־רייד האָבן צעוואַרעמט ביטערע הערצער, אירע ביינִיקע הענט האָבן אויסגעבויט אַ ווינקל אין דעם בשותפותדיקן גרויסן ביידל. עס האָבן נישט גערוט נישט נאָר איר מויל, אויך נישט אירע הענט...

יענעם פּורים תש״ח האָט נישט געקנאַלט אין דער לופט דאָס קינדערשע שיסערײַ פון פּורים־ביקסלעך; יענעם פּורים האָבן געדונערט מערזערס, באָמבעס און קוילן. די לופט האָט נישט געשמעקט מיט פרישע בוימל־חלה, נישט מיט שמעקעדיקע המן־טאַשן, — די לופט האָט געשטיקט מיט ריחות פון פּולווער און דינאַמיט.

איז געוואָרן אַ טומל יענעם פּורים אין דעם פּליטים־לאַגער. מען האָט זיך אַרומגעזען אַז שרה די באָבע פעלט. זי איז פאַרלוירן געגאַנגען. אין

דער פּרי האָט זי אַלעמען געווונטשן אַ גוט יום־טוב, באשר זי גייט אין שול הערן די מגילה. אָט זענען שעהן אַוועק, ס'איז פאַרנאַכט, מ'האָט דורכגעזוכט און אויסגענישטערט ווי נאָר אַ שול, אַ שטיבל אָדער בית־מדרש — זי איז נישטאָ. קיינער האָט זי נישט געזען, נישט באַמערקט. איז מען געלאָפן זיך נאָכפרעגן ביי די פּאַטרולן און פּאָסטנס פון „משמר העם": אפשר האָבן זיי אַזאַ זקנה געזען?

קיינער ווייסט נישט.

אויף מאָרגן, שושן־פּורים, איז מיט רעש צוגעפאָרן אַ מיליטער־פּאַנצער צום פּליטים־לאַגער און פּלמחניקעס האָבן מיט אַ הוראַ און הידד־געשריי געטראָגן אויף זייערע פעסטע הענט שרהן. ס'טיכל פעסט צוגעבונדן צום קין און דאָס ליב צעקנייטשטע באַבעשע פּנימל מיט די קליינע קאָליר־לאָזע אייגעלעך אינגאַנצן צעשטראַלט:

— טיע, טיע, יונגאַטשעס, אַזעטיקע זשוליקעס, טיע, טיע, וואָס זיי האָבן עס מיט מיר אָפּגעטאָן.

— טיע, טיע, נכפּהניקעס אַזעלכע, טיע!

מענטשן האָבן געגאַפּט, מענטשן האָבן געפרעגט: וואָסי?

האָבן די בחורים דערציילט דעם פאַרגאַפטן עולם, ווי אזוי אין סאַמע מיטן פייער האָבן זיי געטראָפן די אַלטיטשקע קריכן פון פּאָסטן צו פּאָסטן טיילן דער חברה המן־טאַשן, פרישע, שמעקעדיקע המן־טאַשן. שלח־מנות...

# דער לעצטער טאָג

.1

מיטוואָך דעם 30סטן יוני 1948, גענוי צוועלף אַזייגער מיט פינף און דרײַסיק מינוט, האָט אַ בריטישער קאָמאַנדע־זעלנער אין אַ גרינעם בערעט אָפּגעיאָמערט אויף אַ בלאַנק־געפּוצטן מעשענעם טראָמפּייט אַ לויה־ניגון; אַ צווייטער זעלנער האָט פּאַמעלעך אַראָפּגעצויגן די בריטישע פּאָן פונעם לעצטן האַפּן־מאַסט אין חיפה, צונויפגעוויקלט זי אין אַ וואַרשט און מיט אַ סאַלוט דערלאַנגט זי דעם לעצטן פרעמדן מאַכט־האָבער אין פּאַלעסטיין, דעם לאַנגן, טרוקענעם נערוועזן יִדיש־פײַנטלעכן גענע־ראַל מאַק־מילען. דער גענעראַל, ווידער, האָט דעם לײַוונטענעם וואָרשט איבערגעגעבן דעם בריטישן קאָנסול. אַ רגע איז ער געשטאַנען פּאַראַלי־זירט סאַלוטירנדיק מיט זײַן אויסגעבאָליעטער האַנט, וואָס האָט קוים באַ־רירט דעם מיט גאָלד באַזוימטן דאַשעק פון זײַן היטל. דערנאָך האָט ער זיך מעכאַניש אויסגעדרייט, אַ טופּע געטאָן מיטן לאַקירענעם שוך און אַרויף אויף אַ מאָטאָר־שיף, וואָס האָט אים געבראַכט צום קרייצער „פּיבי".

דער קרייצער „פּיבי" האָט אַ דונער געטאָן מיט אַלע האַרמאַטן, די סירענע האָט זיך צעוויינט, און דאָס וואַסער אַרום האָט זיך צעשפּילט מיט אַ ווייסן זודיקן שוים.

טויזנטער, טויזנטער יִדן זענען געלעגן צוגעשמידטע צו די דעכער אַרום און אַרום. און פאַרכלינעטע אין שטומער פרייד געמישט מיט

זאָרג, זיך צוגעקוקט ווי דער קרייצער פאַרשווינדט אויפן האָריזאָנט. אָט ווערט פון אים אַ פּינטעלע מיט אַ פּאַס רויך, און אויס.

חסל.

.2

דאָס איז פּאַרלאָפן דעם 30סטן יוני 1948 פּונקט 12 אַזייגער מיט 38 מינוט. אָבער אַ האַלבע שעה פריִער האָבן חיפהער יִדן געהאַט נאָך אַ זעונג. צו דערציילן פאַר וויַטערדיקע דורות:

די פאַרהאַסטע, באַרימטע און פאַרשאָלטענע בריטישע גירוש־און תפיסה־שיף „אָושען וויגאָר", אין איר גאַנצער בעוויניסטישער פּראַכט, גאָר ווי אין די חדשים זינט דעם 29סטן יוני 1946, האָט זיך מיט איר גראָבן בויך געוויגט אין בלוי־גרינעם וואַסער. אויף אירע דעקן — די זעלבע חיות־שטײַגן פון געפלאָכטענעם שטעכעדיקן דראָט אין דער אָנגע־גליטער ערב־תמוז זון. דער הויפּט דעק אָנגעוואָרפן מיט ליידיקע קאָנ־סערוון־בלעכלעך, און אָט דאָס אַלץ — באַצירט מיטן לעצטן בריטישן זעלנער סקוואָד, וואָס פּאַרלאָזט אויף שטענדיק דאָס לאַנד פון ישראל.

די שיף פון בעוויניסטישן שמאַך, גרויל און שאַנד, האָט זיך צע־ברילט אין אַ מין דזשונגל־באַס, וואָס האָט זיך געקײַקלט אויף די שפּועים פון כרמל און צוריקגעפאַלן צום ים. דאָס וואַסער אַרום איר האָט געזידט ווי דעם נביא זכריהס בלוט אַמאָל אויפן ברוק פון ירושלים. ווי צו להכעיס האָט זיך דער אַנקער אײַנגעקלעמט אינעם גרונט פון ים, זיך ניט אָפּצורײַסן פון אָרט, און די מאַטראָסן, יענע טרויעריקע „גיבורים", וואָס פלעגן פּאַסעווען די לײַבער פון מעפּילים, שלעפּן פאַר די האָר יִדישע פרויען פון דער שארית הפליטה, זענען איצט אַרומגעלאָפן הילפּסלאָזע ווי געסמטע מײַז.

— וואָס ברילן די דזשונגל־סירענעס מיט אַזאַ רציחה און צאָרן, וואָס?

— וואָס לאַכן אַזוי די טאָלן פון כרמל?

— דאָס האָבן זיך אײַנגעקלאַמערט אינעם אַנקער די שוכני ים פון דער „פּאַטריאַ", די, וואָס זענען דאָ אויף אייביק געבליבן אויפן גרונט

פון חיפער פּאַרט צווישן די לעצטע שטאָלענע רואינען פון זייער אומגע־בראַכטער שיף. זיי האַלטן עם דעם אַנקער פעסט צום גרונט — ביז זיי לאָזן אים אָפּ מיט אַ קאָלעקטיווער מעפּילים ברכה: „פּאַרט אײַך צו אַלדי שוואַרצע יאָר!"

און געענטפערט האָט דאָס ווידערקול פון באַרג:

— זאָל אײַך זייער לעצטער מעפּילים־כּאַרכל באַגלייטן לעולם ועד!

— אמן.

### 3.

נישט צום גלויבן! ערשט נעכטן זענען זיי נאָך, פּאַרריסענע, ווי די רוימער, געשטאַנען אָט־דאָ אַרום די קנוילן שטעכעדיקע דראָטן, אַרום די באַסטיאָנען און באַריערעס, וואָס מען האָט גערופן „בעווינגראַד"; ערשט מיט זעקס שעה צוריק האָבן זיי נאָך געזוכט בײַ יִדן געווער; ערשט נעכטן פאַרנאַכט האָבן, ווי גײַציקע קראָקאָדילן, אַראָפּגעקוקט פון כרמל די לאַפּעטן פון זייערע האַרמאַטן צום ייִדישן האַרצן — דעם „חדר"; ערשט נעכטן האָבן זיי מיט אַזויפיל שנאה צעשטערט אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט אין די הײַזער פון שטאָט, וואָס האָט זיי געגעבן אַ היים, ערשט נעכטן האָבן זיי נאָך געהאַקט שויבן, געבראָכן טיר און פענצטער, וואַסער־רערן, געברענט און געצונדן מעבל מיט אַנדער רכוש, צעטראָטן און צעמורשט אַ יעדע בלום און גרעזל; ערשט נעכטן און אָט איצט. נישטאָ מער זיי.

ס'קלינגט נאָך אין די אויערן זייער שנאת ישראלדיקער ניבול־פּה, און פון די ווענט פון די פּאַרלאָזענע הײַזער און לאַגער־באַראַקן. קוקן אַראָפּ פּסוקים אין עם־האַרצישן ענגליש, פּסוקים פון דער שטרײַכער־גע־בעלם־הימלער תורה, אלא ס'איז נאָך נישט צו גלייבן, אַז זיי זענען אוועק, ווען נישט דײַנע אייגענע אויגן וואָלטן עס געזען...

### 4.

ס'וואָלט זײַן נישט ריכטיק צו זאָגן, אַז צווישן די בריטישע זעלנער זענען נישט געווען אַזעלכע, בײַ וועמען ס'האָט געלויכטן ס'געוויסן, בײַ

וועמען ס'איז געווען אַ ניצוץ מענטשלעכקייט; ווען ס'וואָלט אַנדערש גע־
ווען וואָלט נישט פאַרשטערט געוואָרן אין יענעם טאָג אַ פּאַראַדנער
מאָלצײַט מיט פּעטן אינדיק און סקאָטיש־וויסקי, וואָס קהל אין חיפה האָט
צוגעגרייט פאַרן לעצטן ענגלישן גענעראַל אויף דער ארץ־ישראל ערד,
בכדי גאָר פײַערלעך בענטשן מיט דעם „ברוך שפּטרני". טאַקע פאַר דעם
גענעראַל, וואָס האָט אויסגעליפערט ירושלים צו די רוצחים פון אַראַבישן
לעגיאָן, פאַרן גענעראַל, וואָס האָט סימבאָליזירט בעווינס אײַזערנע
פויסט, כאָטש אויסגעזען האָט ער קרענקלעך, אויסגעדאַרט, ווי נאָר וואָס
אויפגעשטאַנען פון אַ שווערער קרענק.

ס'האָבן זיך געפונען אַ פּאָר ענגלענדער, וואָס בעווינס בייזער גײַסט
האָט נישט פאַרטונקלט זייערע אויגן. זיי האָבן געזען די שאַנד פון זייער
פאָלק אין ירושלים, ווי אַזוי זייערע גענעראַלער און בריגאַדירן האָבן זיך
אײַנגעהילט אין אַראַבישע אַבאַיעס און קאָמאַנדירט מיט די אַראַבישע
לעגיאָנען; זיי האָבן געזען בריטישע האַרמאַטן דונערן איבער ייִדישע
קעפּ, האָבן געזען מאָרדן, פאַרניכטן, צינדן, ברענען און פון קיינעם צווי־
שן זיי נישט צו ווערן געשטערט. זיי האָבן געזען ווי זייער הויפּט־קאָמאַנ־
דיר (פאַר וועמען קהל אין חיפה האָט צוגעגרייט דעם פּאַראַדנעם מאָל־
צײַט) האָט אַרײַנגעפירט סירישע און איראַקישע כנופיות אין אַ לאַגער,
וואָס איז דורך די בריטן פריִער פאַרקויפט געוואָרן צו ייִדן פאַר גאָלד
ממש; זיי האָבן געזען די בערג וואָפן און אַמוניציע, וואָס זייערע קאָ־
מאַנדירן האָבן איבערגעלאָזן פאַר די אַראַבער אויף אַ נײַעם מאַסן־מאָרד
אין חיפה. בײַ זייער צוריקטריט האָבן זיי באַשלאָסן כאָטש מיט עפּעס
מכפר זײַן די שאַנד פון זייער מיליטער, און זיי האָבן די טאַנקען, וואָס זיי
האָבן געזאָלט פירן צו די אַראַבער, געבראַכט אַ מתנה די ייִדישע פאַר־
טיידיקערס אויפן פראָנט...

אַזוינס איז שוין געווען אויסער די השגות פון גענעראַל מאַק־מילען.
לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז עמעצער חוזקט פון אים, אלא אַז דאָס
האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר וואָר, האָט זיך זײַן צאָרן אָנגעצונדן להשמיד
ולהשחית...

דער זייגער איז געגאַנגען. דרייען די ווײַזערס אויף צוריק האָט ער

נישט געקענט. ס'איז די לעצטע שעה. וואָס האָט ער געקאָנט טאָן אויב נישט באַיקאָטירן דעם לעצטן פאַראַדנעם מאָלצײַט פון קהל אין חיפה, צו־זאַמען מיט דעם „פּאַרוועל" און העברעיִשע ברכות נאָר מהפה לחוץ, וואָס?

דעם אמת געזאָגט: אין יענע טעג איז דער דוחק אין שפּײַז אין חיפה געוועזן אַ שם דבר. ווער רעדט נאָך וועגן באַטעמטן געבראָטענעם אינדיק. האָט מען טאַקע אַלץ פאַרצערט אָן דעם גענעראַל. עמך איז נײַגעריק גע־שטאַנען הינטער די פענצטער פון שפּײַז־זאַל אין אַריסטאָקראַטישן האָ־טעל „ציון", עמך האָט געוואָלט זען אַ פּנים פון אַ בריטישן גענעראַל, זען אָן אימה כדי שפּעטער קינדער און קינדס־קינדער צו דערציילן ווי ס'האָט אַזאַ ענגליש פּנים אויסגעזען אין דער גרויסער שעה. די קעלנערס האָבן אַ ווונק געטאָן דורך אַ פענצטער, און . . . נישט געבעטן האָט זיך עמך אויסגעזעצט בײַ די געצירטע טישן, אָן שהיות, אָן מאַנירן, נישט צו פאַרפעצן די ווײַסע סערוועטן און סערוועטקעס פאַרצערט די אינדיקעס מיט די וויסקי, מיט די ווײַנען. אַלץ וואָס איז געווען גרייט פאַרן גענעראַל מיט די אויסדערווײַלטע פון קהל. עמך האָט ווי נישט דאַנקבאַרע געסט אַפילו נישט געמאַכט דעם ברכת המזון און געלאָפן אין שטאָט אהין הנאה האָבן פון דעם בילד ווי די בריטן פּאַקן זיך.

## .5

פון 12,38 ביז 6 אָוונט דעם זעלבן טאָג, איז דער היפהער פּאָרט גע־שטאַנען טויט־ליידיק, דער פּאָרט האָט זיך געלופטערט און אויס־געלופטערט!

זעקס אַזייגער אָוונט איז שוין די לופט געווען ריין און קלאָר: נישטאָ מער קיין בריטן אין ישראל, אין יִדישן לאַנד! ס'האָט נאָך פון ווײַטן גע־רויכערט דער אונטערגעצונדענער וואָקזאַל, אָבער די נײַע ווײַס־בלויע פאָן האָט פריידיק געפלאַטערט, געפלאַטערט איבער אַלע בנינים און איבערן העכסטן מאַסט, איבערן יידישן פּאָרט, איבער די צעבראָכענע זעגלען און אויסגעלאָשענע קוימענס פון יִדישן מעפּילים־פלאָט, וואָס האָט זיך אין אַ תפילת מנחה, געוויגט נישט ווײַט פון דער „פּאַטריאַ" חורבה — די

מצבה נאָך דער מאַכט פון רשעות, וואָס איז היינט אוועק פון ערשטן געיידישטן פּאָרט אין דער וועלט.

א יום־טוב האָט זיך צעגאָסן איבער דער שטאָט פון כרמל. פּנימער האָבן געשטראַלט, מאַסן האָבן געשטראָמט פון אַלע באַרג־אַראָפּן פון הדר צום פּאָרט, געשטראָמט מיט פרייד און געזאַנג, מיט הילכיקע מזל־טובן. צום ערשטן מאָל פריי, אינגאַנצן פריי. מען האָט דאָס מאָל גע־שפּאַנט נישט ווי פריער, מיט געביילטע פויסטן, מיט צאָרן און בלוט. ס'האָט דעם המון מער נישט באַגעגנט בעווינס געשטאַפּאָ, נישט קיין שפּאַלערן פון בריטישע זשאַנדאַרן מיט אַרויסגעצויגענע שאַרפע באַגנעטן און קוילנוואַרפערס. חיפה איז איצט אינגאַנצן פריי!

„בעווינגראַד" שטייט אָפן, די באַריערן צעבראָכן, די שטעכעדיקע דראָט־צוימען צענומען, צעריסן און צעוואָרפן. איבערן העכסטן בנין פון דער אונטערשטער שטאָט — די געוועזענע בריטישע פּאָליציי, די אינקווי־זיציע־צענטראַלע, פלאַטערט די ייִדענע ווייס־בלויע פאָן.

שהחיינו והקימנו והגיענו לזמן הזה.

עס זענען אויפגעפּראַלט געוואָרן אַלע טויערן — די שערים פון פּאָרט. נישטאָ מער קיין בריטישע קריגס־שיפן, ס'באַגעגענען זיך צע־שטראַלטע פּנימער פון די ערשטע ייִדישע מאַטראָסן־פאָרמאַציעס, יונגען ווי דעמבעס.

מוזיק שפּילט פון וואַסער אַפער, ס'ניט צו גלויבן די אייגענע אויגן: ס'שווימען אַריין די פּאָר ערשטע ייִדישע קריגס־שיפן.

— פון וואַנען האָבן זיי זיך גענומען, — שרייט אויס א באַיאָרנטער ייִד, און ער איז ממשיך אויפן קול: „רבונו של עולם, טאַטע אין הימל, ווי שיין זיי זענען! אויף בעווינס פלאַט געזאָגט געוואָרן אַזעלכע גרויסן"...

א ייִדישער עראָפּלאַן, גרויס ווי א פויגל, וואָס האָט מיט א פּאָר שעה פריער געוואָרפן צוקערלעך פאַר ייִדישע קינדער אין טבריה, מאַכט איצט „קונצן" נישט ווייט פון כרמל. ס'הילכט די „התקוה".

פאַרענדיקט דער לעצטער טאָג פון די בריטן אין מדינת ישראל.

# כן ירבו

דער געדראַנג אין דער צענטראַלער אויטאָבוסן־סטאַנציע איז געווען אין לשער. אין דרויסן האָט געהערשט אַ געדיכטער שטויביק־קלעפּיקער חמסין. די לופט איז געווען גרוי, די זון האָט אויסגעזען ווי פאַר אַ ליקוי־חמה. דער עולם האָט געשוויצט, זיך געבייזערט און געאַמפּערט. די געדיכטע חמימה האָט נישט ווייניקער געווירקט אויף די געמיטער, ווי דאָס אָפּשטיין לאַנגע שעהן אין דער ריי. און די שלאַנגען זענען געווען צונויפּגעדריקטע, אומגעדולדיקע. די רייען האָבן זיך גערירט פּאַמעלעך, נישט אָנצוזען, ווי ס'רירן זיך וויַיזערס אויף אַ זייגער.

אין אַזעלכע אומשטענדן איז דער נאַטירלעכער שעיר לעזאָזל דער מידער שאָפער, וואָס פלעגט ניט באַוויַיזן אָפּשפּאַנען די אָנגעצויגענע נערוון און אויסציִען די שטיַיף־געוואָרענע פיס נאָך דער אָט־וואָס פאַרענדיקטער לאַנגער נסיעה. דעם גאַנצן וועג האָט ער געחלומט פון אַ קאַלטן טרונק און פון נאָך „עפּעס" — כאָטש נעם און פּלאַץ... און דאָ איז ער באַלאַגערט, דער שפּיץ פון דער מענטשן־שלאַנג ריַיסט זיך מיט כח צו דער פאָדערשטער טיר, בעת די נאָרוואָס אָנגעקומענע, שטופּן זיך אויפגערעגטע צום הינטערשטן ארויסגאַנג פונעם אויטאָבוס.

מעשה שטן זענען עס די טעג פון די יערלעכע איבונגען פון די רעזערוויסטן און מיליטער, און ס'איז געגעבן געוואָרן אַ באַפעל זיי צו אַריַינלאָזן אויסער דער ריי.

פלאַקערט אויף שיער נישט אַ געשלעג צווישן די רעזערוויסטן מיט די אומגעדולדיקע ציווילִיסטן. די לופט גליט און די געמיטער נאָך מער...

# כן ירבו

אין געווימל פון אויפגעבראכטן עולם שטייט דער שאָפער במילא אײנער אַליין ווי אַ דיין און פּוסק אחרון: ווער ס'איז גערעכט און ווער נישט, און ווען ס'קומט אים אָן אַ מינדסטע חלק פון די „ברכות", וואָס שיטן זיך אויף זײַן קאָפּ פון אַלע זײַטן, וואָלט אים קורחס סוף אוודאי געוועזן צו קנאַפּ.

אָט דאָ, אין סאַמע מיטן פון מענטשן־בינשטאָק שטייט אַרײַנגע־דרענגט אַ ייִד, ניין, אַ ייִדעלע מיט אַ ווײַס שיטער בערדל, אַ געל פּנימל באַלויכטן מיט צוויי ווייכע, אַלטע ברוינע אויגן אײַנגעראַמטע אין אַן אוזאָר פון דינינקע קנייטשעלעך; נישט ער שטייט, ער הענגט אינעם גע־דרענג ווי אַ שפּילצײַג. אַלע ווײַלע שטרעקט ער אויס זײַנע ציטערדיקע בלאַסע הענטעלעך און בענטשט גוטמוטיק, ווי ער וואָלט ריידן צו זיך אַליין:

— כן ירבו, כן ירבו, קינדערלעך, טײַערינקע ייִדישע קינדער, כן ירבו.

ווער עס הערט אים, מוז שמייכלען און זיך טראַכטן: „נישט בײַם זינען נעבעך, צעדרייט".

אָט שטייט שוין דער אַלטינקער אין סאַמע אַרײַנגאַנג פון אויטאָבוס מיט אַ פּיסעלע אויפן ערשטן טרעפּל, טראָגט זיך אָן ווי אַ נישט־גוטער אַ יונגאַטש מיט אַ מיליטערישן צייכן אויפן טעמבעל־היטל, אַזאַ גברן מיט שוואַרצע וואָנצעלעך, מיט גליאַיקע שפּיציק־פײַכטלעכע אויגן; ער גיט דעם אַלטן אַ שאַר אַוועק אָן אַ זײַט ווי אַ שטרוי, און כהרף עין שטייט שוין דאָס ייִדעלע וואָסערע צען מענטשן הינטערווײַלעכטס, און איידער וואָס ווען, רײַסט זיך דער אויטאָבוס אַוועק פון אָרט. ער סאָפּעט אָפּ באַגלייט פון בענזין־גאַז און תוכחות. נישטאָ אים, נישט געוואָרן.

בלית ברירה באַרויִקט זיך דער עולם. מען ווישט אָפּ דעם שווייס פון די פּנימער, מען מאַכט זיך גערוימער, באַקוועמער. ווער ס'לענט זיך אָן אָן דער באַריערע, ווער ס'זעצט זיך צו אויף אַ פּעקל, ווער סתם אויף דער ערד. מען ווייסט: נאָך אַ שעה וואַרטן וועט זײַן מיט חסד.

זיצט דער אַלטער אויף אַ פּעקעלע, רעדט צו זיך און צו די אַרומיקע:

— כן ירבו, ייִדישע קינדער, טײַערינקע, כן ירבו...

כ׳ווייס נישט, ייִדן טײַערע, וואָס איז דאָ די אײַלעניש, כן ירבו, וואָס ברענט? ס׳איז דאָך מהיה נפשות, באָרכעשעם אַזויפיל ייִדן, אָן עין הרע, כן ירבו.

ער מורמלט ווײַטער, דער אַלטינקער און שטרעקט אויס בײדע ציטער־דיקע הענטעלעך, ווי ער וואָלט זיך געקליבן ארומנעמען דעם גאַנצן ארום, די גאַנצע רייע מיטן אויפגעבראַזטן אויטאָבוסן־וואָקזאַל אין איינעם, „כן ירבו".

אַוועק אַ קנאַפּע שעה, ס׳לויפט אָן מיט אימפּעט נאָך אַן אויטאָבוס, ס׳באַנײַט זיך די מחלוקת צווישן די אײַליקע נײַ־צוגעקומענע רעזערוויסטן מיט די אויפגעבראַכטע ציווילע. די חמימה שטײַגט, דער שוויס שטראָמט, דער אַלטינקער דאַרף זיך נישט באַוועגן: דער געדראַנג שטויסט אים פאָרויס. אָט שטייט ער צום וויפלטן מאָל שוין אויפן טרעפּל פון אויטאָבוס. דוכט זיך, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין אַרײַן, אָבער לאָ! דאָס מאָל האָט אַ בייזער שאָפער אַ זעץ געטאָן מיטן טיר: — „לא להכנס" — נישט אַרײַנגיין. געפּסקנט, געגעבן גאַז, אַנגעצונדן די מאַשין און אַוועק, איבער־געלאָזן הינטער זיך אַ בײַסיקן בענזין רויך און אַן אַנגעקוואָלענע מחנה אויפגערעגטע מענטשן. בראָש שטייט פון ס׳נײַ דער אַלטינקער און שטאַמלט ווי גאַרניט: „כן ירבו, כן ירבו ייִדישע קינדער, טײַערינקע, וואָס אײַלט איר זיך, וואָס?"

דער נײַער עולם איז געווען אַ מער „וותיק־אַנער", אַ מער געזעצטער; דאָס רוב **מענטשן** — אָרפּישע, קיבוצניקעס, וואָס זענען געווען אונטער־וועגס אַהיים נאָך אַ שווערן טאָג קניות, אָדער דערלײדיקן עסקים אין בענק און מוסדות.

האָט איינער אַ פרעג געטאָן דעם אַלטן:

— וואָס טענהט איר, סבא, זיידעניו? איר וועט דאָך קיינמאָל נישט פאָרן, אויב איר וועט זיך כסדר לאָזן אַרויסשטופּן פון דער ריי, וואָס, סבא? שטייט צווישן אונדזעריקע, וועלן מיר אײַך אַרײַנפירן אין אוי־טאָבוס.

— וואָרעם ווער זאָגט דיר, זונעלע, אַז כ׳קלײַב זיך פאָרן?

הענגט אין דער חמימה אַ השתוממות.

— כן ירבו, קינדער, ווי עץ זעט מיך, קום איך דאָ אַלע טאָג. אַלע ליבע טאָג. דער יונגאַטש, וואָס האָט מיר פאַרקלאַפּט די טיר אונטער דער נאָז, איז אַ ווויל ייִדיש קינד, כן ירבו, עץ ווייסט נישט, ער, דער יונגאַטש קען מיך, אײַזערנע הענט אָן עין הרע. זאָלן זיך נאָך מערן, רבונו של עולם, אַזעלכע יונגאַטשעס.

קוקט מען אָן דעם אַלטן מיט נאָך מער השתוממות.

— כן ירבו! שטעלט ענק פאָר, כ'בין ערשט מיט אַ חודש צוריק אַרויס פון שפּיטאָל, אַ שפּיטאָל פון סוכאָטעס, כ'ווייס נישט ווי אַזוי כ'בין געקומען אין שפּיטאָל, כ'ווייס נישט, אסור.

— אײַ, אַ גוט יאָר, ר' נחומטשע! אַ גוטן מאָרגן, נחומטשע, שוין ווידער דאָ? האָט צענומען אַ פּאָר הענט אַ ברייטלעכע ייִדענע, וואָס איז נאָר וואָס געקומען באַלאָדן און באַהאַנגען מיטן פּעקלעך, זעקלעך און קוישלעך.

— אַ גוט יאָר, ייִדן, אַ גוט יאָר, אַלעמען — האָט זי צוגעגעבן און זיך גענייגט ווי אַ בעל־תפילה צו „בואי כלה": אַזוי פּשוט, מוטערלעך און פון קיינעם נישט געפרעגט האָט זי דערציילט:

— רבי נחומטשע, אַ כשרע ייִדישע נשמה, די גוטסקייט אַליין. איך קען אים פון דאָרטן, פון דער היים, אַזאַ כשרע ייִדישע נשמה...

טרערן קייקלען זיך איבער אירע רונדלעכע, צעקנייטשטע באַקן: — רבי נחומטשע, וויי איז מיר, האָט אַלץ מיט אַלעמען פאַרלוירן, ס'ווײַב פּעשע אָלווע שאַלעם, צוויי זין, וואָס וואָלטן הײַנט געווען רבנים... און זײַן טאָכטער רחלע, אוי, רחלע אָלווע שלום... די דײַטשן, די רשעים, די ימח שמוניקעס, האָבן אים, נחומטשען, נישט געקאָנט בײַקומען, ער האָט זיי איבערגעלעבט, מיטן רשע מרושע, זײַן געביין זאָל פוילן. די ייִדישע זעלנער פון ארץ ישראל האָבן אים געפונען אין אַ לאַגער, אַ בינטל ביינד־לעך פול סוכאָטעס, נחומטשע האָט נישט געהאַט קיין כח צו שטאַרבן, האָט מען אים דאָ געבראַכט אין אַ שפּיטאָל, אויסגעהיילט די סוכאָטעס און אַרײַנגעגעבן אין אַ מושב־זקנים. פון אַזויפיל צרות האָט ער אַלץ מיט אַלעמען פאַרגעסן, ס'איז אים אויסגערונען דער זכרון... ער איז נאָר אויסגעבענקט, דאָרשטיק און הונגעריק נאָך ייִדן... ער קען זיך נישט זע־

טיקן מיט יִדישע פּנימער, וואָס ער האָט אַזויפיל יאָרן פאַרפעלט צו זען. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז אָט־דאָ זענען תמיד פאַראַן יִדן, אָן עין הרע אַ סך יִדן, אַנטלויפט ער, נחומטשע, פונעם מושב זקנים, קומט דאָ זיך שפּאַרן צווישן יִדן, פילן יִדן, זען יִדן. אַזוי פיל יאָרן האָט ער געבענקט, געלעכצט, געחלומט נאָך אַ יִדיש פּנים, ביי די רשעים ימח שמם האָט ער געפינצטערט צווישן גויים, פאַרשטייט עץ?

— כן ירבו — האָט דער אַלטער געענטפערט ווי „אמן" נאָך אַ תפילה.

די אַרומיקע האָבן געשוויגן, פאַרגעסן דעם טומל מיטן געדרענג, די חמימה. ביי ווּעמען ס'איז געהאַנגען אַ טרער אויפן אויג... און ווען די פּאַרנאַכטיקע זון האָט זיך באַמיט דורכרייסן דורך דער חמסיניקער פאַר־נעפּלטקייט, איז דער אַלטער צום ווייפלטן מאָל אויף ס'ניי געשטאַנען צונויפגעדריקט אין אַ נייער שורה. זיינע אויגן האָבן מיט סאַמעט גע־גלעט די יִדן, און מיד, טויט מיד מיט פאַרטריקנטע ליפּן האָט ער נישט אויפגעהערט בענטשן: „כן ירבו! כן ירבו"...

# אַ קאַריערע

בײַם ברית האָט מען אין אַ נאָמען געגעבן יענקל, נאָכן פֿאַרשטאָר־בענעם זיידן עליו השלום. צום דריטן יאָר איז ער געוואָרן מסוכן קראַנק, און אויף דער עצה פֿון שכנים און פֿרומע קרובים, האָט מען אוועקגע־זעצט אַ מנין ייִדן זאָגן תהילים, מ׳האָט געמאָסטן קברים, געריסן אין שול דעם ארון קודש און צוגעלייגט נאָך אַ נאָמען: חיים, עס זאָל זײַן צום לעבן, אין סך הכל האָט עס געהאָלפֿן. ער איז געבליבן לעבן.

צו קנאַפּע זעקס יאָר האָט מען אים געשיקט אין חדר, ווו דער מלמד האָט זײַן נאָמען אַרײַנגעטראָגן אין שכר לימוד ביכעלע: חיים יענקל פּופּקין, אָבער די שטעטלשע האָבן נישט געהאַלטן פֿון אָפּיציעלע נעמען. זיי האָבן אים גערופֿן קורץ און שאַרף: יענקעלע „פּופּיק", אויסצומײַדן דעם סגולה־ נאָמען חיים. שוין אין חדר האָט מען אים נישט פֿאַרטראָגן. ער האָט געהאַט אַ נטיה צו באַדינען און געפֿעלן ווערן די שטאַרקע און רײַכע קינדער, דעם מלמד, דער רביצין, אַפֿילו דעם אויבער־שמש פֿון שול. העכער האָט ער נישט געקענט דערלאַנגען. אַ קעפּל האָט ער געהאַט נישט קיין שלעכטס, בײַם מלמד האָט ער געהייסן דער „בעל תפיסה", קיין באַזונדערע פֿעיִקייטן האָט ער נישט אַרויסגעוויזן, ער האָט אָבער תמיד פֿאַרשטאַנען זיך גוט צוגרייטן צום „פֿאַרהער" שבת נאָך „ברכי נפֿשי" אָדער נאָכן „פּרק". און מי יודע, ווען זײַן טאַטע מאַכט נישט קיין שטאַרב, וואָלט ער אפֿשר אוועק אין די גימנאַזיעס.

פֿאַרענדיקט מיטן חדר, אין שטוב האָט געפֿעלט ברויט, איז ער געוואָרן אַ פּריקאַזטשיק אין אַ שניט קראָם. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט

ער זיך פארקוקט אויף א מיידל, וואס האט נישט געטראכט צו קוקן אויף אים, אלא אז זי איז אוועק אין החלוץ, איז ער אויך אוועק. ס'האט נישט געהאלפן דער מאמעס רייד און טרערן, — פון החלוץ איז ער געקומען קיין ארץ ישראל גלייך אין א קבוצה אין עמק יזרעאל.

דאס מיידל איז פון זיינע געגג נישט נתפעל געווארן און ווייטער אויף אים נישט געקוקט. חיים יענקל האט זיך אנטוישט פון אזא לעבן, ווי מיינע איז דיינע, אלע זענען גלייך. נישט געווען אין קבוצה קיין מיוחסים, און אליין א שטיקל חלוש מיט א צעווייטיקטע הארץ, איז אים וואס ווייטער אלץ שווערער געפאלן די „גראבע" ארבעטן, גארנישט ווערדליק זיין גוסט, — איז ער אוועק אין שטאט. אדאנק אן איינפלוס־רייכן שוועסטער־קינד (דעם פעטער יאשע קרויטס בכור) איז ער אנגע־קומען אין א רעגירונגס־ביורא, איינצושרייבן און אויסשרייבן בריוו, גיין אויף פאסט, אפשיקן און ברענגען בריוו, און אין צווישן לויפן מיט פאפירן פון איין טיש צום צווייטן. דא, זעט איר, האט ער זיך דערפילט ווי א פיש אין וואסער; דא זענען שוין געווען שטארקע און שוואכע, גרויסע און קליינע פקידים, יידן, אראבער און דער סאמע שמן זית זך: ענגלענדער!

נישט צו פארלירן צייט, האט זיך חיים יענקעלע געזעצט לערנען ס'ענגלישע לשון, באזוכט כלערליי אוונט־קורסן, אויסגעלערנט אויף אויסנ־ווייניק א זעקס „רידערס", און דריי יאר שפעטער איז ער ארויף אויפן ערשטן שטאפל צו דער גדולה: ער האט באקומען זיין קלאסיפיקאציע פון א פקיד „גרייד־0". יענער טאג איז געווען דער גליקלעכסטער אין זיין יונגן לעבן, כאטש זיין געהאלט פון א פונט מיט א פערטל א וואך איז נישט געווען אי־אי־אי.

ס'האבן זיך פאר אים אויפגעמאכט ברייטע „האריזאנטן" מיט א פאר פארשלאסענע טירן. ער האט זיך אויסגעלערנט וויסן ווען מען מוז רופן „סער", וועמען צו באזארגן מיט א בילעט אין קינא, וועמען צוצוטראגן א געהערט און נישט געהערט רכילותל, וועמען צו חנפענען און וועמען מבזה זיין.

ס'איז אים נישט אנגעגאנגען דאס אפחוזקן פון זיין אויפגעהא־

דערוועט וואַנצעלע, ער האָט נישט דערעסן און געשפּאָרט פּרוטה צו פּרוטה: פונעם אָנגעקליבענעם מטמון האָט ער זיך געקויפט אַ פּאָר גרויע פלאַנעל הויזן, אַ ווײַס העמד מיט מאַנזשעטן, אַ מהודרדיקן שניפּס און אַ ראָק מיט זשאַמשענע לאַטעס אויף די אַרבל, גענוי אַזאַ ראָק, ווי ס'טראָגט מיסטער דייוויס, דער ענגלישער סעקרעטאַר פון דער לוין־אָפּטיילונג פון באַרקלייס באַנק. הגם ער האָט מחמת חולשות און דעליקאַטע לונגען נישט פאַרטראָגן דעם רויך פון טאַבאַק, האָט מען אים אין אַ שיינעם טאָג דערזען רייכערן אַזאַ פּײַפּ, אַ פּײַקע פון סאַמאָראָדנעם קאַרשן האָלץ, און כדי מסיים זײַן די מעטאַמאָרפאָזע, האָט ער אָפּיציעל געביטן דעם נאָמען אויף דזשייקאָב ריטשמען, וואָס איז פאַר דער געשיכטע, און פאַר די צוקונפטיקע דורות שוואַרץ אויף ווײַס אָפּגעדרוקט געוואָרן, לויטן פּובליקאַציע־געזעץ, אין דער אָפּיציעלער גאַזעט פון פּאַלעסטיין. אוים יענקעלע פּופּיק, ווי אַזאַ וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געבוירן געוואָרן.

ס'איז שוין גאָר נאַטירלעך, אַז דזשייקאָב ריטשמען האָט חתונה געהאַט מיט אַ טעלעפאָניסטקע, אַ געבירטיקע אין טאָראָנטאָ במדינת קאַנאַדע, מיט וועלכע ער האָט גערעדט נאָר ענגליש (כדי צו פאַרפײַנערן און פאַרבעסערן הן דעם אַקצענט, הן די שפּראַך גופא). זײַן לידי, מיסעס ריטשמען איז נישט געווען קיין איבעריקס שיינע, אָבער אויך נישט קיין פאַרשלאָפענע. זי האָט אײַנגעלייגט וועלטן ביז זי האָט צונויפגענומען אַלע פעדים אויף אַרײַנצושווימען אין דער „העכערער געזעלשאַפט״ פון שטאָט. קודם כל איז זי געוואָרן אוים קונד בײַם נאָענטן ייִדישן קרעמער, וואָס פלעגט איר רופן פּשוט: פייגעלע, לויט איר היימישן נאָמען, וואָרעם אירע עלטערן אין טאָראָנטע, געבירטיקע אין זשעליכאָוו, האָבן איר אַזוי גערופן אין דער געוועזענער היים, אַפילו נאָכן ענדיקן די הײַ־סקול. מעשה־שטן איז דער קרעמער אויך געווען אַ זשעליכאָווער, האָט געקענט איר משפּחה ווי זײַנע סחורות אויף די פּאָליצעס. איז זי, די מיסעס, אַריבערגעגאַנגען צום ענגלישן קרעמער, צו ספּינים. דאָרטן בעת די קניות באַגעגנט מען זיך דאָך מיט ליידים, און נישט מיט פּשוטע ייִדישע באַלעבאָסטעס. דאָרטן האָט זי זיך באַפרײַנדעט נישט נאָר מיט ייִדישע ענגליש־ריידער, אלא מיט סאמאראדנע ענגלענדערינס, פּקידישע פרויען,

געבירטיקע אין ליווערפול, מאַנטשעסטער, לאָנדאָן וכדומה, זיי רופן איר חלילה נישט פייגעלע, אלא „מים פלאָרא".

מיט פאַראייניקטע כחות, האָט זי, מים פלאָרא מיטן מיסטער דזשייקאָב, די ריטשמענס, פאַרפולקאָמט און פאַרפעסטיקט אַלע פּאָזיציעס, ביז יענעם גליקלעכן היסטאָרישן טאָג, ווען מען האָט ביידן אָפּיציעל איינגעלאַדן צום פיִוור־אָ־קלאָק־טיי, צום סאַמע בריטישן „טשיף־קלערק", (אויבער באַאַמטן) פון זייער ביוראָ.

נאָך אַזאַ פאַרלויף איז שוין אַוועק אַ גאַנג. מיסטער דזשייקאָב איז געשטיגן פון שטאַפל צו שטאַפל ביז דער מדרגה פון אַ „מנהל" — אַ פּאָסטן, וואָס איז פריִי געוואָרן אין ביוראָ, נאָך דעם ווי דער פריִערדיקער „מנהל" דער אַראַבער, אַדעל עפענדי, איז אַוועק אויף פּענסיע. מיסעס פלאָרא, וואָס האָט שוין איצט געהייסן „פלאָר" האָט געוווּסט ווי צו שיקן אַ קייק (קוכן), ווי וועמען און ועלכע ניטל קאַרטן, ווי אַ האַלבע טוץ פלעשער וויסקי, און ווי אַ בונט רויזן, און ווער רעדט נאָך — די השפעה פון פערסישן טעפּיכל, וואָס ס'האָט באַקומען ליידי ען טיילאָר ווי אַ געבורטסטאָג־מתנה פון די ריטשמענס.

מיסטער דזשייקאָב איז מיטאַמאָל געוואָרן קורצזיכטיק, ער האָט אויפגעהערט דערקענען אין גאַס זיינע פריִערדיקע גוטע באַקאַנטע. ער האָט זיך איינגעשאַפן אַ פּאָר אויגן־גלעזער איינגעפאַסטע אין שווערע שוואַרצע האָרן־ראַמען, און אַז אַ לאַנדסמאַן פלעגט אים גוט ברודעריש באַגעגענען מיט אַ פריינטלעכן „שלום, יענקעלע פו..." פלעגט ער אויסגלאָצן אַ פּאָר אויגן, ווי להבדיל אַ בהמה גסה פאַרן חלף פון שוחט, און אַ מורמל טאָן: „איִי עם סאָרי", משמעות אַ טעות, הע? מיסטער דזשייקאָב פלעגט נאָך אַזעלכע באַגעגענישן קריגן אַ מצב רוח, און אַוועקשווימען וויִיטער אַ טיף באַליידיקטער.

מיסטער דזשייקאָב האָט אויפן אייגענעם חשבון זיך איינגעהאַנדלט פילפעדערס „פּאַרקער 51", אַ גאָלדענעם בלייער, אַ לוקסוס שרייב־געצייג מיט אַ טעפּיך פאַרן שרייבטיש. געחברט האָט ער זיך איצט נאָר מיט העכערע פקידים, אַראַבישע און ענגלישע. אַז אַזאַ פלעגט אים אָפּן מבזה זיין, פלעגט ער קיינמאָל נישט בעמערקן. דעם „שלום" האָט ער אויסגע־

ביטן אויף אַ שעקספּירישן „גוד־דיי" (גוטן־טאָג) און בכלל אויפגעהערט באַגריסן דער ערשטער, די וואָס הינטער אים. ער האָט אַפילו אויפגע־הערט ריידן העברעיִש, מחוץ אָפיציעלע תשובות, ווי ער וואָלט די שפּראַך נישט געקענט אויסער דער רעגירונגס־ביוראָ, ווי ער וואָלט קיינמאָל אין חדר נישט געגאַנגען, און אַז ער האָט שוין געמוזט רעדן העברעיִש, פּלעגט ער אים בכוונה פאַרגרייזן דרייענדיק די „ריישן" אונטער דער צונג. די פּײַפּ איז שוין נישט אַרוים פון צווישן זײַנע ציין, און די נידעריקע באַאַמטע פּלעגט ער לאָזן שטיין בײַם טיש, נישט צו בעטן זיצן, ווי ס'פּלעגן זיך פירן מיט אים נוהג זײַן די ענגלענדער. ער פּלעגט פאַר זייערע טישן שטיין אויסגעצויגן, גלײַך, אימת מלכות, אח־ריות און כבוד פאַר דער בריטישער קרוין.

צײַטונגען האָט ער געלייענט נאָר ענגלישע, און אַז ער האָט אין אַזאַ צײַטונג געלייענט אַז אַ מלוכה־באַאַמטן איז פאַרווערט אָנצוגעהערן צו וועלכער נישט איז אָרגאַניזאַציע, האָט ער אויפגעהערט גיין אין דער גאַס וווּ ס'געפינען זיך די בנינים פון הסתדרות, מען זאָל אים חלילה נישט חושד זײַן אַז ער האָט נאָך עפּעס אַ פּיצעלע שייכות צו דער אָר־גאַניזאַציע, וואָס ער האָט זיך געגרויסט מיט איר אינעם „החלוץ". אַז ער האָט גערעדט טעלעפאָניש פון זײַן ביוראָ צום דירעקטאָר אין ירוש־לים, פּלעגט ער שטיין בײַם רעדן אויסגעצויגן ווי אַ סקאָטישער לײַב־גוואַרדייער פאַר דער קעניגין מערי פון גרויס בריטאַניע.

מעמאָראַנדומס האָט דזשייקאָב געשריבן טעג און נעכט, ווי אַזוי צו העכערן שטײַערן, ווי אַזוי צו באַלעסטיקן מיט שטײַערן, פון וואַנען און וועמען צו מאָנען די שטײַערן. געשריבן האָט ער צוגעפּעפּערט מיט רמזים, מסירהלעך און פרומער טרײַשאַפט; ער האָט געוווּסט, אַז כדי עולה לגדולה צו זײַן דאַרף מען שרײַבן, שרײַבן און שרײַבן — בריוו, פּאַפּירן, נוסחאות, באַריכטן, פאָרשלאַגן, וואָס מען דאַרף יאָ און על פּי רוב וואָס מען דאַרף נישט. דער עיקר: דערטרינקען אַלע ממונים אין סטויגן פּאַפּיר...

אַז זײַן זונדל איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר האָט ער אים געשיקט אין אַן ענגלישער שולע אויפן נאָמען פון הייליקן דזשאָן, אַז ס'קינד

זאָל חלילה נישט קאַליע מאַכן דעם אַקצענט און אַז די שעה וועט קומען, זאָל ער זײַן גרייט צו ירשענען דעם פּאַטערס שטול. אַפילו די פּאָר אַלטע מחזורים האָט ער אַרויסגעראַמט פון שטוב, און די פאַרשימלטע תפילין מיטן אָפּגעשאָסענעם סאַמעטענעם זעקעלע — דער מאַמעס בר־מצווה מתנה מיטן „מגן דוד", האָט ער ערגעץ באַגראָבן, זײַן זונעלע זאָל זיי חלילה נישט געפינען. סוף כל סוף וואָס האָט ער, דער נײַער מענטש, דער מלוכה־באַאַמטער פון פּאַלעסטיין, וואָס האָט ער פאַר אַ שייכות צו מחזורים מיט תפילין?

שלעכט און ביטער איז אים נאָר געווען ווען ער פלעגט זיך דינסט־לעך דאַרפן באַגעגענען מיטן מענטשן, וואָס האָבן אים פריִער געקענט... וואָס וואָלט ער נישט געגעבן, ווען ער קען „דעם פלעק" אויסברענען?!

גאָר שלעכט איז געוואָרן ביידן, אים און פלאָרען ווען ס'האָבן זיך אין א"י אָנגעהויבן די אומרוען אַרום „ווײַס־בוך" און מעפּילים, ווער רעדט נאָך שפּעטער נאָך דער מלחמה, בעת די קאַמפן צווישן די ייִדן מיט די ענגלענדער, ווען מיטאַמאָל זענען פאַר ביידן פאַרקלאַפּט געוואָרן אַלע בריטישע טירן. די ענגלישע מיסעס פלעגן פלאָרען מער נישט דער־קענען, נישט אין גאַס, נישט אין ספּינים געשעפט, נישט אויף די פײַוו־אָ־קלאָק טיי־„פּאַרטיעס".

שלעכט, זייער שלעכט.

דעמאָלט פלעגט ער פאַרביטערט טענהען צו זיך אַליין:

— וואָס מיינען זיי, די שמענדריקעס די ציוניסטן, וואָס? זיי וועלן מלחמה האַלטן מיטן גרויס בריטאַניע („גרייט־בריטן"), זיי, די פאַר־ריסענע פּאַרטיי־סעקרעטאַרלעך און אָראַטאָרן, די פאַרריסענע מײַלער, און צײַטונגס־שמירערס. וואָס איז זיי דאָ שלעכט אין פּאַלעסטינע („פּאַ־לעסטיין"), וואָס ווילן זיי?

דער ביטערער גורל פון די ריטשמענס האָט געוואָלט אַז די ענגלענ־דער זאָלן נעמען פּאַקן די פּעקלעך און זיך אַרויסקלײַבן פון „פּאַלעס־טיין". דעמאָלט איז שוין מיסטער דזשייקאָב מי שהיה יענקל פּופּיק שטאַרק צעטודערט געוואָרן.

— ליסן פלאָר, הער פלאָר, איט איז סעריאָז, ס'איז ערנסט! —

האָט דזשייקאָב געשטאַמלט צו פּלאָרן, ווען דער דרויסן האָט געברענט און די שטאָט איז געווען באַלאַגערט. צום ערשטן מאָל האָט ער נאָך אַזאַ געשפּרעך, אַרויסגעשלעפּט אַ העברעיִשע צײַטונג פון טעקע...

מיטאַמאָל איז געקומען פאַר זיי די ערדציטערניש. מיסטער דזשיי־קאָב איז געוואָרן בלאַס, נערוועז, פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט, אויפגעהערט שלאָפן, (ווער האָט דעמאָלט געקאָנט עסן און שלאָפן?) הערט און שטוינט! מיסטער דזשייקאָב האָט אָנגעהויבן דערקענען אַמאָליקע באַ־קאַנטע, גענומען געברויכן דעם אַלטן האַרציקן „שלום" זיך צו באַגריסן, גענומען לייענען אַלע טאָג צײַטונגען מיט מרובעדיקן שריפט, אָנגעהויבן שמועסן מיט ייִדישע באַאַמטע, געבעטן זיך זעצן צום טיש. און פּלאָרע, אוי פּלאָרע נעבעך, מיט געשוואָלענע אויגן, האָט געמוזט זיך צוריקקערן צום אַמאָליקן ייִדישן קרעמער, וואָרעם אין דער געגנט פון ספינים גע־שעפט האָט מען געשאָסן.

— רוכטשע — רוכטשע־קראָין, זע זשע וואָס פאַ' אַ גאַסט מי' האָבן, זע זשע — האָט דער קרעמער געשריִען צום ווײַב, וואָס האָט סאָרטירט אין אַ ווינקל די צוגעלעגענע קאַרטאָפל מיט ווײַסע צויטן.

— געזינט זאָלט עץ זאַין, פייגעלע קראָין, צוריק געקימען, קימטס, קימטס, שעמט ענק ניט.

מיטן זון איז גאָר צרות! די ענגלישע שולע איז געשלאָסן, מען מוז אים פאַרשרײַבן אין אַ ייִדישע.

דזשייקאָב נעמט חתמענען מלוכה־פּאַפּירן אויף העברעיִש. זײַן נייער נאָמען ווערט אים זייער נישט באַקוועם. אין אַ שיינעם טאָג האָט ער פאַרוואָרפן די פּײַקע און גענומען רייכערן פּשוטע ציגאַרעטן פון דער מאַרקע „אַמיר".

דעם 14טן מאַי, ה' אייר תש"ח טרעפן מיר שוין דעם מיסטער דזשייקאָב ריטשמען מיטן זונעלע, צעפלאַמטע מאַרשירן אין אַ גרויסער „ציוניסטישער" דעמאָנסטראַציע אין די ערשטע שורות, אַז מענטשן זאָלן זען...

אַז גאָט ברוך הוא גיט דערלעבט מען נישט נאָר צו מדינת ישראל, אַלאַ צו דזשייקאָבס דריטער געבורט. פון אַזאַ מיסטער דזשייקאָב ריטש־

מען וואַקסט אויס לכתחילה אַ חבר, נאָך דעם אַז אדון יעקב אַרזי (בײַטן אַ נאָמען פון אַ גויאישן אויף אַ ייִדישן קאָסט אין ישראל בס"ה 250 פּרוטות שטײַער); אדון אַרזי יעקב רעדט שוין אַ גוטן העברעיִש, טראָגט כאַקי־הויזן, און אַ פּשוט העמד אָן אַ שניפּס, אַנשטאָט די פלאַנעלן מיטן זשאַקעט מיט די זאַמשענע לאַטעס אויף די אַרבל.

מיסעס פלאָר — פלאָרע, הייסט שוין ציפּורה, זי איז אַ גאַנצע שמעלקע אין וויצ"א — איז גאָר אַקטיוו אין צוגרייטן דעם יערלעכן באַזאַר לטובת די אָרעמע קינדער, נעבעך.

ווידער דער באָי, דער זון דייוו, הייסט הײַנט דוד אַרזי, אַ מעמבער. פּאַרדאָן, אַ חבר אין די „צופים".

יעקב אַרזי וואָס האָט אַמאָל געהייסן יענקעלע פּופּיק, און שפּעטער מיסטער דזשייקאָב ריטשמען, לויפט אויף אַלע אַסיפות, אויף אַלע זי־צונגען פונעם „ועד פון פאַראיין פון די מדינה־באַאַמטע אין ישראל", ער הערט אויס אויפמערקזאַם די רעפעראַטן פון כלערליי ציוניסטישע מנהיגים אָן חילוק פון ריכטונג (וואָרעם אדון יעקב אַרזי קען דען וויסן, ווער ס'וועט קומען אין ישראל צו דער מאַכט נאָך די וואַלן, וואָס דאַרפן באַלד פאָרקומען?!), ער טראָגט מיט שטאָלץ אין דער אויבערשטער העמד־קעשענע דאָס ביכעלע מיט די טונקל־רויטע טאָוועלעך, דאָס מיט־גלידס־ביכל פון הסתדרות, אַלע גדולי הדור וואָס באַזוכן זײַן ביוראָ־צימער זעען עס; אַז אַנדערש מאָל, ווען ער בייגט זיך אַריבער איבערן שרײַבטיש, מכבד צו זײַן אַ ציגאַרעטל, פאַלט דאָס ביכעלע אַרויס, מעשה שטן, צו רײַסן די אויגן... יעדן דערציילט ער איצט מיט אומעט אָדער התלהבות (ס'ווענדט זיך וועמען) וועגן זײַנע לײַדן אונטערן בריטיש־אַראַבישן יאָך, וועגן זײַנע גרויסע מעשים וואָס ער האָט אין געהיים, ווי איינער פון די אַנוסים, געטאָן פאַרן פאָלק ישראל, פאַרן לאַנד ישראל: „די בריטן, די בריטן, ימח שמם" — גיט ער צאָרנדיק צו, — „די בריטן, בעווין ימח שמו"...

די צײַט גייט זיך איר גאַנג. אויב איר ווילט איצט זען דעם אדון יעקב אַרזי, וואָס האָט לכתחילה געהייסן יענקעלע פּופּיק, נאָך דעם מיסטער דזשייקאָב ריטשמען, קענט איר אים טרעפן חי וקיים, אַ געזונטן,

אַ צופרידענעם. איר קענט אים זען אין זײַן גאַנצער גדולה נישט בײַ
איין שרײַבטיש אין די אַמטן פון מדינת ישראל, איר קענט אים טרעפן
אַ פאַרטיפטן בײַם פאַרפאַסן בדחילו ורחימו כּלערליי מעמאָראַנדומס,
בריוו, דינים וחשבונות, נוסחאות און פאָרשלאַגן, מיט וואָס ער, ווי אַ
מומחה, פאַרשיט זײַנע ממונים, ווי אַזוי צו שאַפן שטײַערן, ווי אַזוי
ארויפצוּוואַרפן שטײַערן, ווי אַזוי און בײַ וועמען צו מאָנען שטײַערן.
וואָרעם יעקב אַרזי ווייסט שוין פון פריִער ווי אַזוי און וועמען געפעלן
צו ווערן, און אַז איר ווילט לערנען געטרײַשאַפט צו מדינת ישראל,
נעמט אַ מוסטער און לערנט זיך פון אדון יעקב אַרזי, זאָל געזונט און
שטאַרק זײַן.

# „דאָ איז ערעס איסראַעל"

וואָס נאָענטער צו דער שטאָט, אַלץ לײדיקער ווערט דער אויטאָבוס, ביז עס בלײַבן בסך הכל צוויי פּאַסאַזשירן. אַן אַלטער תושב מיט אַ נײַעם עולה פון מאַראָק. דער נײַער עולם — אַ ספרדי — האָט פריִער געהערט אַז זײַן מיטבאַגלייטער רעדט אַראַביש. דעם אמת געזאָגט, האָט ער שוין פריִער געוואָלט כאַפּן אַ שטיקל שמועס, אָלאַ ס'איז אים נישט געווען ניחא אַלע זאָלן הערן. איצט, ביידע זענען געבליבן אויג אויף אויג, האָט ער זיך דערמונטערט און העפלעך יענעם מכבד געווען מיט אַ שטיקל האָניק־לעקעך.

— אַזוי גאָר, אײַער כבוד רעדט אַראַביש? פיין, פיין.

— שוין לאַנג ווי ס'ווילט זיך מיר כאַפּן אַ שמועס מיט אײַך, נאָר ס'מאַכט זיך נישט אַ געלעגנהייט. צוריקגערעדט, שעם איך זיך מען זאָל פון מיר לאַכן. איך וויל דיר, ווי אַן אַלטן תושב פון ערעס איסראַעל פרעגן אַ קשיה אָבער מיט אַ תנאי, אַז דו זאָלסט נישט לאַכן און זיך נישט אויפרעגן ווי ס'האָט געטאָן אַן אַנדערער וועמען כ'האָב שוין גע־פרעגט.

דער אַלטער תושב האָט פרײַנטלעך גענומען דאָס שטיקל לעקעך און גוטמוטיק געענטפערט:

— חלילה, יאַ אחי, שעם 'זיך נישט, אַרויס מיט לשון.

— פיין, באמת פיין. איך זע אַז דו ביסט נישט פון די אָנגעבלאָזענע מיוחסים, טאָ הער זשע:

— פאַרוואָס איז בן גוריון געוואָרן אַזוי שלעכט? איך בין אַנ־

טוישט. ביי אונדז אין מאפראק פלעגט מען דערציילן, אז דער מענטש איז א מלאך, און איך זע דעם היפּוך; בן גוריון איז דאָך דאָ ווי ביי אונדז דער מלך, דער כּל יכול, און מ'זעט נישט, ער זאָל מאַכן אז אלעמען זאָל זיין גוט אין ע־עם איסראעל. שווער צו לעבן, יא אחי; דער יקרות פאַרברענט מיך. ווי די זעסט, בין איך שוין זיבן חדשים אין לאַנד, ברוך השם. א דירה האָב איך, פאַרדינען פאַרדין איך, כ'וואָלט דאָ געמאַכט א פאַרמעגן, ווען נישט בן גוריון. ער איז דאָך דער ראיס אל כאקומע (מיניסטער פּרעזידענט), וואָס דערלאָזט ער אזא יקרות? ביי אונדז אין מאפראק פלעג איך קויפן א גרויסע זעמל פונעם פיינסטן ווייסן מעל פאַר פינף פּרוטות. א גאַנצן זאַק מעל פאַר א האַלבן פונט, א שעפּסעלע פאַר דרייפערטל פונט, טייטלען, ראָזשינקעס מיט מאַנדלען — פאַר א שיבוש, פאַר גאָרנישט מיט גאָרנישט, בעת דאָ צאָל איך פאַר א פישל, וואָס קאָסט אין מאפראק צוואַנציק פּרוטות — א גאַנצן פונט, אזוי וואָר ווי אללאה לעבט!

— ווי אַרבעטסטו, יא אחי — פרעגט אים דער תושב.

— אין חיפהער פּאָרט. איך האָב א גוטן פאַך. איך בין א מומחה אַנצופילן ליידיקע באַטערייעס, איך פאַרריכט מאָטאָרן, איך בין א מע־כאַניקער.

— וויפל האָסטו פאַרדינט אין מאַפּראַק, יא אחי?

— א מאָל א דריטל, א מאָל אויך א האַלבן פונט א טאָג.

— וויפל פאַרדינסטו דאָ, אין ישראל, אין חיפהער פּאָרט?

— זעקס־זיבן פונט א טאָג.

ענטפערט אים שאַרף, נישט אָן רוגזה דער אַלטער תושב:

— פאַרדינסטו דאָך דאָ אין ישראל צוואַנציק מאָל אזוי פיל ווי אין דיין מאַפראַק, טאָ וואָס באַקלאָגסטו זיך, יא אחי?

— ס'טו געהערט א חכמה פון א שיכּנזי! ווי איך זע, זענט איר אַלע די זעלביקע; מען קען מיט אייך נישט רעדן; אָדער איר פאַרשטייט גאָרנישט, אָדער איר מאַכט זיך נישט פאַרשטיין, — דאָ איז דאָך נישט מאפראַק, דאָ איז דאָך ערעס איסראעל, איז דאָך דאָ. און אז איך פאַרדין מער, מוז איך עס אָפּגעבן דעם יקרות?

— נישט גוט, יא בן גוריון, נישט גוט!

# אַ שיינעם דאַנק

נאָך 'א שווערן טאָג ארבעט, אין גערדיכטן חמסין, אין א לופט פול מיט בארכאַש (קליינע ביַיסיקע פליגעלעך), האָבן צוויי מענטשן, וואָס האָבן אין א פאַרוואָרפענעם ישוב געבויערט א ברונעם, זיך דערשלעפּט טויט מידע צו א כביש כאַפּן א געלעגנהייט אויף צו פאָרן אהיים. שטייען ביידע מער ווי א שעה, נאָך א וויַילע איז שקיעה, דער מערב־הימל ביַיט שוין זיַינע קאָלירן און דאָ ברענט ס'לייַב, אין האַלדז איז טרוקן, די פּיס ברעכן. עס לויפן פאַרביַי אויטאָמאָבילן ליידיקע און נישט קיין פול־באַזעצטע, קיינער שטעלט זיך נישט אָפּ: מיוחסים, מען מאַכט זיך נישט זעענדיק.

פון כעס און יאוש באַשליסן ביידע זיך שטעלן אין סאַמע מיטן כביש, באָדיי געממיתט צו ווערן — אָבער גלאַט אַזוי וועלן זיי נישט פאַרביַילאָזן קיין שום אויטאָ.

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט ווי פון אונטערן אויסבייג אַרויס איז שטיל אַפּירגעשווומען א ניַיער מהודרדיקער „פלימוט". אינגאַנצן איז ער געווען ליידיק, געטריבן פון אַן עלעגאַנטן מענטשן, מסתמא א הויכער פּקיד אין א געזעלשאַפט, אפשר ביַי דער רעגירונג. לכתחילה איז ער נשתומם געוואָרן: „צוויי משוגעים אין מיטן כביש, שטייען ווי חמורים, דערנאָך האָבן זיי טענות — מען דערהרגעט זיי ווי חיות. משמעות ניַיע עולים".

די כלי איז געבליבן שטיין מיט א שאַרפן סקריפּ, ווי א קרעכץ פון א געשחטענעם אָקס.

— אדוני, טוט אַ געפעליקייט, בבקשה, נעמט מיט צוויי מידע אַר־בעטערס אהיים. ס'פאַלט צו נאַכט, נעמט אונדז מיט כאָטש ביז עכו, אדוני.

— אזא חוצפה — האָט דער אדון אויסגעברומט, מיט רוגזה האָט ער געגעבן גאַז און אַנטלאָפן ווי אַ רוח.

ס'זענען אַוועק אַ צוויי מינוט ווי ביידע האָבן דערהערט פון וויַטן אַ שאָס, ווי אַ דונער. זיי האָבן זיך אַזש אומגעקוקט: אַ פּאָר הונדערט מעטער פאָרויס האָבן זיי דערזען דער „פּלימוט" איז געבליבן אָן לעבן. ביידע האָבן צוגעאײַלט צו דער מאַשין און געטראָפן דעם פּקיד שטיין אין וויַיסן העמד, מיט געפּרעסטע הויזן, געפּוצטע שיך. פאַרדאַגהט באַ־טראַכט ער אַ ראָד: די גומע האָט געפּלאַצט און די לופט איז מיט גדולה און קראַך ארויס ווי פון אַ תפיסה...

האָבן זיך ביידע אַרבעטערס דערפרייט: „עט, איצט וועלן זיי אים העלפן בײַטן דעם „טײַער" (אויבער גומי) ובשכר זה וועט ער זיי מיט־נעמען. זיי וועלן ווי פריצים פאָרן אהיים".

דער פּקיד האָט אויפגעשלאָסן דעם אונטערשטן קאַסטן פון אויטאָ, געוויזן די מענטשן ווו ס'ליגט אַ רעזערוו־רייף מיט אַ גאַנצער גומי; ער האָט זיך חלילה נישט צוגערירט צום ראָד. אַ שאָד צו פאַרפלעקן דאָס וויַיסע העמד, צעקנייטשן די געפּרעסטע הויזן. ער איז געשטאַנען און גערייכערט, בעת ביידע מענטשן האָבן געשרויפט און געדרייט די ראָד, צוגעהערט זיך צו זײַנע אָנווייַזונגען.

ביידע האָבן געאַרבעט מיט התמדה, געוואָלט וואָס גיכער פאַרטיק ווערן, און זיי האָבן געחלשט נאָך אַ צי רויך, איצט מער ווי נאָך אַ טרונק וואַסער.

— עך, — זאָגט איינער צום צווייטן ליגנדיק אויפן כביש בײַ דער ראָד — מיט צוויי שעה צוריק אויסגערויכערט דעם לעצטן ציגאַרעט. „פליערס", גוטע ענגלישע „פליערס" רייכערט ער, דער כאַלעריע, און איז נישט מכבד...

— מילא.

די מענטשן האָבן געענדיקט די מלאכה, אפילו אַרײַנגעלייגט די

געפּלאַצטע גומי אין פּײַנעם אונטערשטן קאַסטן פון אויטאָ. דער פּקיד האָט פאַרקלאַפּט די טיר, אַפילו זי פאַרשלאָסן און בעתביידע מענטשן האָבן אָפּגעקלאַפּט זייערע קליידער פון כביש־שטויב האָט זיך דער פּקיד צוגעזעצט צום רעדל, אָנגעצונדן די מאַשין און גיך אַנטלאָפן. פון פענצטערל האָט ער אַרויסגעשריגן:

„תודה רבה, תודה רבה, — אַ שיינעם דאַנק"!

ביידע זענען געבליבן שטיין אין דער פינצטער פאַרשעמטע אויפן ליידיקן וועג, ביז דער עלטערער אַרבעטער, אַן עולה פון טערקיי, האָט געטרייסט זײַן יינגערן חבר:

„הע, פאָרט אַן אינטעליגענטער מענטש! — געזאָגט תודה, אַ דאַנק, — אַ שיינעם דאַנק, האָט ער געזאָגט.

פון אויבן האָט זיי קאַלט באַטראַכט די לבנה.

„ער האָט פאָרט געזאָגט אַ שיינעם דאַנק, האָט ער"...

# די פֿאַרגעסענע

.1

אין איינעם אַזאַ אָוונט אין חודש שבט, ווען אַ מבול האָט גע־שטראָמט פֿון די הימלען און ס'איז שווער געווען צו אונטערשיידן צי אין דרויסן דונערט, אָדער עס ברומען מאָטאָרן, צי די הימלען רייַסן בליצן, אָדער עס פֿלאַמען אַרויסגעשאָסענע קוילן, האָט נחמן אָנגעטאָן זייַן אַמאָליקן זעלנערישן שינעל, פֿאַררוקט דעם טעמבעל (היטל) איבער די אויגן און באַלכסונדיק זיך אַרויסגעשאַרט אין דרויסן. ער האָט נאָר געטאָן אַ ברום „שלום" צו זייַן חנהן, וואָס האָט זיך מכלומרשט גע־פֿאָרעט בייַם אַלמער.

אַ פֿאַרקלעמטע איז חנה געבליבן אַליין אין דער פֿאַריתומטער דירה. זי האָט צורו געלאָזן דעם אַלמער, מעכאַניש זיך אַ זעץ געטאָן אויף אַ שטול און מיט פֿאַרגליווערטע אויגן גענומען באַטראַכטן די פֿאַר־טרערטע פֿענצטער־שויבן, וואָס האָבן אַלע ווייַלע אויפֿגעלויכטן אין העלן ליכט. דאָס דונערן האָט זיך פֿאַרשטאַרקט באַגלייט מיט אַ דראָב־נעם טראַ־טאַ־טאַ פֿון מאַשין־געווער: וועגן וועמען זאָל זי פֿריִער טראַכטן, וועגן וועמען פֿריִער זאָרגן? וועגן איר בן יחיד אוריק, וואָס זיצט איצט אין אַ משלט (פּאָזיציע) אין די בערג פֿון מערבדיקן גליל איינגעוויקלט אין אַ נאַסער קאָלדרע מיט אַ ביקס פֿאַרקלעמט אין די הענט, אָדער וועגן נחמנען, וואָס לייַדט פֿון אישיאַס און שאַרט זיך איצט אין אַזאַ פֿייַער אונטערוועגנס צו אַ נאַכט־משמרת בייַ דעם אָנגעהויפֿנטן באַרג זעק מיט

זאמד און פעסער מיט שטײנער, װאָס פאַרשפּאַרן דעם אַרײַנפאָר צו א ייִדישן פּערטל אין דער צפון־שטאָט פון ארץ ישראל. װעגן בײדן צו־זאמען קען זי נישט קלערן, און ס׳הארץ איז אזוי איבערגעלאָדן מיט דאגה און ציטער...

װידער אין דער זעלבער שטאָט אין א הינטער־גאַס, אין א הויז, װוּ אויפן דאך האלט שמירה דער לאַנג־װאָנצעדיקער נימער, דורכגע־װײקט פון רעגן ביז די בײנער, מיט א סטען אונטער דער שװער־נאסער אבאיע, — זיצט דער אראבישער שטאָטישער שטאַב ארום א צעפּאַסע־װעטן פּאַפּיר מיט צעװאָרפענע דריבנע רויטע און בלויע רעדעלעך.

אין מיטן זיצט דער ראיס (ראש) אדעל עפענדי, א מענטש אין די מיטעלע יאָרן, אָנגעטאָן פּרענדזשי (אײראָפּעיִש) מיט א ברױן־צעפּאָקטן פּנים װי א ריבאײַזן, מיט טונקעלע זעקעלעך אונטער נישט אויסגעשלאָ־פענע, בלוט פאַרלאָפענע אויגן; ער זיצט מיט זײַנע קאָלעגן אײַנגעהילט אין א װאָלקן טאַבאַק־רויך און טײַטלט אויפן פּאַפּיר מיט א פינגער: „אָט דאָ װעלן מיר טרעפן די יהוד אין סאמע הארצן אריין, אָט דאָ װעלן מיר מאכן אזוי“ — —

דער עולם ארום זיצט מיט צעשפּילטע דמיונות, און שוין הערט זיך א מאוימדיקער אויפרײַס. אָט זעען זײ כמו בעיניהם װי ס׳פליִען װענט און דעכער אין דער לופטן, ס׳פליִען קעפּ, הענט און פיס און בײַ די יהוד איז אזא בהלה!

— שאַטער יא אדעל עפענדי! (א חברה מאן איז דער אדעל עפענ־די) — שרײַען אויס די ייִנגערע אין התפּעלות, בעת די עלטערע שאָקלען צו מיט דרך־ארץ מיט די קעפּ, און ציילן פלינק די קרעלן אויף די שניר־לעך, אללאה יא אקרבאר! גאָט דו אלמעכטיקער! װאָרעם טאָמער װעט חלילה עמעצער דערװידערן, איז ס׳חיות נישט זיכער, און דערצו איז ער א געשטעמפּלטער פחדן אויף זײַן גאַנץ לעבן ביז קינדס קינדער.

.2

אזוי װי די „הגנה“ מיטן פּלמ״ח זענען מפורסם, אזוי װײס מען זײער װײניק װעגן דער שטילער גבורה פון די מענטשן פון „משמר

העם" אינעם ייִדישן באפרײַונגס־קריג. מען ווייס ווייניק וועגן די גבורה־מעשים פון אַט די הוטבי עצים ושאובי מים — די טויזנטער מיטליאַ־ריקע, בתוכם נישט ווייניק אַלטע מענער און פרויען, סאַמע „עמך", אַט די וואָס האָבן אַזוי באַשיידן אָן טענות אויסגעטראָגן גאַרנישט קיין קליינע לאַסט און מקריב געווען נישט ווייניק קרבנות ביז סוף מלחמה, באַזונדערס אין ירושלים און חיפה. זיי וואָס האָבן זייערע קינדער געשיקט אויף אַלע משלטים און פראָנטן האָבן אָפּגעהיט די אַרײַן און אַרויסגאַנגען פון אַלע ייִדישע גאַסן און קוואַרטאַלן, זײַנען געשטאַנען שמירה בײַ די באַריערן און באַריקאַדן, טעג ווי נעכט געשטאַנען אין היץ און קעלט, אין גליאיקן חמסין און רעגן. דעמאָלט פלעגן זייערע פרויען קאָכן עסן און אונטערן פײַער צעטראָגן עס אויף די פּאָזיציעס פון דער „הגנה"; דעמאָלט פלעגן זיי מיט זייערע פרויען זאַמלען און פאַרטיילן בגדים מיט דעקעס נישט נאָר פאַר פּליטים, אלא אויך פאַרן מיליטער, דעמאָלט פלעגן זיי אויך אײַנאָרדענען פּליטים מיט אָנטרונענע קינדער, דעמאָלט... און געבן הילף די פאַרוווּנדעטע, און האַלטן שמירה, און צעפירן געווער, אַמוניציע, היטן אָרדענונג, מאַכן פּאָליציי־דינסט? זיי פלעגן זײַן די ערשטע בײַ די חורבות פון באָמבאַרדירטע בנינים, בײַם לעשן שריפות, בײַם צעטיילן וואַסער און שפּײַז, און מיט זייערע צעריסענע העמדער איבערבינדן פאַרוווּנדעטע, איידער „מגן דוד אדום" פלעגט קומען. אָבער זייער ווּנדערלעכסטער און געפערלעכסטער אויפטו איז געווען די שמירה בײַ די באַריערן אויף די וועגן, פלעגן נישט דורכלאָזן ס'מינדסטע כלי רכב אָן גרינטלעכן קאָנטראָל, וואָרעם צווישן די לאָדונגען פלעגן אַראַבער און ענגלענדער אַרײַנגנבענען אין ייִדישע ישובים באָמבעס מיט טײַוול־מאַשינען אָנצוטאָן די גרויליכסטע חורבנות און רציחות.

נישט ווייניק יחידים און ישובים האָבן זייער לעבן צו פאַרדאַנקען די „אַלטע" משמר העמניקעס. אַזוי ביז דער תקופה ווען די ייִדישע אַרמיי איז אַרויס פון הינטערגרונד אויף דער ליכטיקער שײַן.

ל. חיין (שמעוני)

.3

יאָ, אין יענער נאַכט איז חנה געזעסן מיט אַ צעריסן האַרץ און געקוקט אין פענצטער, ווי ס'בליצט פון הימל און ס'בליצט פון דער ערד... ווידער אוריק ערגעץ אין אַ משלט אויפן באַרג אין מערבדיקן גליל פלעגט אויך שיקן זיינע בליקן העט דאָרטן אין פינקלדיקער ווײַט צופוסנס דעם כרמל. ער פלעגט טראַכטן, וואָס קען איצט טאָן דער אבאַ, און די אמאַ? און ס'ווערט אַזוי וואַרעם אין יונגן בן־יחידישן האַרץ: מײַן אבא, מיין אמא.

און דער אבא נחמן האָט זיך געשאַרט בײַ די ווענט נעענטער, נעענטער צום מחסום, נישט קענענדיק זיך אַריבערכאַפּן אויף יענער זײַט גאַס מחמת דעם רעגן, וואָס איז געווען דורכגעמישט מיט גליאיקע קוילן... בלית ברירה האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט קריכן אויף אַלע פיר, אין בלאָטע און נעץ, ביז ער האָט סוף כל סוף דערגרייכט זײַן ציל, דעם מחסום וווּ דער „משמרניק" וועלוול איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון 6 ביז 12 בײַנאַכט אָן אומבײַט, און מען האָט צו אים נישט געקענט צוקומען.

וועלוול האָט אים מקבל פּנים געווען מיט רוגזה:

— תמיד פּאַרשפּעטיקט מען, ס'איז שוין באַלד האַלב איינס, כ'חלש אַ צי רויך. „מײַנע" ווערט משוגע איבערטראַכטנדיק, ווען עץ קומטיז צי דער צאַט וואָלטעך שאָין לאַנג געהאַט איסגעטריקנט מאַגע באַינער. דאָ אַזאַ שיסערײַ איף זייערע קעפּ, ייִדישע פּאַזשאַנדקעס, אַ ריִעך אין זייערע באַינער אַראַן...

אַוועק צוויי גרויליקע שעהלעך. נחמן ציטערט פון קעלט, דער רוקן ברעכט, דער באַלויכטענער זייגער פון ווײַטן מעטשעט ווײַזט האַלב דרײַ, דאָס שיסן האָט נאָכגעלאָזן, הינט בילן.

פון נאָענטן „הגנה"־פונקט האָט זיך שטיל צוגעשלײַכט אַ בחורעץ מיט אַ שווערן נאַגאַן אויף דער טאַליע:

— נעם חבר אַ זופּ בראָנפן, מחיה נפשות, נעם יאַ אחי די צוויי „אייער" (האַנט־גראַנאַטן) וואָס כ'האָב דיר געבראַכט צוזאַמען מיט אַ

פּקודה, וואָרעם ווי מיר ווייסן וועלן ז יי זיכער פּרובירן, זיי וועלן אין אזאַ נאַכט אַרײַנפּירן אַ כלי, וועלן זיי, ובכן יאַ אחי, שמע: אויב זיי וועלן נישט בלײַבן שטיין, נעם אַן איי, נעם, צייל אָפּ אחת שתים ביז צען, צי! אַרויס דעם „מאכוטל", אָט דעם פּיטום פונעם שפּיץ צי! אַרויס, ותזרוק, גיב אַ שלײַדער, יאַ, אחי. אויפן אויטאָ גיב אַ שלײַדער און פאַרגעס נישט תיכּף זיך וואַרפן אויף דער ערד. „פלעט", פלאַך, פאַרגעס נישט, און אויב דו וועסט אַזוי נישט טאָן, וועסטו נישט, גיב איך פאַר דיר נישט אַ שאָלעכץ פון אַ ציבעלע. וועסט פליִען, וועסטו דוגרי, גלײַך אין גן־עדן וועסטו, חבר, אָן אַ פערעסאַדקע. נעם יאַ אחי נאָך אַ זופּ, נעם יאַ אחי, שלום!...

מען קען נישט זאָגן, אַז נחמן האָט זיך איבעריקס דערמונטערט פון דעם זאָגעכץ. נחמן האָט באַטראַכט די „אייער" מיט ווידערווילן, ווי עפּעס אַ שטיק טומאה, זיי באַטאַפּט און פאַררוקט אין די קעשענעס. ס'איז אים נאָך דעם געבליבן אויף די שפּיץ פינגער דער רונצלדיקער טעם פונעם געקאַרבטן מעטאַל און די קעשענעס האָבן גענומען בריִען ווי פײַער.

*
**

נאָך אַ שעה ווי אַ יאָר איז אַוועק, נחמן שטייט אַ פאַרגליווערטער צוגעטוליעט צו אַ בערגל שטיינער, און פּרובירט פאַרטרײַבן די צײַט מיטן ברענגען צום דמיון חנהן. אָט זעט ער אירע פאַראומערטע גרויסע אויגן, אָבער די מחשבות טאַנצן בליץ־גיך אַוועק העט אויף יענער זײַט בוכטע צו די בערג פון גליל, צום בן־יחיד אוריק. עך! ערשט נעכטן האָט ער אים נאָך געטראָגן אויף די אַקסל, אַ קינד, אויסערלעך אַ שטיק אומרו, אַ צאַברע, אָבער ווער נאָך ווי ער, נחמן, ווייסט, וואָס פאַר אַ גריבלער דער אורי איז אין דער היימישער סביבה. אָט דער יאַט מיט דער טשופּרינע, מיט די פײַערדיקע אויגן, מיט די קלײַען אויפן לענגלעכן פּנים. צום זעקסטן יאָרעלע האָט ער געוואָלט ווייסן ווי אַזוי און ווער ס'האָט אָנגע־גאָסן דעם בלויען ים, ווער האָט אָנגעשאָטן די בערג פון גליל? צי שמועסן זיך דורך בהמות בעת זיי זענען אַליין אָן דער השגחה פון מענטשן? און

ליב האָט ער די סביבה, ס׳לאַנד, די בערג און טאָלן, די פּלאַנצן, די פעלדער, די בעלי־חי, אהבת נפש, ער קען יעדער בלימל, יעדער בוים און געוויקס — ער ווייסט יעדן פויגל, יעדע פליג, יעדער זשוקל און רמש... מיט אַ פּאַטערלעכער וואַרימקייט דערמאָנט ער זיך ווי אוריק האָט אַמאָל מיט גדולה געבראַכט אַהיים אַ לעבעדיק מײַזעלע, חנה איז אַרײַנגעפאַלן אין אַ היסטעריע, אוריק האָט זיך צעטומלט און ס׳חיהלע באַהאַלטן אין בוזים. ער זעט איצט זײַנע אומשולדיקע קינדערשע אויגן, וואָס פרעגן בײַם אבא: מה יש, אמא? הלא זה יצור כה יפה;? ס׳איז דאָך אַזאַ שיין באַשעפענישל! און אָט שפּרינגען די מחשבות ווידער צו חנהן. נאָך אַלע־מען, טראַכט ער, לײַדט זי דאָך איצט מער ווי איך. זיכער שלאָפט זי נישט, און יעדער שאָס, יעדער בליץ שנײַדט איר ס׳לײַב, מײַן חנה!

אַ ווײַטער גערויש פון אַ מאַשין האָט איבערגעריסן זײַנע געדאַנקען און וואָך געמאַכט, ברררר, ווי קאַלט און עצבותדיק, ברררר!

נחמן האָט אַ טאַפּ געטאָן די קעשענעס, און נישט באַוויזן זיך אומקוקן ווי אַ קלײנער טענדער (לאַסט־אויטאָ) איז צוגעלאָפן האַרט ביזן באַריער, צוגעלאָפן מיט אויסגעלאָשענע ליכט, און מיטאַמאָל שטיין גע־בליבן. נחמן האָט נישט באַוויזן זיך אומקוקן ווי צוויי פאַרשלײַערטע שאָטנס זענען אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ, און פלינק ווי קעץ פאַר־שווינדן אין דער פינצטערניש. איידער וואָס ווען, האָבן די באַהאַלטענע שמירה־גרופּן פון די נאָענטע דעבער און פענצטער געעפנט אַ ווילדן פײַער, וואָרעם זיי האָבן דעם טענדער אויך געזען. נחמן האָט זיך איני־סטינקטיוו, אָבער פאָרזיכטיק אויסגעצויגן אויפן בלאָטיקן ברוק, ס׳איז אים אַוועק דער ווייטיק פון רוקן, נאָר ס׳האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אַ פּויק. ליגנדיק פלאַך צוגעטוליעט צום ברוק האָט ער דערפילט עפּעס אַ קיצלדיקן רויך. פאָרזיכטיק זיך צוגעשאַרט צו אַ שפּאַרע פון מחסום און דערזען, אַז פון אויטאָ שפּאַרט אַ לײַכטער אומשולדיק בלוילעך־גרוילעכער רויך פון אונטערן ברעזענט אַרויס.

ס׳האָט זיך אים עפּעס אָנגעצונדן אין קאָפּ. ער האָט פאַרגעסן אינעם האָגל קוילן אַרום, און אין דער רגע זיך אויפגעשטעלט, אַריבערגעקלע־טערט דעם מחסום, צוגעלאָפן צום אויטאָ, און אויפגעריסן דעם ברעזענט.

דאָרטן האָט זיך געריכערט אַ דיקער דראָט־קנויט, וואָס איז געווען צו־געגאַפּלט צו אַ קאַסטן.

האַ! „דאָס איז עס״... נישט טראַכטנדיק פון גאָרנישט האָט נחמן אַ דריי אַרום געטאָן דעם קנויט איבער דער דלאָניע ווי אַ רצועה, און מיטן גאַנצן כּוח אַ פּליק געטאָן אַזוי אַז ער איז אַראָפּגעפאַלן הינטער־ווײַלעכס אויפן צעווירענעם בלאָטיקן כביש צוזאַמען מיטן גליענדיקן קנויט.

ס'האָט אים אַ דונער געטאָן אין די געהירן. אַ פּאָר פײַערדיקע רע־דער האָבן זיך אַ דריי געטאָן פאַר די אויגן, און אַלץ איז בין רגע פאַר־גאַנגען אין אַ מאַוימדיקן ווייטיק.

אַ ווײַלע שפּעטער האָבן אים אויפגעהויבן די נאָענטע „הגנה״־מענטשן. „ס'איז אים חלילה קיין בייז נישט געשען״, — האָט איינער געפּסקנט. „אָלא ער האָט זיך שטאַרק־שטאַרק צעקלאַפּט דעם קאָפּ, אַזאַ בר־מזל! אַ נס ער איז געפאַלן אויפן פּלייצע. שטעלט אײַך פאָר ווען ער פאַלט פאַרקערט מיטביידע „אייער״ אין די קעשענעס״...

.4

נאָך אַ קורצער הפסקה האָבן די אַראַבער געעפנט אַ פײַער פון אַלע זײַטן.

אַדעל עפענדי מיט זײַן שטאַב האָבן אומגעדולדיק אָפּגעוואַרט דעם אויסגאַנג פון פּלאַנירטן אַטענטאַט. דאַכט זיך אַז אַלץ איז געגאַנגען כשורה, — אָט ראַפּאָרטירן זײַנע בעסטע מענטשן צום צענטן מאָל מיט בלערליי שבועות בײַ אַללאַ און זײַן נביא מוכאַמעד, אַז זיי האָבן די גרויסע מסוכנע לאַדונג דערפירט צום סאַמע ציל, האָבן אָנגעצונדן דעם קנויט און לויטן באַפעל תיכּף אַנטרונען. וואָס איז געשען? דער רעגן האָט דעם קנויט נישט געקאָנט פאַרלעשן ווײַל ער איז געווען גוט צוגע־דעקט מיטן ברעזענט, ווידער דעם קנויט האָט מען צען מאָל פּרובירט צי ער איז נישט געניזוקט, און די קאַסטנס, וואָס די בעסטע טעכניקערס צוזאַמען מיט אַ ענגלישן פאַכמאַן, האָבן אַזויפיל וואָכן קפּדנותדיק צו־

געגרייט, זענען אויך געווען אין אָרדענונג, ובכן „שור־סאַר״ — וואָס האָט פּאַסירט?

— פייער! — האָט אַדעל עפענדי געדונערט מיט צאָרן — פייער, איר הינטישע זין!

אַ פאַרצווייפלטער אין אָנבליק פון אַ נייער מפּלה, האָט ער נאָך גע־מיינט אויספּרובירן ס׳לעצטע מיטל: אפשר וועלן אַ פּאָר קוילן פונעם קאָנצענטרירטן פייער טרעפן דאָרטן אין קאַסטן ביים מחסום, אפשר? אָבער די יחוד האָבן די סכנה תופס געווען נישט ווייניקער ווי ער, ווייל דאָס ערשטע וואָס די „הגנה״־מענטשן האָבן געטאָן, איז געווען אויסנוצן אַלע הענט און פּלייצעס אויף אַריינשטופּן דעם אויטאָ אין ייִדישן שטח, כדי אַ קויל זאָל נישט טרעפן די לאָדונג.

ס׳האָט ווידער געמבולט ווי מיט עמערס. אַדעל עפענדי איז געווען אויפן ראַנד פון פאַרצווייפלונג. ער האָט געזען אַז ס׳שיסן העלפט נישט, און דאָ צו אַלע טייוואָלאָנים אַזאַ רעגן, אַזאַ שלעכטע זיכטיקייט... לאַ די וואָס ר׳רייסט נישט אויף, האָט ער מיט זיינע אייגענע הענט דערלאַנגט די יהוד אַזאַ ווערטפולע מתנה: אַ נייעם אויטאָמאָביל מיט איבער אַ טאָן טייערן הויך־עקספּלאָזיוון שטאָף, נישט צום שאַצן מיט גאָלד, יאַ אַללאַ, יאַ אַללאַ!

ווילד פון צאָרן האָט ער געשיקט אַ „פּינפּטל״ מיט האַנט־גראַנאַטן.

— ראַטעוועט דעם כבוד פון איידעלן אַראַבישן פאָלק — האָט ער הייזעריק געברילט, — נוצט אויס די חשכות, דעם רעגן, גנבעט זיך צו צום אויטאָ און וואַרפט די האַנט־גראַנאַטן.

ער האָט בפירוש געוווּסט, אַז אין בעסטן פאַל וועט פון די פּינף קיינער נישט צוריקקומען קיין לעבעדיקער, וואָרום פאַר אַזעלכע אידיאָטן האָט ער די יהוד נישט געהאַלטן.

די פּינף זענען אַוועק, און צוריקגעקומען שפּעטער איז נאָר איינער בבושת פּנים. דער צעווילדעוועטער קאָמאַנדיר האָט זיך געוואָרפן אויף אים מיט פויסטן און קללות.

.5

אכט און צוואַנציק חדשים שפּעטער האָט יענע צפון־שטאָט פריידיק געיובלט דעם דריטן יאָרטאָג פון איר באַפרײַונג. ס'איז געווען אַ וווּנדערלעכער ערב פּסחדיקער אָוונט, ווען דער פרילינג איז איבערגעלאָדן מיט בשׂמים. די שטאָט האָט זיך געטרונקען אין אַ ים ליכט און אַ שלל פּענער. צעפלאַמטע רעדלעך פון ייִדן מיט פאַרפלאָכטענע הענט איבער אַקסל האָבן געטאַנצט און געזונגען עד כּלות הנפש. קאָלירטע פײַערווערק מיט ראַקעטן האָבן געריסן די הימלען, די ראַנדן פון כּרמל האָבן געפלאַמט אין רויטן ליכט פון הונדערטער שײַטערס און שטורקאַצן, און דאָרטן אינעם צענטער פון יענעם קוואַרטאַל, וווּ נחמן פלעגט שטיין שמירה בײַם מחסום, האָט אַ גרויסער עולם יום־טובדיקע ייִדן אַרומגערינגלט אַ קײַלעכדיקע טריבונע, וווּ איינער פון די געוועזענע „הגנה"־טוערס האָט אין אַ מעגאַפאָן געלייענט די נײַסטע מגילה פון ישׂראל. ער האָט דערציילט פון מעשׂים, פון שלאַכטן, פון שווידערלעכע טעג און שרעקלעכע נעכט במשך פון וואָכן און חדשים באַלאַגערונג, הונגער, טויט, גבורה און אויסדויער, און טײַטלענדיק מיטן האַנט צום ווינקל גאַס אַראָפּצו האָט ער דערמאָנט:

— אָט דאָרטן וווּ חברה טאַנצט איצט איז געווען דער מחסום, איר געדענקט?

זעלטן ווער פון עולם האָט נישט נאָר נישט געדענקט, אַלאַ גאָרנישט געוווּסט, ווײַל זיי זענען געווען נײַע תושבים געקומענע מעבר לים אין מדינת ישׂראל. דערפאַר האָט דער עולם מיט אַזאַ נייגער, מיט אָפענע מײַלער, אָפענע אויערן אויפגענומען דאָס געזאָגטע:

— דאָרטן אין אַזאַ ביטערער, רעגנדיקער נאַכט, בעת אויבן האָבן געדונערט די הימלען, און אונטן — מאַרטאַרן מיט באָמבעס, האָט איינער אַ ייִד פון אַ גאַנץ יאָר, געראַטעוועט ס'לעבן ווער ווייסט פון וויפל הונדערטער ייִדישע נפשות, און געראַטעוועט פון חורבן ווער ווייסט וויפל בנינים, וואָס וואָלטן, ווען נישט דער ייִד, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קברים פון זייערע באַוווינער. מיר האָבן דעמאָלט אַלץ פאַרשוויגן בכוונה

תחילה, נישט וועלנדיק פארגרעסערן די אימה און יאוש, אָבער הײַנט, ברידער יִדן, מעגט איר וויסן פון יענעם גרויסן נס, פון יענער נאכט. די רוצחים פון אונדזער פאָלק האָבן צוגעפירט הארט ביז די ערשטע הײַזער פון דער גאַס, ווו ס'איז געווען אזא באריקאדע, א מחסום, א גרויסע טײַוול־מאשין מיט איבער א טאָן מסוכנעם הויך־עקספּלאָזיוון אויפרײַס־שטאָף. זיי האָבן אַלץ געהאַט אַרײַנגעפּראַוועט אין צוויי קאַסטנס אויף אַן אויטאָ, די רוצחים זענען געווען פלינק און געשיקט, זיי האָבן אויסגענוצט די פינצטערניש, און אַפילו באַוויזן אָנצינדן דעם באַהעפטן קנויט. שטעלט אײַך פאָר, ברידער, אז בס"ה געציילטע סעקונדן איידער ס'פײַער פון קנויט האָט דערלאַנגט דעם דעטאָנאַטאָר, האָט דער יִיד, איינער פון אײַך, אַזאַ פון קרוב לחמישים, אונטער א הוראַגאַן פײַער אַרויפגעשפּרונגען אויפן אויטאָ, פּאַרדרייט דעם ברענענדיקן קנויט אַרום דלאָניע און...

יענעם יום־טובדיקן אָוונט איז נחמן געזעסן אין שטוב. ער איז גע־ווען זייער מיד נאָכן ערב יום־טובדיקן שווערן טאָג אַרבעט. ער האָט געלעכצט נאָך אַביסל רו, כאַפּן א קוק אין צײַטונג, א דרעמל טאָן, און שפּעטער אַרויסגיין זיך באַהעפטן מיטן עולם אין דער צעזונגענער גאַס. מאָרגן אַרבעט מען נישט, מען קען א שלאָף טאָן אַביסל אין טאָג אַרײַן. אָלאָ גאָרנישט איז געקראָכן אין קאָפּ און פונעם דרעמל האָט זיך אויס־געלאָזט א טײַך.

ס'האַרץ איז געווען איבערלאָדן מיט פרייד און אומרו. די שטוב פּוסט. חנה איז שוין דרײַ מעת־לעת בײַ אוריקן אין קיבוץ ערגעץ אין גליל. אוריק האָט באַוויזן התונה האָבן און זיך לאָזן וואַקסן א פּאָר וואָנ־צעס מעשה גבר. איצט וואַרט מען אָט־אָט אויפן ערשטן אייניקל. ווי קען עס חנה זיצן אינדערהיים?

האָט נחמן אויסגעגלײַכט די ביינער, אָנגעטאָן ס'שבתדיקע בגד און אויך אַרויס אין דער צעזונגענער גאַס. ער האָט זיך געלאָזט מיטן לעבע־דיקן שטראָם, וואָס האָט געשפּאַרט צו דער קײַלעכדיקער טריבונע הערן א „יִדיש וואָרט". אָט שטייט ער שוין מיט אַלעמען צוגלײַך און הערט אויס עפּעס אזא באַקאַנטע געשיכטע. עד! שמעו שמים! דאָ איז אזא

געדראַנג און שטופעניש. אָט, נישט ער גייט, נאָר מען שטופּט אים אַזוי ביז ער דערקלײַבט זיך צום אויסגעצויגענעם שטריק, וואָס גרענעצט אָפּ די טריבונע פון גאַס — — —

— ליידער, ליידער, איז דעמאָלט די צײַט געווען אַזוי געשפּאַנט, אַזויפיל אָנגעלאָדן, איבערגעלאָדן מיט צרות און זאָרגן, אַז מען האָט אַפילו נישט פאַרצייכנט דעם נאָמען פון יענעם ייִדן — — —

נחמן האָט ווײַטער גאָרנישט געקאָנט הערן, צוליב די פּלייצעס פון אַ יונגאַטש מיט ביינער, אַ יונגער פּאָליציאַנט, וואָס האָט צוריקגעשטופּט דעם געדראַנג פון די מענטשן וואָס האָבן־אָט־אָט פאַרפלייצט די טרי־בונע. דער רעדנער האָט דערווײַלע איבערגעריסן דעם סיפּור, זיך צע־הוסט ווישנדיק דעם שווייס פון שטערן.

נאָך דעם ווי ס'איז אים געלונגען צוריקדרענגען די מענטשן, האָט דער פּאָליציאַנט זיך אַ שאַרפן דריי אויס געטאָן מיטן פּנים צו נחמנען, אים אָנגעכאַפּט פאַר די לאַצן און גענומען שרײַען מיט באַנומענע קו־לות:

— למה אתה נדחף, וואָס שטופּט מען זיך אַזוי? הא, פּאַטערל, וואָס?

די גאַס האָט געטאַנצט און געזונגען. ראַקעטן האָבן געריסן די הימלען און דער סוף פון דער רעדע פונעם אַלטן „הגנה"־טוער איז דערטרונקען געוואָרן אין יובלדיקן רעש.

# בשמים

זכריה בן יעקב יעיש האָט אָפּגעאַרבעט וואָסערע פינף און צוואַנ־
ציק יאָרעלעך מיטן פּיאָש אין דעם רוב פּרדסים פון דער קאָלאָניע. נישט
צו פאַרזינדיקן, ברוך השם, ער איז פאַרוואָרצלט דאָרט אין ווײַטן קוואַר־
טאַל ווי אַ תושב מדור דורות, מיט אַן אייגן שטיקל באָדן גרויס ווי
אַ כזית, מיט אַ צריף. ס'פּיצל הייפל, אַחוץ אַ שמאָלער סטעזשקעלע,
איז אין גאַנצן פאַרזייט מכל טוב: ציבלקעס, בוריקלעך, רעטעלעך, פּעט־
רישקע, נאַנאַ (מענטע) צו באַשמעקן אַ סאַלאַט, אַ פּאָר צענדליק זונ־
בלומען אויף קערעלעך לכבוד שבת, אַ טוץ קוקורוזע, אַ פּאָר שפּאַן
שויטן באָב מיט כומוס, צוויי פּעפּערביימער אויף שאָטן אין אַ יומא
דפּגרא, אַ שורה נעגעלעך בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג מהנה צו זײַן אַן אורח,
און אויף אַ „בורא מיני בשמים"־ברכה צו הבדלה.

אין ווינקל שטייט צוגעבונדן אַ ווײַסע יידישע ציג מיט וואַסערדיקע
אויגן, מיט אַ שיטער בערדל און איין האָרן (דעם צווייטן האָבן שכנישע
מחבלים אָפּגעבראָכן מיט אַ דרײַ יאָר צוריק), און אַ האַלבע טוץ הינער
מיט אַ האָן פעלן ברוך השם אויך נישט; אַן איי פאַרקויפט מען כדי
אײַנצוקויפן זאַלץ, און אַז ס'מאַכט זיך אַן עוף אויף שחיטה, ווייס מען:
אָדער עמעצער אין דער משפּחה איז חולה מסוכן, אָדער דאָס הינדל
אַליין קרענקט צו...

בדרך הטבע איז זכריה אַ מטופּל מיט „נישט זיבן" נפשות, זאָלן
געזונט זײַן; ער, זכריה, זוגתו רבקה, דרײַ זין מיט צוויי טעכטער. די
בנים — אַ ברכה פון זײַן ליכטיקן נאָמען, איינער קליגער און געשיקטער

פונעם צווייטן. גערָאטענע קינדער! די טעכטער ווידער, נו, נישט אין גאַנצן לויטן רצון פון די עלטערן, די מעשה־ביכלעך מיטן אשכנזישן כתב האָבן די עלטערע טאָכטער אַ ביסל אַראָפּגעפירט פון דרך־הישר. אַ בתולה פון אַכצן יאָר, איז זי פּאַרטאָן אין די טרייף־פּסול ביכלעך, און פּוצט פּוצט זי זיך ווי אַ חצופה. אַרבעט ערגעץ אין אַ קלייט און פונעם פאַרדינסט נעמט זי זיך אַליין אַראָפּ צוויי לירות מזומן אַ חודש. ס'העלפט גאָרנישט: נישט מוסר, נישט פּעטש, נישט מיט גוטן און נישט מיט בייזן, זי וויל נישט גיין אין די דרכים פון דער משפּחה, טראַכט גאָר פון אָוונטקורסן און מי יודע וואָס נאָך. דערהערט זי פון אַ שידוך — איז הימל עפן זיך, זי האָט גאָר צייט!

די צווייטע טאָכטער איז דווקא אַ גערָאטן קינד, אַ שטילע און געהאָרכיקע, זי העלפט רבקהן מאַכן אַ ספּאַנדזשע, אָבער זי איז נעבעך אַ געשטראָפטע: איינער פון די בנים האָט איר, ביי אַ שפּילעריי, אויסגעשטאָכן אַן אויג מיט אַ שטריק־שפּיזל. רבקה האָט זיך מחמת דעם נישט איין מאָל געאַמפּערט מיט זכריהן: זי דערציילט אים מעשיות פון גלעזערנע אויגן, וואָס די אשכנזים נוצן אין אַזעלכע פאַלן, אָבער זכריה וויל דערפון נישט וויסן, אַ מעשה! — אַ גלעזערן אויג דאַרף אוודאי קאָסטן אַ דרייערל, ס'קינד וואַקסט, וואַקסן די אויגן, ובכן, וואָס איז די איילעניש? „מעט מאַכן, מעט קויפן, לאָז דערווייל ס'קינד וואַקסן".

האָבן זיך אַריינגעמישט די נשים פון הסתדרות און געוואָלט אויף זייער חשבון אַריינשטעלן דאָס גלעזערנע אויג. אָבער זכריה וויל נישט. ער טענהט, אַז ער דאַרף נישט קיין נדבות. ברוך השם, כשירחיב און ס'קינד וועט אונטערוואַקסן, וועט ער זיך מישב זיין, דערווייליע נישט. און ס'מיידל איז שוין באַלד פערצן יאָר אַלט.

מיינט נישט, אַז דער שטילער צוגעבויגענער זכריה מיט די צוויי טיפע, גרויסע, שוואַרצע אויגן און באַהאַלטענע פּיאות־לעקלעך אונטערן היטל, איז סתם אַ ייִד, אַ ניכנע, אָן אַמביציעס, ניין! זכריה האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן וואָס ער האָט דורכגעפירט, — אמת, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה.

זכריה ווייס נישט פון אַן אַכט שעהדיקן אַרבעטסטאָג. ער אַרבעט

בקבלנות פון פינצטער ביז פינצטער, מאכט „צלחות" (שיסלען) ארום שמעקעדיקע ציטרוסביימער, ער איז די פלינקסטע האנט אין „גיזום" (באשניידן טרוקענע צווייגן), איז א מומחה אויף גרעפטן בינדן און באַוואסערן, און די פרדסנים רייסן זיך תמיד פאר אים, פאר זיינע גאָלדענע הענט, פאר זיין „שטילן כאראקטער", וואָרעם ער מישט זיך נישט אין די טומלערייען פון די פארדאָרבענע פועלים, די פיאוויקעס, וואָס נאָגן אויס פון פרדסן דאָס בלוט און מארך. די פרדסנים ווייסן, אז אויב זכריה איז יאָ א חבר אין הסתדרות, איז ער נאָר מחמת דער קראנקן־קאסע, וואָס גיט פאר א שיבוש א דאָקטער, רפואות און — הלוואי זאָל מען נישט דארפן — א שפיטאָל וכדומה, זיי ווייסן אז זכריהס משפחה ציילט „נישט זיבן" נפשות, כן ירבו!

אָט איז דער פּלאן וואָס זכריה האָט פארטראכט, — באמת א לעגענדע! — ער מוז זיך ארויפארבעטן צו אן אייגענעם פרדס, און טוט אים עפּעס. ווי א דיבוק וואָלט אין אים אריין!

פריִער האָט זכריה באשלאָסן צו קלייבן מצלצלים, שפעטער — פאפירעלעך. אָנגעהויבן האָט זיך עס בעת די עלטערע צוויי זין מיט דער ווידערשפעניקער טאָכטער האָבן געגומען פארדינען. האָט ער ערגעץ דערטאפּט א שטיקל ווייסע לעדער, אויפגענייט א בייטל, באהאלטן עס אויפן לייב אונטער די תחתונים, געקליבן פרוטה נאָך פרוטה, פאפירל נאָך פאפירל, אָנגעקליבן א פארמעגן פון איבער נייַנציק לירות און געקויפט, אויף אויסצאָלן, א שטיקל קרקע נישט ווייט פון דער היים.

זכריה האָט געטענהט: „ווי מען נעמט זיך פאר אזוי העלפט השם יתברך". ס'האָט נישט לאנג געדויערט ביז אין יענעם פלאץ האָט זיך צעשפּילט דער מיסחר מיט קרקעות. אן אשכנזי האָט אים פאר זיין קרקע בס"ה מיט א האלב יאָר שפּעטער באצאָלט דריי מאות מזומן, ווען ער וואָלט נישט געווען אזוי אומגעדולדיק, וואָלט ער א פאָר חדשים שפּעטער באקומען א מאה מער, אָבער פארפאלן, אזוי איז געווען דער רצון פון רבונו של עולם. פארפאלן! האָט זיין פרדסן אים וואָכן לאנג דאָקוטשעט:

— יאָ, זכריה, יאָ זכריה! ס'האָט דיר געשטאָכן אַ האָבער אין אָחור, יאָ, זכריה, נישט געקאָנט אויסוואַרטן!

זכריה האָט נישט געוואָרט, און גלײַך געקויפט אַן אַנדער שטיקל קרקע פון פיר דונאַם, אמת, אַ מהלך פון אַ שעה פון דער פריערדיקער נחלה, אָבער קרקע, גאָלד!

נאָך דעם האָט שוין זכריהן דער פיאַש געברענט אין די הענט, ער האָט געאַרבעט פאַר* דרײַען, און קיינער האָט זיך נישט געקאָנט מיט אים פאַרמעסטן. דאָס באַהאַלטענע לעדערנע בײַטל האָט ווידער גענומען אָנקוועלן. בהדרגה האָט ער אײַנגעהאַנדלט אַ פּאָר צענדליק מעטער וואַסערדרען, עטלעכע קנוילן שטעכעדיקן דראָט, אַ ביסל קלעצער, בלעך מיט ברעטלעך, שנײַדשערן, קירקעס און — צום גרויסן וווּנדער פון אַלעמען — אַן אייזעלע!

איצט פלעגט זכריה מיט די בנים, מיטן באַלאָדענעם אייזעלע יעדער טאָג, כמעט אין חושך, נאָך דער אַרבעט בהתמדה לויפן צו דער נחלה. זיי האָבן איבערגעדרייט דעם באָדן, אויסגעקאָרטשעוועט דעם אינדזשיל, פאַרלייגט די וואַסערדרען, אויפגעשטעלט אַ באַראַקל, אַרומגעצוימט דעם שטח און אָנגעהויבן די אמתע אַרבעט.

זײַן פּרדסן האָט אים ברייטהאַרציק געשענקט אַ ביסל שתילים, אַ ביסל האָבן שכנים געגעבן, דאָס רעשט האָט מען צוגעקויפט און אָנגעהויבן פּלאַנצן.

חול המועד סוכות יענעם יאָר האָט זכריה געמאַכט אַ יום־טוב פאַר זיך, צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן נישט אַוועק אַרבעטן פאַר יענעם, נאָר צוזאַמען מיט דער משפּחה זיך געלאָזט צו דער אייגענער נחלה.

די שכנים האָבן אויפגעהערט קיבעצן און נאָך אתרוג־בענטשן אײַנגעוויקלט אין טיכלעך מכל טוב און זיך גענומען העלפן דעם שכן זכריה.

דעם ערשטן טאָג האָט מען אָפּגעטאָן אַ האַלבע אַרבעט, דעם צווייטן טאָג האָט שוין רבקה געזאָרגט, אַז ס'זאָל נישט פעלן קיין כומוס, קיין באָב פאַרריבן מיט קנאָבל און שמן זית מיט לימענע, באַווירצט מיט פּאַפּריקע און נאַנאַ; זי האָט אָנגעגרייט פרישע ברוינע פּיטעס, אַ קריגל

שמעקעדיקע קאַװע און אַ קאַלטן טרונק װאַסער. די שכנים האָבן מיט־גענומען אַ פלאַש אַראַק (אַזאַ אױסבראַנגערײַ!) און אַ פײַנעם חלק שעפּ־סנפלײש און טאָמאַטנזאַפט אין אַ לײמענעם בעקן. (מעשה ישמעאלים).

יענעם טאָג װעלן נישט פאַרגעסן נישט זכריה, נישט זײַן משפּחה, נישט די שכנים. מען האָט זיך געװעט װער װעמען װעט אָניאָגן אין פונאַנדערשאָרן גריבלעך און אין פּיאָשעװען. די זכרים האָבן אָראָפּגע־װאָרפן די שיך, פאַרקאַטשעט די הױזן ביז איבער די קני און מיט די באָרװעסע פיס געטשלאָפּעט אין װײכן, קילן באָדן; די נשים האָבן דער־לאַנגט װאַסער אין בלעכן און קריגן, די קינדער האָבן געפּלאַנצט.

זכריה האָט באַװיזן װוּנדער. ער האָט אַלעמען איבערגעיאָגט, זײַנע אױגן האָבן געגליט, און פון מױל האָבן זיך געשאָטן פּיוטים מיט מזמו־רים װאָס דער עולם פלעגט אונטערכאַפּן מיט גרױס שמחה, אַזױ אַז ביז די זון האָט זיך גענומען נײגן צו מערב האָט מען פאַרענדיקט פלאַנצן די לעצטע שורה בײַם סאַמע גדר; תם ונשלם — זכריהס פּרדס איז געװאָרן אַ יש.

אָט שטײט זכריה בײַ דער לעצטער שורה מיט צעשפּרײטע פיס, דורכגעװײקט אין שװײס ביזן בײן, שטײט אָנגעלענט אױפן פיאָש און װי דורך אַ נעפּל זעט ער לאַנגע שורות גרינינקע בײמעלעך אין פײַכטע גריבלעך, פלאַנצן װי עופעלעך — אײגענע, נאָענטע, טײַערע; ס׳װערגן אים טרערן און ס׳װילט זיך אים אַרומנעמען אַלעמען, רבקהן, די קינ־דער, די שכנים, ער װיל זײ צודריקן צום האַרצן, אָבער מער װי „תודה" און „יישר כוחכם" האָט ער נישט געקאָנט אַרױסבאַקומען פון זײַנע לעפצן. ער האָט פּרובירט נאָך עפּעס אַרױסברענגען, נאָר די שכנים האָבן שױן געזופּט דעם אַראַק פון פלעשל, דעם מחיה־נפשותדיקן טרונק, װאָס צעגיסט זיך ממש אין אַלע מידע אברים.

— לחיים, זכריה! לחיים, סעדיה; לחיים, דגני; לחיים, יעיש; לחיים, מזרחי; לחיים, לחיים...

פיר יאָר האָט זכריה מיט דער משפּחה געאַרבעט עבודת פּרך פון זון־אױפגאַנג ביז שפּעט אין דער נאַכט. אפילו אין די שבת־צו־נאַכטן

פלעגט זכריה מיט די בנים אוועק אין פרדס איבערבינדן א בוים אָדער באוואסערן בשעת הצורך.

דער חכם רבי מאיר בן בסת האָט עטלעכע מאָל מזהיר געווען זכריהן פאַר חילול שבת, און די נשים פון הסתדרות האָבן געוואָרנט רבקהן זיך „נישט צו דערהרגענען", וואָרעם — האָבן זיי צווישן זיך געשמועסט — „שענערע ווי רבקה ליגט מען אין קבר. א שגעון, ווי זי זעט אויס, הויט און ביינער, וויפל איז דער שיעור?"

זכריהן איז גאָרנישט אָנגעגאַנגען. ער האָט זיך אפילו מער נישט אומגעקוקט אויף דער עלטערער טאָכטער, וואָס ווערט פאַרזעסן. ס'איז אים געווען זיס די ביטערע פּראַצע אויף דעם אייגענעם באָדן. וואָס מער ער האָט זיך געבויגן פונעם יאָך, אַלץ שטאַרקער און קרעפטיקער האָט ער זיך געפילט.

געווען א צייַט ווען ער פלעגט נאָך א טאָג „קבלנות" אין פרעמדן פרדס קומען אַהיים א שברי־כלי, קוים מיט דער נשמה געפּאָכעט, קוים זיך אַרויפגעקליבן אויפן אייזעלע מיטן פיאָש אין זייַנע דאַרע הענט; אָבער ווי נאָר ער פלעגט זיך דערנענטערן צו זייַן פרדס, פלעגט די מיד־קייט אוועק פון אים ווי מיטן ווינט, ער פלעגט פלינק אַראָפּשפּרינגען פון דער בהמהלע, אַראָפּוואַרפן די כאַדאַקעס און אַרייַנטאַנצן אין פרדס ווי צו עובדת־קודש. אַזוי טאָג־איין טאָג־אויס, וואָך נאָך וואָך, חודש נאָך חודש, ביזן אויסטאָן זיך אין גאַנצן פון יעדער דאגת־משפחה.

מיט אכזיות האָט ער געשפּאָרט פּרוטה נאָך פּרוטה אויף די הוצאות פון פרדס, צוגענומען ביַי די זין דעם לעצטן גראָשן, די איינאויגיקע טאָכטער פאַרדונגען צו אשכנזים אויף גאַנצע זמנים, און ביליק, כדי פאָרויס צו קריגן דאָס געלט, ביז ער האָט דערלעבט צו זען ווי די ביימער קוועלן אָן פולע, שמעקעוודיקע, מיט געדיכט באַבלעטערטע צווייַגן, זאַפּ־טיקע — און אין א שיינעם פאַרנאַכט האָט ער מיט ציטערדיקע הענט דערטאַפּט די ערשטע קנאָספּן בליִונג.

חול המועד פּסח האָט זכריה צונויפגערופן די זין, פאַרבעטן די שכנים, מיטגענומען ביידע טעכטער מיט רבקהן און זיי אַלעמען בחברותא אוועקגעפירט אין פרדס.

איצט איז דאָס שוין נישט געווען קיין פּרדס, נאָר אַ וווּנדערלעך צעבליטער בלומען־גאָרטן מיט ווײַס ראָזלעבע דופּטיקע קרינאָלינעס אויף גידעריקע שטאַמען, פול מיטן זמר פון פייגל און זשוזשערײַ פון בינען.

דער בעל־שמחה אַליין, זכריה, איז אַרומגעשפּרונגען פון בוים צו בוים, דערציילט זייערע מעלות, אַזוי ביז האַלבן טאָג. רבקה מיט די טעכטער האָבן די געסט מכבד געווען מיט אַ פּײַנעם צובײַס. איינער פון די בנים האָט אויפגעקאָרקעוועט אַ פלאַש ווײַן, זכריה האָט געמאַכט קידוש און נאָכן שהחיינו צוגעגעבן נאָך אַ ברכה: „בורא מיני בשמים". האָבן אַלע ווי פון זיך אַליין אַרײַנגעאָטעמט די מחיהדיקע ריחות פון יונגן פּרדס, פון אויפגעריסענעם פּײַכטן באָדן צוזאַמען מיט די בשמים פון די צעוואַקסענע אַקאַציעס. דאָס איז געווען זכריהס גרויסער טאָג:

„שהחיינו, וקימנו והגיענו לזמן הזה".

„אמן", האָבן געענטפערט נישט נאָר די משפּחה מיט די געסט, נאָר צוזאַמען מיט זיי די ביימער, די פייגל, די בינען.

געווען אַ זעלטענער פרילינג, אַ מילדער, אַ זיסער, מיט פרישער לופט און סאַמעטענע ווינטעלעך, בעת דער ווינטער איז געווען אַ שלעכטער, אַ טרוקענער, אָן רעגן. זכריה האָט נישט גענאָסן פונעם הימלס גנאָד און פאַר יעדער טראָפּן וואַסער געצאָלט מיט שווייס, מיט אויסגעפּראַצעוועטע מצלצלים און פּאַפּירלעך. ער האָט זיך אַלץ מער אײַנגעבויגן אונטערן עול פון די צאָלונגען. צוזאַמען מיט דער משפּחה האָט ער נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, אַרומגעגאַנגען קרוע־בלוע, נאָר אַלע האָבן זיי געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז אָט דער ערשטער קטיף וועט מעגלעך מאַכן צו פאַרשטאָפּן אַלע לעכער און באַצאָלן אַ טייל פון די חובות. זכריה האָט זיך געפילט נישט מיט אַלעמען. דער רוקן האָט גענומען ברעכן, די פיס זענען אָנגעגאָסן מיט בלײַ, אויך רבקה הוסט, קרעכצט און שפּײַט... די בנים זענען געוואָרן בייז, די עלטסטע טאָכטער זיצט אַ בתולה, און די בלינדע נעבעך אַרבעט ביטער־שווער בײַ די אשכנזים.

די גאַנצע געגנט אַרום בליט און וואַקסט, דער הימל איז טיף בלאָ, פייגל זינגען צוזאַמען מיט די בליטן. נאָך אַ פּאָר חדשים, די ישועה איז נאָענט: די ערשטע פּרוכט!

איז זכריה געוואַקסן צוזאַמען מיטן פּרדס. אַזוי ווי די ביימער האָבן זיך גענערט מיט די זאַפטן פון דער ערד, מיטן וואַסער, מיט דער זון און מיטן שווייס פון די מענטשן — אַזוי האָט זיך איצט זכריה גענערט מיטן וואַקסן פון די צעבליטע ביימער, וואָס האָבן אים געגעבן חיות, האָפענונג און בטחון.

וואָס די ביימער זענען געוואָרן פולער און צווייַגעדיקער, און די צווייַגן בלעטערדיק־בלומיקער — אַלץ דינער און דורכזיכטיקער איז גע־וואָרן זכריה, ביז מען האָט שוין געקאָנט זען ווי ס'בלוט פּולסירט אין די געשפּאַנטע אָדערן פון זייַנע אויסגעפּראַצעוועטע הענט. וואָס נעענטער ס'איז געווען דער ערשטער שניט, אַלץ שווערער און אומעטיקער איז געוואָרן אין זכריהס הײם. אַלע האָבן געאַרבעט מיט די לעצטע כוחות, אַלץ איז אַוועק אויף בינדפעדעם, שפּריצפּולווער, מיסט, וואַסער וכדומה. זכריה מיט רבקהן און די קינדער האָבן איצט אַלץ אָפּגעגעבן פאַרן פּרדס, אפילו די פיר גלאָז מילך פון דער ציג, די פּאָר אייער פון די הינער, ס'הייפל גרינצייַג פון געהעפט.

— בטחון, רבקה, די ישועה איז נאָענט, קינדער: הזורעים בדמעה, ב־רינה יקצורו, זינגט קינדער — האָט זכריה צוגעגעבן חשק.

זענען נאָך אַ פּאָר וואָכן אַוועק און שכנים האָבן באַמערקט אַז זכריה איז עפּעס נישט דער זעלביקער, ער איז מיט אַ מאָל ווי אייַנגע־בראָכן געוואָרן. דערוווּסט האָט מען זיך פון רבקהן, אַז עפּעס טוט זיך אין פּרדס נישט צו פאַרשטיין, זכריה זאָגט:

— ער ווייס נישט, אַ בייז אויג צי וואָס? ער היט יעדער בוים מע־רער ווי אַ ציטעריק קינד: ער גיט גענוג מיסט מיט וואַסער, יעדער ווילד גרעזעלע איז אויסגעיעט, ס'מינדסטע טרוקענע צווייַגל אָרומגעשניטן, אַלע שטאַמען אָרומגעקאַלכט, די שוואַכערע ביימער אונטערגעשפּאַרט, צוגעבונדן, די בלעטער זענען אַן עין־הרע, זאַפטיקע, גרינע, סאַמעטענע — און ער זעט ווי יעדער טאָג ווערט פאַרפאַלן די בליִונג, ווי שדים וואָלטן עס פאַרצערט; ער ווייס, אַז די בליִונג מוז אַראָפּפאַלן בדרך הטבע, און די קלייניקע פרוכט ווי ניסעלעך קוועלן אָן אין זאַפטיקע פּירות, און דאָ איז נים קיין סימן פון פרוכט, און ניט קיין שפּור פונעם

אראפגעפאלענעם בלימעכץ וואס שפרייט זיך אומעטום אויפן באדן אין די פרדסים ווי וויַיסער שניי; ער ווייס, אז פייגל עסן נישט קיין בליונג און די בינען שעדיקן נישט די בלום וואס שפּייזט זיי, נאר פארקערט, זיי זענען מזריע זרע. וואס זשע טוט זיך דא? ווּ איז אהינגעקומען די בליונג? אן בליונג קאן קיין פרוכט נישט זיַין, און דא איז עס גאר פאר־שוווּנדן!

דאס איז געווען אין יאר תשי״א, דאס יאר פון קיבוץ־גלויות אין מדינת ישראל, ווען כמעט אלע יידן פון תימן און בבל האט מען על „כנפי נשרים" געבראכט אין יידישן לאנד. משיחס ציַיטן! און דאס לאנד פון ישראל האט באקומען אין גאנצן א נייַע מראה: צו די גרינע פעלדער, סעדער און גערטנער, פרדסים און כרמים, שטעט און קאלאניעס זענען צוגעקומען אזעלכע לאגערן פון סוכות, באראקלעך, געצעלטן פון לייוונט און בלעך, ווּ ס'האבן זיך דערוואַילע באזעצט די שבי־ציון.

אזא לאגער מיט א האלבן רבוא יידן פון תימן און בבל איז אויך אויסגעוואקסן נישט וויַיט פון זכריהס פרדס, און דארטן האט זיך גע־פונען א ייד רחמים מסעוד בענעווישטי, א בארימטער בשמים־מאכער פון באגדאד, וואס איז געווען באקאנט אין אלע מערק און היַיזער פון יענער שטאט מיט זיַינע פארפומען, וואס ער האט געמאכט פון בלומען אדער בליונג. פון זיי האט ער געצויגן דעם וואוילגערוך און דעם „סוד" ווייס נאר ער, רחמים מסעוד בענעווישטי, אליין...

רחמים מסעוד בענעווישטי האט נישט געקאנט מיטנעמען אין יש־ראל גארנישט פון זיַין האב און גוטס, אחוץ די אומנות פון קאכן און ציען כלעראליי בשמים־דופטן מיטן ריח פון גן־עדן; שונאי־ישראל האבן דארט אין בבל ביַי אים צוגענומען אלץ מיט אלעמען, אבער ווי א ייד א גלייביקער האט ער זיך נישט געקלאגט אויף זיַין גורל. באלד ווי ער האט אויפגעשלאגן זיַין געצעלט אויף דער ערד פון די אבות, נישט וויַיט פון זכריהס פרדס, האט ער זיך איַינגעשאפן כלעראליי טעפּ, גלעזער און פלעשער, און אנגעהויבן ציען בשמים פון בליונג און בלומען וואס זענען דא פאראן ווי וואסער אין ים. קיין הילף האט אים נישט געפעלט, ווארעם

ער איז געווען אַ מטופּל מיט אַכט קינדער, אָן עין־הרע, אַלע קלוגע, געניטע, פֿלינקע שאַרפֿע קעפּלעך פֿול מיט המצאות.

שוין אויף מאָרגן נאָכן אויפֿשלאָגן דעם געצעלט האָבן די קינדער געבראַכט רחמים מסעודן צו ווײַזן הויפֿנס כלערליי בלומען פֿון אַקאַציע, זשאַסמין און מאַראַנצן, וואָס זענען געווען בשפֿע אין אַלע פּרדסים אַרום.

אין אַ קורצער צײַט האָבן די חברה באַוויזן מיטצונעמען צו זייער מלאכה נאָך אַ צענדליק פֿון זייער גלײַכן, יונגוואַרג, צעלאָזענע מזיקים. ס'האָט זיי נישט געשטערט און נישט אָפּגעשראָקן קיין שום מניעה, נישט קיין גדר, נישט קיין שומר. זיי האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבער די פּרדסים ווי אַ היישעריק, אַרומגעצופּט דיביימער ביזן לעצטן בלימל. גאַנצע בערג פֿון דער „סחורה" פֿלעגן זיי ברענגען רחמים מסעודן פֿאַר אַ פּאָר פּרוטות, אַ צוקערל, אַ שפּילצײַג, פֿאַר אַ וואַרעמער פּיטע. זיי האָבן דערגרייכט אויך זכריהס פּרדס און האָבן אַרומגעצופּט אַלע ביימער ביז לעצטן.

— טײַערע סחורה, — פֿלעגט רחמים מסעוד זאָגן — „זהב" — גאָלד, אַזאַ בלֿיִונג זעט מען נישט אין בבל, אפֿילו נישט אין פּרס!

און אַזאַ פּרדס־בלֿיִונג ווי זכריהס האָט קוים געקלעקט אויף אַ האַלבע קוואָרט פּאַרפֿום־עסענץ...

גייט זכריה אַרום אַן אײַנגעבראָכענער, שוואַרץ ווי די ערד, רבקה וויינט, הוסט און שפּײַט, און רחמים מסעוד בענעווישטי פֿון באַגדאַד קאָכט און ציט פּאַרפֿום וואָס באַשמעקט אַלע שמחות און הלולאָס פֿון די עולי תימן און בבל אין מדינת ישראל.

רחמים מסעוד ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער באַרימט, און זײַן שם גייט פֿאָרויס צוזאַמען מיט די ריחות פֿון די בשמים, וואָס זענען משמח אורחים אויף שמחות, נאָענטע און ווײַטע, אייגענע און פֿרעמדע.

# דער פּראָפעסאָר

גרויסע קאָלירטע פּלאַקאַטן האָבן צו וויסן געגעבן דער שטאָט וועגן דער זכיה, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו זען און געניסן פונעם וועלט־באַרימטן וווּנדער, וואָס פּראָפעסאָר עלי־נאַרא כאַן פון קאַראַטשי וועט באַווייזן יעדן טאָג פון 4 ביז 10 אָוונט, אין דעם און דעם זומער־קאַפע אויפן כרמל, אונטערן פרייען הימל צווישן שמעקעדיקע סאָסנעס. דער פּראָפעסאָר, זאָגט די מודעה, איז אַ גרויסער ידען אין כיראָמאַנטיע, ער איז מגלה נסתרות, ער איז אַ ספּעציאַליסט אין היפּנאָז, אַ מומחה אין פּסיכאָלאָגיע, ער לייענט גורלות פון מענטשן בײַטאָג — לויט די שטריכן פון די הענט, בײַנאַכט לויטן גאַנג פון די שטערן. ער האָט נישט מורא פאַר די גיפטיקסטע שלאַנגען — ער רעדט צו חיות ווי צו לעבעדיקע מענטשן. בקיצור — די מודעות האָבן געווירקט אויף געוויסע קרייזן, וואָס פלעגן באַלאַגערן דאָס קאַפע און געניסן פון פּראָפעסאָרס וווּנדער, וואָס גרייכט אַזש פון קאַראַטשי אין אינדיע ביז מדינת ישראל.

נישט נאָר די פלאַים פון דער מודעה, נאָר דער פּראָפעסאָר אַליין האָט אַרויסגערופן מיסטישע באַוווּנדערונג בײַ שול־ יוגנטלעכע פון די גאַסן, וואָס ליגן אין דער אַלטער שטאָט נישט ווײַט פון פּאָרט. אַז זיי פלעגן פון די עלטערן נישט קריגן די נייטיקע פּרוטות זיך אָנצוזעטיקן מיט די פלאַי פלאַים פונעם פּראָפעסאָר, פלעגן זיי באַלאַגערן דאָס זומער־קאַפע פון דרויסן, הרגענען זיך פאַר אַ בליק דורך אַ שפּאַרע, אָדער זיך פאַרכלינען הערנדיק די פּרטי פּרטים פון אַזאַ סעאַנס פון אַ גליקלעכן אָן אָוונט.

ס׳פּלעגט דער חבריה נישט מיאוס ווערן שעהען לאַנג אָפּוואַרטן דעם פּראָפעסאָר בײַם אָנקומען אָדער פאַרלאָזן דעם קאַפע. ער פּלעגט זיי אימפּאָנירן מיט זײַן הילוך און אויסזען: אַ שלאַנקער מיטליאָריקער מאַן אין אַ געפּאַסטן שוואַרצן פראַק מיט זײַדענע לאַטשן, אין וועלכע ס׳האָט געשטעקט אַ שפּילקע מיט אַ געדרייטער שלאַנג, און אַן אַרויסגעשטעקט שפּיציק צינגל, אַ ווײַסע וועסט צווייזײַטיק צו קנעפּלען מיט פּערלמוטערנע קנעפּלעך; אַ האַרטער קראַגן מיט צוויי אַראָפּגעבויגענע קליאַפּקעלעך; און אַ שוואַרץ־זײַדענער פלאַטער שניפּסעלע, וווּ ס׳האָט אויך געשטעקט אַ שפּילקע מיט אַ פינקלדיקן בריליאַנט! (אַזאַ בריליאַנט קאָסט מי יודע כמה אלפים, לויט דער מבינות פון יחיא, סעדיה שומרים בכור) און וואָס פאַרא מכנסים מיט זײַדענע ליאַמפּאַסן צוגעפּאַסט צום פוס מיט אָנגעצויגענע גומי שטריפּקעס צווישן קנאַפּל און זויל פון די שפּיגל געפּוצטע, פאַרשפּיצטע לאַקיר־שיך.

דעם פּראָפעסאָרס קאָפּ איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך. מיר וועלן זיך באַנוגענען נאָר מיט עטלעכע שטריכן, כדי חלילה נישט צו שילדערן אַ פּראָפעסאָר אָן אַ קאָפּ... ובכן: אַ לאַנגלעך קאַווע־ברוין פּנים מיט אַ כפל־שמונהדיק געבערגלטער נאָז, וואָס איז מער כאַראַקטעריסטיש פאַר בעלז ווי פאַר קאַראַטשי. אַ דין שנירעלע פּעך־שוואַרצע וואָנצעלעך איבער געשלאָסענע ליפּן, רויטע ווי מאַלינעס; די אויגן — ניט צו וויסן זייער קאָליר, ווייל זיי זענען תמיד האַלב פאַרמאַכט, משמעות צוליב כסדרדיקער עקזאַלטאַציע... דער עיקר אָבער איז נישט אַזוי דער קאָפּ, ווי דער טורבאַן, וואָס באַקרוינט אים, — אַזאַ הויך אָנגעגוידערטער ווײַסער טורעמל פון אלפים קנייטשן און קאַרבן מיט אַ גרינעם שטיין אין מיטן, וואָס האָט אין שײַן פונעם פּראָזשעקטאָרל אָקעגן דער בינע געלויכטן מיט אַלע זיבן גלאַנצן פון קאַראַטשי וואָס אין אינדיע...

דאָס איז בערך די מראה פון פּראָפעסאָר אין זײַן גאַנצער פּראַכט — דער גרעסטער צויבער פון אונדזער דור, די לעבעדיקע לעגענדע, וואָס האָט אוועקגענומען די גלײַכגעוויכט ביי נישט ווייניק יחיאס פון די דערמאָנטע גאַסן אין דער אונטערשטער שטאָט בײַם פּאָרט.

וועגן דער צויבער־קראַפט און די אויסטערלישע מעשים פון דעם

פּראָפעסאָר איז נישט נייטיק צו פאַרלירן אַ וואָרט, וואָרעם אַ יעדערער קען פאַרשטיין, וואָס אַזאַ פּראָפעסאָר פון אינדיע קען באַווייזן.

ווער ווייסט ווי לאַנג דער פּראָפעסאָר וואָלט נאָך געווירקט אין יע־נער שטאָט אויב יחיא, סעדיה שומרס זון, דער בכור וואָלט נישט איינגע־זאַמלט זיינע חברים און צוזאַמען מיט זיי אין אַ זוניקן נאָכמיטיק זיך ניט פאַרקליבן אויף אַ שכנותדיקן דאַך, ווו דער פּראָפעסאָר האָט רעזידירט.

מיט כלערליי גרימאַסן און רמזים האָט די חבריה צווישן געגעבן איינער דעם צווייטן מ'זאָל שווייגן און זיך ניט רירן פון אָרט. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך איינגעשטילט און אַ פּאָר יונגאַטשעס האָבן זיך געלאָזט פויזן אויף אַלע פיר צום ראַנד פון דאַך כדי פון ווייטן צו כאַפּן אַ קוק, ווי ס'לעבט און ווי ס'פירט זיך אַ פּראָפעסאָר אין דער היים.

געזען האָבן זיי ווי אויף אַ טעראַסע פון קעגנאיבערדיקן הויז, ווו ס'הענגט אַ שילד מיט דער אויפשריפט „האָטעל טאַלאַם" זיצט נישט קיין אַנדערער ווי דער באַרימטער פּראָפעסאָר. איצט איז ער אַ צעכראַס־טעטער, אָן דעם פראַק, אָן דעם האַרטן קראַגן, אָן דעם שניפּסעלע מיטן בריליאַנט, נאָר מיטן טורבאַן אויפן קאָפּ... ער זיצט אין קורצע תחתונים מיט אָפּגעדעקטע האָריקע פיס אין אַ צעקנאָדערט נישט שטאַרק ריינער העמד. אין איין האַנט האַלט ער אַ שטיק ווייס ברויט, אין דער צווייטער אַ זויערע אוגערקע. ער קייט מיט אַלע באַק־ציינער און זיין בליק איז אינ־גאַנצן באַגראָבן אין אַ אויסגעשפּרייטער יִדישער ציַיטונג, וואָס דערשיינט אין תל־אביב...

דערזען דאָס און ווי דער דיל וואָלט זיך איינגעבראָכן אונטער זיי־ערע פיס.

דעם סיגנאַל האָט געגעבן מיט אַ ווילד־פאַרצווייפלטן קול דער קליי־נער יחיא:

— שיכנאַזי מנובל, — ימח שמך, גנב, רמאי...

אַן אויפגעטרייסלטע איז די חברה ווילד געוואָרן פון אַזאַ ביטערער אַנ־טוישונג: „אַט דעם מנובל דעם אשכנזי, וואָס לייענט אַ יִדישע ציַיטונג ווי אַ יעדער פּשוטער בשר ודם, האָבן זיי אַזוי פאַרגעטערט ווי אַ פּראָפעסאָר פון קאַראַטשי".

## ד ע ר   פ ר אָ פ ע ס אָ ר

ווי זייער וועלט וואָלט מיט אַ מאָל חרוב געוואָרן!

אָט איז ער גאָר אַ ייִד און נישט קיין אינדיער, זיצט זיך אין תחתונים ווי אַ טרעגער אָדער בעל עגלה נאָך דער אַרבעט, פרעסט ברויט מיט אוגערקע ווי סעדיה דער שומר.

טראַ־טא־טא — — —

אויף דער טעראסע איז געפלויגן אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געפונען אויפן דאַך. ווען דער דאַך איז געבליבן ליידיק האָט מען זיך געלאָזט ברענגען שטיינער, און, ווען נישט פריִער שכנים און נאָך דעם די פּאָליציי, מי יודע מיט וואָס אַזאַ סעאנס וואָלט זיך פאַרענדיקט.

אין יענער שטאָט האָט דער פּראָפעסאָר מיט דעם פאַרענדיקט זיינע וווּנדער. ער האָט זיך אָפּגעטראָגן צומאָרגנס פאַרטאָג פון קיינעם נישט געזען, אין קאַראַטשי, — אפשר ערגעץ אַנדערשוווּ, דער גוטער יאָר ווייסט.

אַ שאָד אַ פּראָפעסאָר!

אַ ייִדישער פּראָפעסאָר.

# טאַבאַק

## אין מדבר — דער ערשטער פּרק

„ויאנחו בני ישראל", האָבן די ייִדן שווער געקרעכצט אין תימן, אין ווייַטן לאַנד, ווו ס'האָט געקיניגט דער גרויזאַמער אימאַם יחיה, ימח שמו.

שווער איז געפאַלן די האַנט פון אימאַם יחיה, ימח שמו, און די הענט פון זייַנע שררות, ימח שמם, אויף די קעפּ פון פרידלעכע שטילע אַרבעטס־זאַמע ייִדן. איין גזירה האָט געיאָגט דער צווייטער. ס'איז שוין געווען נים אויסצוהאַלטן. וואָס ס'איז געוואָרן ערגער, זענען גאָטספאָרכטיקער געוואָרן די ייִדן פון תימן: „התחלתא דגאולה", האָט דער „חכם" רבינו זכריה שאַראַבי געטרייסט זייַן עדה. דער חכם רבינו שאַראַבי האָט זייַנע רייד נישט סתם געזאָגט, אלא באַגרינדעט מיט פּסוקים פון זוהר הקדוש מיט רמזים און צרופים פון קבלה, מיט משלים פון עין יעקב, און דאָ שרייַען די בני ישמעאל, אַז די יהוד אין פּאַלעסטין האָבן מורד געווען אין מלך פון די אינגליז ירום הודו, די ייִדן פון פּאַלעסטין פירן מלחמות מיט די בני ערב; די ייִדן די כופרים גייען פאַרכאַפּן דעם הייליקן מעטשעט אָמאַר, וואָס שטייט אויפן הר הבית אין ירושלים; די ייִדן די כופרים זע־נען מטמא מיט זייערע לעפצן און זינדיקע טרערן די שטיינער פון וואַנט בוראַק (כותל המערבי). די ייִדן מוז מען פאַרלענדן — להשמיד ולהרוג...

„אויב טאַקע אַזוי, אַזעטיקע בלבולים", האָט געטענהט חכם רבינו שאַראַ־בי, „טאָ הערט זשע די „פּעמי המשיח", הערט זשע די טריט פון גואל, פון משיח בן דוד, משיח בן דוד".

האָט זיך אָנגערוקט דאָס יאָר תש״ח פינף טעג אין חודש אייר, נישט צו וויסן ווי אזוי און פון וואַנען, האָט זיך צעטראָגן די בשורה פון גאולה אין אַלע טיילן וועלט אז „בדם ואש יהודה קמה״ — אין בלוט און פײַער איז מלכות ישראל צוריק אויפגעגאַנגען. איבער די בערג פון יהודה און גליל, אין די טאָלן פון שרון, שומרון, חיפה און יזרעאל, אויף די פליינען פון נגב פלאַטערן צעצונדענע אַכט־רעריקע מנורות, צוזאַמען מיט דער זון, צוזאַמען מיט דער לבנה און שטערן אין די הימלען פון ארץ ישראל. כאָטש ס'זענען דעמאָלט געווען די עצבותדיקע טעג פון ספירה, האָבן ייִדן געזאָגט הלל, אומעטום ווו נאָר די בשורה האָט דערגרייכט.

אין יענעם פאַרוואָרפענעם העק ערגעץ סוף וועלט אין תימן, שבת, בעת א בר־מצוה בחור'ל האָט נאָכן עולה לתורה זײַן אָפּגעזונגען די לעצטע ברכה פון מפטיר, און געוואָרן דיק פאַרוואָרפן מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, באַשפּריצט מיט בשמים וואַסער, האָט זיך פאַרלאָפן עפּעס אַזוינס, וואָס ס'איז שווער איבערצוגעבן מיט א מענטשלעך מויל. החכם רבינו זכריה שאַראַבי איז אײַליק צוגעקומען צום שולחן און מיט זײַן אויסגעטריקנטער ציטערנדיקער ברוינער האַנט א פּאַטש געטאָן, אזוי אויסצורופן:

— אחינו בני ישראל! א סוף צום גלות. תם ונשלם. אחינו בני יש־ראל! פאַרוואַרפט די טליתים איבער די קעפּ, און נאָמיר זאָגן בדחילו ורחימו הלל.

א פאַרציטערטע האָט די עדה אין השתוממות און התלהבות געזאָגט הלל.

אז מען איז פאַרטיק געוואָרן מיט הלל איז שטיל געוואָרן אין שול און רבינו זכריה שאַראַבי האָט באַפוילן צו זאָגן פּה אחד, וואָרט בײַ וואָרט: „ברוך אתה — — — שהחיינו והקימנו והגיענו לזמן הזה״.

אז דער „לזמן הזה״ האָט געענדיקט הילכן איז ווידער שטיל געוואָ־רן. די עטלעכע הונדערט פּאָר אָנגעגליטע שוואַרץ גלאַנציקע אויגן און ציטריקע פּאות־לעקלעך האָבן זיך בקדושה ובטהרה צונויפגעגאָסן אין איין אויער, וואָס האָט קולט געווען די בשורה ווי א הייליקע תפילה בלהש, די בשורה וואָס האָט געטריפט פון רבינו זכריהס לעפצן אזוי צום זאָגן:

שמע ישראל! ס׳איז זיכער, משיח איז געקומען, ישראל קערט זיך צוריק אין לאַנד פון די אבות, יהודים! פאַרקויפט אַלץ וואָס איר האָט אין מטלטלים און נכסי דלא ניידי, לאָזט זיך נאָר דאָס נייטיקסטע, גרייט אָן צידה לדרך און אם ירצה השם ראש חודש תמוז וועלן מיר זיך לאָזן אין וועג בנערינו, בנשינו וזקנינו — מיט קינד און קייט, מירן זיך לאָזן אין וועג אַריין צום לאַנד פון די אבות, השם יתברך וועט אונדז שטיין צו הילף...

אין ארץ ישראל האָבן נאָך געדונערט די האַרמאַטן, און די ייִדישע חילות האָבן געקעמפט ווי לייבן. איין ייִדישער בחור קעגן 40 רשעים פון די בני ישרמעאלים צוזאַמען מיט רשעים און פסולת פון דער גאַנצער וועלט, ייִדישע גבורה האָט געשטראַמט, ווי ס׳האָט געשטראָמט ס׳יונג ייִדיש בלוט. ס׳איז געווען נישט קיין גלייַכע מלחמה לחיים ולמות — — בעת ערגעץ אין מלכות תימן, אין אַ וויסטן טרוקענעם אַנגעגליטן מדבר, האָבן געשפּאַנט צו הילף ישראל די רעשטן פון החכם רבינו זכריה שאראַבים עדה: ווער צופוס מיט דאַרע באָרוועסע וווּנדיקע פיסעלעך, ווער אויף אַן אייזעלע, ווער ס׳האָט געטראָגן אויף די אַקסל אַ בינטל בייַנדעלעך מיט פּאות־לעקעלעך פון אַן אַלטן טאַטן, אַ זיידע, ווער אַ מוטער, אַ באָבע און קינד, ווער אַ פּעקל בעבעכעס מיט לחם־צר, טרוקענע פייגן מיט טייַטלען, ווער אַ האָריק לאָגל מיט דומפּיק וואַרעם וואַסער, און ווער דאָס הייליקסטע פון זייער פאַרמעגן — די ספרי תורות און ספרים... יציאת תימן תש״ח.

די האַרמאַטן האָבן שפּעטער אויפגעהערט דונערן אין ארץ־ישראל, און אויף די ברידער־קברים פון די געפאַלענע גבורים, די בלומיקסטע יוגנט פון פאָלק ישראל, איז שוין אויפגעגאַנגען דער ערשטער סאַמעט גרינס באַוואַסערט מיט די זודיקסטע טרערן פון די נישט געטרייסטע קרובים — — — האָבן נאָך די רעשטן פון רבינו זכריהס עדה געשפּאַנט אין אַנגעגליטן זאַמד פון וויסטן אַראַבישן מדבר דאָרטן, סוף וועלט. פון די גופים איז ווייניק פאַרבליבן אייַנגעהילט אין די צעריסענע קאָלירטע שמאַטעס און פון זון פאַרברענטע טליתים. ס׳איז געווען אַן אימהדיקער מאַרש, ווי אַ זעונג פון כולו גייַסטער מיט פאַרשטויבטע

בערדלעך, ציטריקע פאות לעקלעך — שטערן טיכלעך, קמיעות און מטבעות־שנירן און אלע מיט אויגן גליאיקע ווי קוילן פייער.

איז דער מדבר תימן פארזייט געווארן מיט יידישע קברים פון תימ־נער עולים, ווי דער נגב און גליל, ווי דער שומרון און שרון אין ישראל, מיט קברים פון יונגע יידישע גבורים, און די זעונג אין וויטן מדבר איז געווען אזוי אימהדיק אז אפילו די צוויי־פיסיקע מדבר־חיות, וועג־באנדיטן און קאראוואנען־טרייבערס פלעגן אנטלויפן אין פחד פאר יענע רעשטן פון רבינו זכריה שאראבים עדה.

זיי זענען געגאנגען און געגאנגען, ביז ראש השנה תש"ט. דעמאלט האט זיי פארהאלטן א בריטישער מדבר פאטרול, צונויפגענומען אין א מאטאריזירטן קאראוואן און געבראכט מיט הלל־געזאנג אויף די פאר־שמאכטע ליפן אין יידן־לאגער פון עדן.

יידן רחמנים בני רחמנים האבן זיי דארטן אויפגענומען מיט אפענע ארעמס, מיט מסירת נפש און גרענעצלאזען אהבת ישראל צוריקגע־בראכט צום לעבן.

פון די בינטלעך טרוקענע ביינער האבן ארויסגעלויכטן גליאיקע, טיף־גרויסע אויגן, וואס האבן געשיינט מיט פרייד, געמישט אין צער מיט אמונה:

משיח איז געקומען!

## „על כנפי נשרים" — דער צווייטער פרק

לייכטינקע ווי פעדערלעך זענען געווען די תימנער יידן אין לאגער פון עדן, דער פאדערשטוב פון מדינת ישראל. יידן כולו רוחניות, בא־האלטענע ביינדלעך אין ברוינער הויט, די פאות און בערדלעך וועגן מיליגראמען, דעם גלי פון די אויגן וועגט מען מיט די משקלות וואס מען וועגט די שטראלן פון דער זון. ווידער די צמידים מיט די אויריננ־לעך פון די נשים ובתולות און די קמעות פון די קינדער, וואס וועגן זיי? זעט איר, די ספרי תורות מיט די גואלים פון די ספרים וועגן א סך, גאר א סך. וועגט מען זיי נישט מיט פשוטע משקלות פון די בני אדם...

אן עראָפּלאַן, גאָר פון די גרעסטע שטאָלענע פייגל פּארטראָגט אין דער לופטן 80־90 מאַן, און אַז מען האָט גענומען ברענגען די ייִדן פון תימן קיין ישראל האָט מען אין אַזא עראָפּלאַן אַרײַנגעבראַכט 130־140 מאַן צוזאַמען מיט די ספרי־תורות, צמידים, קמיעות, טליתים ותפילין און להבדיל די נארגילעס און קאַווע־טעפּלעך — זייער גאַנצער פאַרמעגן און באַגאַזש.

וואָס עס קען אַלץ געמאָלט זײַן אין משיחס צײַטן ווען ייִדן קומען אַהיים „על כנפי נשרים"! — די רעשטן פון רבינו זכריהס עדה זענען געלעגן אַזוי ווײַט און טיף אין גלות תימן ערגעץ הינטער שאַראַבע און היידאַן וואָס אויף די ברעגעס פון סמבטיון, וווּ זיי האָבן אין זייער לעבן נישט געזען אַזאַ כלי ווי אַ פּשוטער וואָגן אויף רעדער, שוין אָפּ־גערעדט אַ ניי־מאַשינדל, ווער רעדט נאָך פון אַ טעלעפאָן!

נאָר אין משיחס צײַטן האָט געקאָנט געמאָלט זײַן, אַז זיי זאָל מען פירן אין די מאָטאָריזירטע וועגענער פון די חילות פון זײַן מאַיעסטעט דעם קיסר פון די איינגליז, נאָך דעם זענען זיי געפאָרן אין אַן אמתן אויטאָבוס צום פלי־פעלד פון לאַנד עדן, און דאָס גרעסטע וווּנדער, פּלאי פּלאים וואָס האָט די מענטשן געפּלעפט — אַ 4־מאָטאָרדיקער עראָפּלאַן...

אָט ליגן זיי צונויפגעטוליעטע ווי שעפעלעך אויפן פלי־פעלד, צע־שראָקענע, צעטומלטע. אַלע טענות פון די שיכנאַזישע באַגלייטערס, פון דאָקטער, די שוועסטער, די מדריכים זענען געווען ווי צו דער וואַנט... און דאָ מיט אַמאָל ווערט אַ מוראַדיקער האַרמידער: שמע ישראל! פון הימל לאָזט זיך אַראָפּ אַ משונהדיקער קאַראַט מיט פליגל, מיט אַזאַ לאַנגן געשוואָלענעם בויך — אַ תיבה מיט רעדער און כלערליי מאַכע־רײַען, מען רופט עס „מטוס" — עראָפּלאַן. ווערט די אימה מיטן ווונ־דער נאָך גרעסער בײַ רבינו זכריהס עדה, ביז זיי פאַרלירן די חושים נישט צו פילן און נישט צו באַנעמען וואָס דאָ פאַרלויפט... און אָט פליט מען גאָר אין די הימלען, משיחס צײַטן, שמע ישראל! — על כנפי נשרים.

— רבי! על כנפי נשרים, אויף די פליגל פון אָדלערס פליִען מיר קיין ישראל, קיין ירושלים? — האָט אינעם רויש פון די מאָטאָרן אין

אינגעווייד פון עראפלאן געטענהט דער באגלייטער פון ישראל צו רבינו זכריה.

„על כנפי נשרים" — „שיבת ציון", „ארץ ישראל". עס פארט זיך שוין יא מיט משיחס צייטן, די באגריפן דרינגען דורך די מוחות; די פאר־גליווערונג לאזט נאך; א קינד נעמט וויינען, א מוטער שטילט עס מיט דער ברוסט — א סימן אז מ'לעבט, ס'איז וואר. שקיעה רוקט זיך אונ־טער און דער באגלייטער הייבט גאר אן בקול דאווענען מנחה. החכם רבינו זכריה האט זיך פארשעמט, עד כדי כך? צו פארגעסן מנחה?...

האט רבינו זכריה א זאג געטאן „אשרי". דער עולם האט עס אויפ־געכאפט און ס'איז אוועק א מזמור, וואס האט איבערגעשטיגן די מא־טארן, די התלהבות פון דער תפילה האט פארכאפט די נשים מיט די קינדער, וואס האבן געפאטשט מיט די הענט און ביסלעכווייז אריינ־געפירט די מתפללים אין געזאנג, אין אזא פריידיק געבעט פון כל „עצ־מותי תאמרנה". די תפילה פון מנחה האט זיך פארצויגן ביז מעריב דאווענען, און נאך מעריב האט מען זיך גענומען צום תהילים אזוי לאנג און שפעט ביז סאמע פארטאג — על כנפי נשרים.

## ויהי ערב, ויהי בוקר — דער דריטער פרק

ס'איז געווען א פראכטיקער אלול־פרימארגן אין ישראל. די לופט איז געווען דורכזיכטיק, פריש און פייכט פון טוי, באשמעקט מיט די בשמים פון צייטיקע ציטרוסן, פייגל האבן זיך געפוצט און געוואשן זינ־גענדיק שירה.

די פראזשעקטארן אויפן טורעם פון פלי־פעלד אין לוד האבן זיך אויסגעלאשן, מחוץ די סיגנאל־לאמפן אין גרין און רויט, וואס האבן פון ווייטן אויסגעזען ווי קאלירטע בלומען.

אין פלאמען פון צעצונדענעם מזרח הינטער די בערג פון יענער זייט גרענעץ איז אפערגעשווומען א גרויסע זון, — ויהי בוקר.

אין ווארט־זאל פון פלי־פעלד לוד איז געווען חול־המועדיק, מען האט אפגעווארט דעם ערשטן טראנספארט גולים פון יענער זייט הרי

חושך. ס׳האָבן זיך אַרומגעדרייט זשורנאַליסטן מיט פאָטאָגראַפן, מלוכה באַאַמטע און מענטשן פון „מחלקת הקליטה״. לאַנגע טישן זענען גע־שטאַנען גרייטע פול מיט מילך, זעמל, לעקעך און בלומען, אין איין ווינקל האָבן מענטשן מיט מנין געדאַוונט שחרית, און ייִדישע פּאָלי־ציאַנטן האָבן אונטערגעשפּרונגען קדושה צוזאַמען מיט די מתפּללים. בײַ דער טיר אין דרויסן זענען געשטאַנען גרייט אַמבולאַנסן, דאָקטוירים און שוועסטער, — אָן אַ זײַט זענען געווען אויסגעשטעלט אויטאָבוסן, די שאָפערן זענען געזעסן בײַ די רעדלעך און געלייענט די פרימאָרגן־צײַטונג. דער דירעקטאָר פון פלי־פעלד איז געשטאַנען מיט זײַן סגן אין פולן אוניפאָרם, אין שטײַפע ווײַסע קראַגנס, אין היטלען, אין מאַנקעטן אויסגענייטע מיט גאָלדענע גאַלונען... ס׳האָט זיך דערטראָגן פון דער ריכטונג פון ים, אַ שטיל זשומען, אַ מינוט און דאָס זשומען האָט זיך געשטאַרקט העכער, העכער ביז אַ רײַסיקן האַרמידער וואָס האָט אָט גע־דונערט איבער די קעפּ, אָט נאָכגעלאָזן און זיך דערווײַטערט. מיטאַמאָל האָט אַ מוראַדיקן רויש געטאָן, אַ בליץ־שנעלער שאָטן האָט אַ מיניע געטאָן, אויף אַן אויגנפּינטל צו פאַרשטעלן די זון, און אָט שטייט שוין פון ווײַטן דער עראָפּלאַן אַ שטומער, אַ מידער ווי ער וואָלט אָקערשט אַראָפּגעפאַלן פון הימל מיט פערצן מנינים עולים פון תימן.

טרעגערס האָבן צוגעפירט צום עראָפּלאַן אַ טרעפּ אויף רעדער און צוזאַמען מיט שוועסטער, סאַניטאַרן און סתם באַאַמטע האָבן זיי אונטער די הענט גענומען אַרויסטראָגן אין דרויסן ווי „פּעקלעך״... ייִדן פון תימן, די רעשטן פון החכם רבינו זכריה שאַראַבים עדה.

מחמת כבוד החכם האָט מען דעם ערשטן אַרויסגעבראַכט רבינו זכריה, וואָס האָט זיך לכתחילה נישט געקאָנט האַלטן אויף די פיס, און די העלע זון האָט אים פאַרבלענדט די אויגן. מען האָט אים אַוועק־געזעצט אויף אַ פּעקל.

ווען ער איז צו זיך געקומען נאָך דער ערשטער פאַרפּלייצונג פון געפילן, זענען שוין אַרום אים געזעסן עטלעכע מנינים פון זײַנע מענטשן אויך צעחושטע און פאַרחידושטע. רבינו זכריה האָט זיך אויסגעגלײַכט, אַרײַנגעאָטעמט אַ פולע ברוסט פרישע בשמימדיקע האַרבסט לופט, נאָך

דעם איז ער געפאַלן כורעים קושן די הייליקע ערד פון די אבות, די ערד פון ארץ הבחירה. ס'האָבן אים נאָכגעטאָן די איבעריקע גאולים, אַלט און יונג, ווער ס'האָט נאָך הויך אויסגעשריגן: אשרינו! — ערעס־ישראעל! ווער ס'האָט התלהבותדיק געמאַכט שהחיינו און „אמן" האָבן טיף געריהרטע געענטפערט אַלע, אפילו די פּאַליציאַנטן.

## בין קודש לחול — דער פערטער פּרק

מיט די גאולים פון חכם רבינו זכריה איז געקומען אבו מוסא ששון מיט זײַן הויז־געזינט, אָן עין הרע זאַלבעזעקסט. פון דער געוועזענער היים זענען זיי אַרויס זאַלבעאַכט, אבו מוסא מיט זײַן זוגותו ברכה. פינף קינדער און אַן אַלטער פאָטער זכרונו לברכה. דער אַלטער האָט נישט זוכה געווען צו קושן די ערד פון די אבות, ער איז געבליבן רוען אין אַנגעגליטן זאַמד פון מדבר, אָן תכריכים, אינעם זעלבן לבוש וואָס ער האָט געטראָגן. איין קינד איז אַוועק אין לאַגער פון בית ליד בעת אַ מגפה, די ערשטע חדשים אין ישראל.

אבו מוסא איז נישט זיין יידישער נאָמען, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן ביי זײַן ברית. „אבו מוסא" הייסט דער פאָטער פון בכור מוסא, מוסא איז אין לשון הקודש משה, אָן אָנדענק נאָך משה רבינו עליו השלום. אַזוי איז דער מנהג ביי אַלע ישמעאלים צו בײַטן דעם נאָמען פון פאָטער און פון דער מוטער באַלד נאָכן געבורט פון אַ בכור. די מוטער רופט מען אין אַזאַ פאַל „אום מוסא" — די מוטער פון מוסא. האָט זיך אַזוי אײַנגעשטעלט אַז „מוסא" האָט זיך נישט צוגעקלעפּט אין ישראל נישט צום בכור וועמען מען האָט באַלד גענומען רופן מאָשעע — משה, און די מוטער איז געבליבן ברכה ווי פאַר דער חתונה, אַלא דער פאָטער איז שוין געבליבן, און וועט בלײַבן ביזן סוף אבו־מוסא. כאָטש ער טראָגט גאָר אין דער אמתן דעם מלכותדיקן נאָמען דוד, אָן אָנדענק נאָך דוד, דער נעים זמירות — מלך ישראל, עליו השלום.

„לכתחילה" — האָט געטענהט אבו מוסא ששון, — „האָבן מיר דורכגעמאַכט „גלגול מחילות" ככתוב, ווי ס'שטייט געשריבן אין די

הייליקע ספרים. אז משיח וועט קומען און טויטע וועלן לעבעדיק ווערן, וועלן זיי ערשט נאָך „גלגול מחילות" דערגייען צום לאַנד ישראל אויף חיי עולמים. זענען מיר נישט געווען געגליכן צו מתים אין מדבר? האָבן מיר זיך נישט געקײַקלט דורך זאַמדן און וויסטענישן וואָכן און חדשים ביז מיר האָבן, ככתוב, זוכה געווען דעם „ותחזנו עינינו בשובך לציון ברחמים" און האָבן מיר אין תימן נישט געהאַט אַ לעבן וואָס איז געווען כולו ווי „חיבוט הקבר"? האָט זיך נישט אבינו שבשמים דערבאַרעמט אויף זײַנע קינדער, ככתוב, ווי ס'שטייט געשריבן „כרחם אב על הבנים" און מיר זענען געקומען אין ישראל, ברוך השם. דער טאַטע עליו השלום איז „דאָרטן" געבליבן, און דאָס קינד מײַנס, עליו השלום איז געווען אַ גרעסערער בר מזל פון זײַן זיידן: זײַנע ביינדעלעך רוען כאָטש אין דער הייליקער ערד פון ישראל, געקומען צו קבורה כדת משה וישראל".

בעת אבו מוסא דערציילט עס, קלאַפּט זיך זוגתו ברכה מיט די פויסטן אין קאָפּ און וויינט: „ס'קינד איז אוועק פאַר אונדזערע זינד און גײַציקייט. באשר מיר האָבן געדאַרפט פון אונדזערע לעצטע טראַנטעם נייען תכריכים פאַרן אַלטן, האָבן מיר געמוזט, און נישט אים אַזוי ברענגען צו קבורה האָבן מיר געדאַרפט".

אין לאַגער פון די נײַע עולים אין בית־ליד זענען זיי נישט לאַנג פאַרבליבן, מען האָט זיי אַריבערגעשיקט קיין רחובות, אין דער אַלטער גוטער שיינער קאָלאָניע וואָס איז הײַנט די שטאָט רחובות, די שטאָט פון ערשטן נשיא פון ישראל.

ברוך השם! ווער קען עס נישט דעם גוטן פּיאָש־אַרבעטער אבו מוסא וואָס האָט גאָלדענע הענט? אבו מוסא האָט אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר יאָר אין בלעדליי פּרדסים אַלטע און נאָר וואָס געפלאַנצטע — אַלע שמעקן זיי מיט די בשמים פון ישראל, אַלע אָן אויסנאַם. וויפל טויזנטער ביימער די הענט פון אבו מוסא האָט געפלאַנצט, אַרומגעגראָבן, באַשניטן, געגרעפּט און געוואַסערט; וויפל טויזנטער גאָלדענע תפוזים (מאַראַנצן) זײַנע הענט האָבן פלינק געשניטן, גאָלדענע, זאַפטיקע שמעקעדיקע פרוכט פאַר אחינו בני ישראל צו געניסן, צום עסן, „בורא פּרי

ארץ". יעדער תפוז א ברכה, מיט יעדער ברכה פליט אין הימל א מצוה, צום געזונט אלעמען. ווער קען עס נישט די געשיקטע הענט פון ברכהן? בלאנקען נישט די שויבן פון א סך גרויסע הײַזער ווי קריסטאל נאָכן פוצן און רייניקן מיט ברכהס הענט? ליגן נישט בערג וועש ווײַסע ווי שניי אין הונדערטער שאַפעס פון רחובות דורך איר געוואַשן און געפרעסט? און די קינדער פון אמו מוסא? א בייז אויג זאל זיי נישט שאַדן. טײַערע וואוילע, געהאָרכזאַמע, זיי לערנען נישט ערגער פון די אשכנזים, „ריבאָנאָ שעל אָלאָם" — וואָס פעלט זיי אין ישראל?

באַגינען, באַלד נאָכן דאַווענען אוועק צו דער ארבעט ביז שקיעה, סוף וואָך געבראַכט שטרות מיט מצלצלים.

מאָשעע (משה) דער בכור איז א שוסטער (רבינו זכריה זאָגט: רבי יוחנן דער תנא איז אויך געווען א שוסטער — א סנדלר), פאַרדינט שוין זײַן ברויט און ברענגט אויך יעדן פרײַטיק א ביסל מצלצלים. נעמי די עלטערע טאָכטער ארבעט בײַם ראש הועד, ברוך השם נישט אומזיסט, דער צווייטער זון איסכאַק (יצחק) וואָס איז נאָך דרײַ יאָר פאַר בר־מצוה גייט אין בית ספר, און נאָכמיטיק פאַרקויפט ער „ידיעות" (אַן אָוונט־צײַטונג), ער פאַרדינט אויך זײַן ברויט. און ס'יִינגסטע קינד, א קינד ווי אַלע, העלפט אין שטוב, פאַרשיט קערנער פאַר די עופות, און גיט שוין אכטונג אויף דער ציג אין גאָרטן.

א דירה האָט געגעבן די סוכנות, אמת, נישט אזא אי־אַי, אָבער א פּאַלאַץ אין פאַרגלײַך מיט דער כאָשע (לײם־הײַזל) פון אבו מוסא אין תימן.

ערגעץ אין הארצן ווייטיקט בײַ אבו מוסא ווי בײַ זײַן זוגתו. ס'נאָגט אַן עגמת נפש בנוגע די נײַע דרכים פון די עלטערע קינדער, וואָס גייען נישט אין די פוס־טריט פון די שטילע עלטערן. זיי זענען דאָ ווי אַלע קינדער עזות פּנימדיק, לויפן אין די אָוונטן איז אזעטיקע קלובן און מאַכן זיך נאַריש ווי די אשכנזים, אויסגעמישט יִינגלעך מיט מיידלעך... דערפאַר האָט אבו מוסא אין ישראל א גרויס פאַרגעניקונג פון אייגענעם בית הכנסת פון די עולי תימן מיטן חכם רבינו זכריה זאל זײַן געזונט און מאריך ימים ושנים זײַן. ס'איז אייגנס אין מעלאָדיע, אין די זיטן

און מנהגים, איינגאנצן „נוסח תימן". רבינו זכריה זאָגט די פּרשה פון דער וואָך, דערלאַנגט אַ שטיקל עין יעקב, טײַטשט אויס אַ פּסוק זוהר. הפלא ופלא, נופת צופים. און וואָס איז ערשט ס'גליק און זכיה צו לעבן אין מדינת ישראל פרײַ פון פּחד און נגישות פון די רשעים די ישמעא־לים? מה טובו אהליך יעקב!

אזוי האָט געלעבט אבו מוסא מיט דער משפּחה: געאַרבעט צופרידן, געשפּאָרט פּרוטה פּאַר פּרוטה, געקויפט אַ דונאַם קרקע, און נאָך אָפּגע־שפּאָרט אַ מאה, די מיידלעך וואַקסן בלי עין רע, מען וועט זיי פירן אונ־טער דער חופּה נישט הײַנט, איז מאָרגן. זעט איר אין דעם פּרט איז דאָ אַנדערש ווי אין תימן. דאָרטן פלעגן די חתנים געבן נדן, דאָ איז „מנהג אשכנז" — די כלות דאַרפן גאָר געבן נדן, „צרכי ישראל רבים ומרובים, ישראל, צריכים פּרנסה", און פּרנסה איז דאָ, איז דאָך גוט און וואויל.

שכנים האָבן געטענהט, שכנים פון די ותיקים אין רחובות:

— עך, אבו מוסא, האָסט אַרבעט, ברכה אַרבעט, משה פאַרדינט, יצחק פאַרדינט, די טאָכטער איז אויך נישט אויסגעשטעלט אויף דײַנע מזונות, וואָס זיצסטו אויף דער מאה ווי אַ הון אויף אייער? לאָז די אָפּגעשפּאָרטע מאה אין גאַנג.

זאָגט אבו מוסא צו זוגתו ברכה:

— ברכה! אַ דונאַם קרקע האָבן מיר, לאָמיר פלאַנצן אַ פּרדסל, איך קען די מלאכה. מירן עס מאַכן אין דער פרײַער צײַט נאָך דער אַר־בעט, מירן פלאַנצן, ברכה, עס וועט זײַן גוט.

זאָגט ברכה:

— ניין, בעלי אבו מוסא, מען דאַרף נישט, ס'איז צו שווער, און צו לאַנג צום וואַרטן, ס'איז אַ ריזיקע: אַ היישעריק קען קומען און פאַר־צערן די בלעטער און בליִונג, אַ טריקעניש קען קומען און אויסטריקע־נען די וואָרצלען, פאַרדאַרבן די שטאַמען. אַ מלחמה קען חלילה קומען און חרוב מאַכן אַלץ, ניין מאָרי, נ'אָמיר זוכן עפּעס בעסערס.

רעגט זיך אויף אבו מוסא:

— שווײַג, נאַרישע אשה, טפּשה, בײַם אָפּ דײַן נאַרישע צונג, שווײַג!

זיך אָנגעבייזערט און באַלד חרטה געקריגן. ראשית איז כעס אַ שלעכטע מידה, והשנית איז דאָך „רחוק מפנינים מחזירה" אין דער מאה ליגט איר שוויים ווי מײַנס, ווי דער שוויים פון די קינדער. אפשר איז זי גאָר גערעכט, אפשר עפּעס לײַכטערס און מער זיכערס, אפשר?

נישט צו פאַרשטיין ווי אַזוי, האָט זיך אבו מוסא ששון געלאָזט פאַרפירן פון שטן מקטרג און נכשל ווערן מיט אַ זינד, אַ שווערע זינד! אבו מוסא האָט פאַרגעסן די תורה פון חכם רבינו זכריה שאראבי, וואָס האָט געלערנט אַז גײַציקייט איז „דומה ליצר הרע". גײַציקייט פירט צו זינד, ווי ס'פירט דער יצר הרע, ווען מען לאָזט זיך פון אים באַהערשן, און זינד פירט צו אומגליק, אַ פּשיטא אין ארץ ישראל, אין לאַנד פון דער גאולה!

## דער שטן — דער פינפטער פּרק

נישט צו וויסן ווי אַזוי געצל דער סרסור (מעקלער) האָט זיך צוגע־קלעפּט צו אבו מוסא, געצל דער פּגע רע פון רחובות.

— בוקר טוב, אַ גוטן פרימאָרגן דיר יאַ אבו מוסא!

— בוקר טוב — אַ גוטן פרימאָרגן.

— וואָס מאַכט דײַן גברת ברכה? וואָס מאַכן עפּעס דײַנע בנים און טעכטער?

— באָרכאשעם.

— אַ שווער לעבן, יאַ אבו בוסא, הע?

— נישט צום זינדיקן.

— הער מיר אוים יאַ אבו מוסא. כ'האָב פאַר דיר אַן ענין, הערסט? איך האָב אַ מאַשין, וואָס שנײַדט טאַבאַקע און מאַכט ציגאַרעטן, הערסט?

— לך לעזאזל מיט דײַן מאַשין! וואָס מאַכסטו חוזק פון אַ ייִדן? — ענטפערט אים אבו מוסא, — גיי פון וואַנען דו ביסט געקומען.

געצל ווערט נישט נתפעל און גייט אַוועק: „שלום, אבו מוסא!

ווילסט כ׳זאָל גיין, גיי איך, העי. ווער מאַכט עס חוזק פֿון אַ ייִדן?
ווילסט נישט הערן, דאַרף מען נישט, שלום"!

אויף מאָרגן, בעת אבו מוסא איז געקומען פֿון דער אַרבעט אַהיים, האָט ער געפֿונען דעם פּגע רע זיצן ברייטלעך בײַם טיש, אַרײַנצוטענהן די נעכטיקע טענה צו ברכהן.

— העי, גבֿרת ברכה, אַ דונאַם באָדן האָט איר, באַרכאַשעם, קינדער האָט איר, באַרכאַשעם, אבו מוסא אַרבעט שווער, מען ווערט נישט ייִנ־גער, העי? איך וויל אײַך העלפֿן, בנאמנות, איך וויל אײַך לײַכטער מאַכן ס׳לעבן, כ׳האָב פֿאַר אײַך אַ גאָלדענעם עסק, העי. וואָס וועט אײַך פֿאַרזיכערן ביזן סוף, אַ טײַערער עסק. כ׳האָב גערעדט מיט אבו מוסא, איז ער אַן עקשן, ער וויל אַפֿילו נישט הערן, גבֿרת ברכה איז קלוג, אַ חכמה, העי? איך האָב אַ טאַבאַק מאַשין, די מאַשין איז נישט קיין טײַ־ערע, איך וויל נאָר אַן אַדערויף, די רעשט וועט איר אויסצאָלן, העי?

לכתחילה איז אבו מוסא פֿאַרקאָכט געוואָרן. ס׳האָט זיך אים אָנגעזונדן ס׳בלוט: אַזאַ חוצפּה! אַ נבֿזה אַ שי:נאַזע, אַ פּגע רע. קומט צו אַן אשה בעת קיינער איז נישטאָ אין דער היים און רעדט שטותים, אלא די אײַנגעבוירענע מידה פֿון הכנסת אורחים האָט געשטילט זײַן כעס. אבו מוסא האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, און דאָ איז אָנגעקומען משה דער בכור פֿון דער אַרבעט, און געצל איז ממשיך:

— העי, יאַ אחי מאַרי אבו מוסא. איר וועט אײַער שטיקל קרקע פֿאַרזעצן מיט טאַבאַק, איר קענט עס מאַכן נאָך דער אַרבעט. ביזן ערשטן שניט וועט אַביסל זײַן שווערלעך, אָבער די עצם מלאכה איז אַ לײַכטע. די קינדער וועלן העלפֿן, איך וועל אײַך שאַפֿן אַ בהמה מיט אַן אַקער דעם ערשטן מאָל צו פֿאַראַקערן טיף דעם שטח, איך פֿאַרזיכער דיר יאַ אחי, אַז ס׳וועט זײַן גוט. אַ גאָלדענער עסק, העי!

געצל דער סרסור האָט שוין די מענטשן נישט צורו געלאָזט. געקו־מען איין מאָל, געקומען נאָך אַ מאָל, ביז מען האָט געקלאַפּט הענט און פֿאַרענדיקט. אבו מוסא האָט געגעבן אַן אַדערויף פֿינף און זיבעציק פֿונטלעך מזומן, און געענדיקט דעם מסחר.

ס׳איז געווען אַ נאָכפּורימדיקער דינסטיק, אַ מזלדיקער טאָג, די לופֿט

איז געווען מילד, די זון האָט מחיהדיק געוואַרעמט, פייגל האָבן געזונגען און אַרום האָט געשמעקט מיט פרישן פעלד, מיט גרינע תבואה און מיט בליִונג פון די אַרומיקע פרדסים. געצל האָט געהאַלטן וואָרט און געשיקט א לאַסט־אייזל מיט אן אַקער. אבו מוסא מיטן זון, מיטן אָנטרײַבער פון דער בהמה האָבן זיך גענומען צו דער מלאכה: אויפרײַסן און צוגרייטן די קרקע צום פלאַנצן טאַבאַק.

ס׳איז געוואָרן א שטיק נאָך מיטיק. די זון האָט זיך גענומען זעצן הינטער די בערג. און ס׳האָט זיך געמאַכט דער ערשטער מכשול. „ווײַזט אויס״, האָט שפּעטער געטענהט אבו מוסא, „אַז אפילו א בהמה האָט אויך אין זיך א ניצוץ פון שכל מיט פאַרגעפיל״. די בהמה איז געווען די ער־שטע, וואָס האָט נישט געוואָלט מכשיל זײַן אבו מוסאן און דערפירן צו זינד. וויפל מען האָט איר נישט געשמיסן און געקאַטעוועט, וויפל מען האָט איר נישט געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן, איז זי געשטאַנען אויף אן אָרט, ווי די נכפּה וואָלט איר גענומען. די בהמה איז געשטאַנען גע־שפּאַנט אין אַקער, געדרייט מיטן קאָפּ, געדרייט אהער, אהין, ווי זי וואָלט שטום געטענהט: — „ניין, ניין, אבו מוסא״! זי האָט זיך געוואָרפן, גע־בריקעט מיט די פיס, געדרייט מיט אירע גרויסע פײַכטע אויגן און זיך נישט גערירט. וואָס טוט מען?

די קרקע איז געווען געזעטיקט מיט דער שפע רעגנס פון א גאַנצן ווינטער, באַדעקט מיט א גרינעם גראָז ווי א סאַמעט, אויסגעפּוצט מיט רויטע מאָן־בלומען, נאַרציזן וכדומה, בינען האָבן געזשומעט און פייגל האָבן זיך געשפּילט מיט זיי אין כאַפּעניש.

אבו מוסא איז געשטאַנען א צעטומלטער, ביז ער האָט זיך דער־מאָנט אָן זײַן אַמאָליקן שכן נאָים אבו אבדאַללאַ פון ווײַטן תימן, ווי אַזוי ער פלעגט אין זײַן הילצערנעם אַקער שפּאַנען אַמאָל ס׳אייזעלע מיט דער ווײַב, אַמאָל די דאַרע קיעלע און אַזוי אויפרײַסן דעם באָדן פון גאָרטן, ס׳איז געווען א המצאה. מעשה שטן האָט זיך די זעלבע מעשה דערמאָנט זײַן בכור משה, ווי ער פלעגט זיך יינגלווײַז צוקוקן צום שכנס גענג. ס׳איז געווען געענוג א ווונק פון טאַטן, בלי אומר ודברים האָבן זיךביידע גע־שפּאַנט אין אַקערל. בעת דער ייִד, דער אָנטרײַבער, האָט עס דערזען, האָט

ער געמיינט אז בײדע תימנער טרײַבן ליצנות, אָדער פון צרות האָט זיך בײַ זיי אַרײַנגעכאַפּט אַ שטות אין געהירן, האָט ער לכתחילה געלאַכט אויפן קול: — „אַ המצאה, האָ? אזא המצאה! מעשה חוזק האָט ער גע־כאַפּט די הענט־לעך פון אַקער און אַ געשריי געטאָן: וויאָ!

צו זײַן שטוינען איז אַוועק אַ גאַנג, דער טאַטע מיטן זון האָבן גע־שלעפּט נישט ערגער פון לאַסט־אייזל. זיי האָבן געשלעפּט און אויפגעריסן תלם נאָך תלם פון פעטן ווייכן אויסגערוטן באָדן, ווי ס׳וואָלט גאָר זײַן טונקל ברוינער האָניק־לעקעך געפילט מיט רויטלעכע לאַנגע ווערים, ווי ראָזשינקעס. בײדע האָבן מיט עקשנות און תאוה געשלעפּט אַזוי ביז אַ שטיק אין דער נאַכט, ביז זיי האָבן פאַרענדיקט די מלאכה מידע און צופרידענע. פון אויבן איז איצט געלעגן אויסגעשפּרייט דער טונקל־בלויער געוועלב פון הימל, אַ פולע לבנה האָט גוטמוטיק געשמייכלט און זשאַבעס האָבן פאַרהילכט דעם אַרום מיט לייענען קריעת שמע בציבור.

אין אָנהויב איז מיט דער מאַשין געווען אַ גאַנצער עסק. ס׳איז ניט געווען קיין פרײַער אָרט ווו זי אַוועקצושטעלן, איז ברכהן אײַנגעפאַלן אויסליידיקן פאַר דער מאַשין ס׳שטעלכל פון הויף. אבו מוסא מיטן זון האָבן געקויפט אַ פּאָר זעקלעך צעמענט, געבראַכט זאַמד, שאָטער מיט זיפּ־זיץ, פאַרמישט און פאַרקנעטן, אויסגעגאָסן אַ גלאַטן דיל און די „פאַבריק" איז געוואָרן פאַרטיק.

די טאַבאַק־פלאַנצן האָט ברכה געבראַכט פון גאָר ווײַט אין קוישלעך. זי האָט די קוישלעך געטראָגן אויפן קאָפּ. מען האָט די פלאַנצן איבערגע־קליבן און פאַרזעצט. ברכה מיט די קינדער האָבן די „פלאַנטאַציע" געיע־טעט, אונטערגעגאָסן און די שטענגלעך אַרומגעגראָבן. דער ערשטער שניט איז געווען אַ גוטער, אַ גראָטענער. מען האָט די זאַפטיקע בלעטער געריסן איינס נאָך איינס, אָנגעצויגן אויף שטריקלעך געשפּאַנטע אויף שטעקנס, די זון זאָל זיי פײַן אויסטריקענען. אָנהייב ווינטער אין די רעגנדיקע טעג, ווען אבו מוסא פלעגט נישט קענען גיין צו זײַן אַרבעט האָט ער מיט זײַנע בני בית גענומען אַרבעטן מיט דער מאַשין. דעם אמת געזאָגט, איז די מאַשין געווען אַ פּאַסקודנע, אַ שווערע, אָבער פאָרט אַ מאַשין. זי שנײַדט גלײַך

און גוט, די טאַבאַק־פּעדים זענען דין, פֿײַן, און ס׳וואָלט שוין אַלץ גוט גע־
ווען, אַלאַ:

איין מאָל פֿאַלט אַרײַן צו אבו מוסא דער ראש הועד פֿון דער שכונה
מיט אַ פּאָר אַרויסגעשפּאַרטע אויגן און אַ בייזן געשריי:

— אבו מוסא, יאַ אבו מוסא! וואָס איז דיר אײַנגעפֿאַלן? ביזטו פֿון
זינען אַראָפּ, צי וואָס? פֿון ווען און וואַנען האָסטו גענומען די מאַשין? ווער
האָט עס דיר דערלויבט, האָסט אַרויסגענומען אַזאַ רשיון (דערלויבעניש)
פֿון דער רשות? ווייסטו נישט אַז דײַן מלאכה איז אָסור טריף ווי חזיר, טאַ־
באַק איז מאָנאָפּאָליע? גוואַלד אבו מוסא, וואָס האָסטו געטאָן, און ווערסטו
ווײַטער עס טאָן?

אבו מוסא האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און נישט באַנומען, נישט
פֿאַרשטאַנען וואָס ס׳וויל פֿון אים דער ראש הועד. „אָסור טריף חזיר", וואָס
פֿאַר אַ רייד? און וואָס גייט עס אָן דער רשות מיט דער רעגירונג, אַז ער
אבו מוסא ששון זייט און שנײַדט טאַבאַק. צי האָט ער חלילה די מאַשין
מיטן טאַבאַק געגנבעט? צי אַרבעט ער נישט אויף דעם ערלעך און כשר
בזיעת אפּיים? צי האָט ער ניט געקויפֿט די מאַשין מיט זײַן כשר פֿאַרדינט
געלט? צי האָט ער נישט אַליין מיט די אייגענע פּלייצעס ווי אַ בהמה פֿאַר־
קאָרמעט זײַן שטיקל קרקע און מיט זײַן שווייס און מיטן שווייס פֿון דער
משפּחה דעם טאַבאַק נישט געפֿלאַנצט, נישט געשניטן?

— איך פֿאַרשטיי דיך אָסור נישט, כבוד ראש הועד. אפשר ווערסטו
מיר דערקלערן פֿאַרוואָס דו ביסט בייז. ס׳איז מיר קשה, אדוני!

איז דער ראש הועד נאָך מער בייז געוואָרן און אַ ברום געטאָן:

— גלויבסט מיר נישט יאַ אבו מוסא, גלויבסט נישט? טאָ לויף צו אַן
אַדוואָקאַט, וואָס גיכער וועט זײַן בעסער.

דער ראש הועד האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט כעס די טיר, נישט צו זאָגן
שלום, און איז נישט געוואָרן.

אויף מאָרגן נאָך מעריב, אין תימנער שולעכל איז אבו מוסא פֿאַרכ־
טיק צוגעגאַנגען צום חכם רבינו זכריה, דערציילט די מעשה און געבעטן
מיט הכנעה אַן עצה. רבינו זכריה האָט אַ פֿינטל געטאָן מיט די אויגן, גע־
נומען צופּן ס׳בערדל און טענהן: — „וואָס קען איך דיר זאָגן, רבי דוד

(ניׂשט אבו מוסא!)? דוכט מיר אז דײַנע מעשים זענען גורם צו עבירות. דו זייסט און שנײַדסט טאַבאַק. זײַ וויסן אז טאַבאַק איז א זינדיקע פלאַנץ. דו דערפירסט מיט דעם ייִדישע זין צו אפּיקורסות און זינד, בעיני ראיתי ר׳ דוד, ווי אזא שיכנזישער בחורל איז שבת געגאַנגען אין גאַס בפּרהסיה מיט א ציגאַרעטל אין מויל. אום שבת קודש! זאָל עס חלילה זײַן פון דײַן טאַבאַק? איז שלעכט, ר׳ דוד, איז דאָך דער ראש הועד געדעכט, ווײַל רשות ווייסט וואָס זי טוט, אז רשות זאָגט מ׳טאָר ניש׳, טאָר מען ניש׳, ביזט גורם צו עבירות, רבי דוד״...

„היתכן״, — האָט אבו מוסא צוריקוועגס געטראַכט, היתכן? ס׳איז אים גאָר נישט אײַנגעפאַלן אזא מעשה. צוריקגערעדט. וואָס איז ער שולדיק, אז דער שיכנאַזי רויכערט אום שבת. ער האָט אים געהייסן? און אז ער וועט נישט זייען טאַבאַק, וועלן אנדערע זייען, האָט זיך אים ווי א טשוואָק ארײַנגעקלאַפּט אין קאָפּ ס׳משונהדיקע ווערטל „מאָנאָפּאָליע־שמאָליע״, וואָס מיינט עס צו זאָגן?

אויף מאָרגן האָט אבו מוסא געפרעגט די מענטשן אין פּרדס ווו ער אַרבעט — אפשר קענען זיי זיך אויס אין אזא ענין, טענהן זיי:

— גיי זשע טאַקע, אבו מוסא צו אן אדוואָקאַט, לאָז דיר אַן עצה געבן, וואָס ווייסן מיר? מיר רויכערן נישט אום שבת, און דײַן חטא איז אונדז נישט צו פאַרשטיין.

נאָך דער ארבעט האָט זיך יענעם טאָג אבו מוסא אָנגעקליידט אין זיינע שבתדיקע מלבושים און איז אוועק צו אן אדוואָקאַט, אזא דיקלעבער אשכנזי מיט א גאָלן קאָפּ, אין ברילן מיט א דיקן ציגאַר אין מויל. דער אדוואָקאַט איז געזעסן בײַ א גרויסן טיש, וואָס הייסט א טיש? — א פעלד! אזא טיש האָט נאָך אבו מוסא נישט געזען. און דער צימער? גרעסער ווי די שולעכל פון די תימנער, א צימער מיט ווענט־פּאָליצעס פולע מיט גראָבע ביכער, להבדיל ווי ש״סן. בקיצור, דער אדוואָקאַט האָט אראָפּגענומען די ברילן, זיי אויסגעווישט פּינטלענדיק מיט א פּאָר קליינע רויטלעכע אויגן, און געהייסן אבו מוסאן אויסלייגן אלץ וואָס ער האָט אויפן הארצן.

אז אבו מוסא האָט פאַרענדיקט זײַנע רייד האָט אים דער אדוואָקאַט געזאָגט:

— אדון דוד, יאָ, דוד ששון, אָדער ווי רופט מען אײַך? — **אבו** מוסא, איר ווילט איך זאָל זיך פאַרנעמען מיט אײַער ענין און שוין געבן עצות, גוט, אָבער יאַ אחי, איר מוזט באַלד אײַנצאָלן אַן אַדערויף, כאָטש אַ צענערל, נאָך דעם וועלן מיר טאָן וואָס מיר דאַרפן און קענען טאָן, וועלן מיר.

— וואָס? אַ צ־ע־נ־ע־ר־ל פאַר אַזאַ קלייניקייט, משוגע מײַנע שונאים!

— איז ווי איר ווילט, אדוני — האָט זיך דער אַדוואָקאַט גע־נומען גריבלען אין זײַנע פּאַפּירן — שלום אדוני.

איז בײַ אבו מוסאן און זײַן זונתו ברכה פאַרוואָגלט געוואָרן דער שלאָף אין די נעכט. ברכה וויינט אויס די אויגן, און אין זייער היים איז אויסגערונען די פרייד.

זאָגט אים ברכה: „ווייסט וואָס? — גיי און פרעג בײַם שרײַבער פון ועד. ער איז, ווי מען זאָגט, קלוג און געשיקט, אַ גרויסער ידען. כמעט אַן אַבאָקאַטו (אַדוואָקאַט). ער שרײַבט אויך פּאַפּירן און לייַ־ענט אין די צײַטונגען, גיב אים אַ פונטל, וועט ער דיר זאָגן".

האָט אַזוי געטאָן אבו מוסא. אמת, דער שרײַבער האָט דעם פונט נישט גענומען, ער האָט נאָר געזאָגט: „אבו מוסאַ! מע' טאָר נישט אָן אַ רשיון פאַרקויפן באַב אָדער „פּאַלעפעל" אין גאַס, מע' טאָר נישט, ווער רעדט נאָך פון מאַכן אַ גאַנצע פאַבריקאַציע פון טאַבאַק אָן אַ רשיון, מע' טאָר נישט"!

זענען אַוועק אומרויִקע טעג. קונים האָבן ברוך השם נישט גע־פעלט. דער טאַבאַק איז געווען אַ גוטער, אַ שמעקעדיקער, ביליק, פאַר־קויפט על פּי מדה ומשקל, נישט ווי אין די קראָמען ווו אַלץ איז שקר ועָרמה. דערווײַלע האָט דער בכור משה חתונה געהאַט און די טאָכ־טער איז פאַרקנסט געוואָרן צו אַ ווױלן בחור, אַ שכנס אַ זון, אַ גוטער ערלעכער פּרדס־אַרבעטער. אין רויש פון די שמחות איז ווי פאַרגעסן געוואָרן דער עסק מיטן טאַבאַק, און ס'וואָלט ווידער אַלץ גוט געוואָרן. ווען נישט יענער קלאָגעדיקער פרימאָרגן, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו אבו מוסאס חלומות, צוזאַמען מיט זײַן פאַבריקאַציע.

ל. ח י י ן (שמעוני)

# דער זעקסטער און לעצטער פרק — דיני דאָרעאַ, כּדיני דרקיע׳

יענעם פרימאָרגן, בעת אבו מוסא איז מיטן קוישל שפּייז און פּיאָש איבערן אקסל געגאנגען צו דער ארבעט, האָט אים אָפּגעשטעלט א שוטר (פּאָליציאַנט).

— שלום, דוד אבו מוסא ששון!

— עליכם — האָט אים אבו מוסא געענטפערט, און די קני האָבן זיך אים גענומען טרייסלען.

זאָגט אים דער שוטר: „אַ פּאַפּיר איז צו אונדז דערגאנגען פון דער רשות, אַז דו זייסט און שנײַדסט טאַבאַק אָן אַ רשיון. איך קען דיך גוט מיט דײַן הויז ווי ערלעכע מענטשן, גיב איך דיר אַן עצה, אבו מוסא, — מאַך צו דעם אַ סוף, וואָס גיכער איז בעסער. מען קען נאָך הײַנט קומען מאַכן בײַ דיר אַ חיפּוש (הויז־זוכונג), נאָך הײַנט. פאַר אַזאַ מעשה קען מען דיך אײַנזעצן אין חד גדיא״!

— צו זײַנע שונאים און צו די קעפּ פון אַלע שונא ישראל, וואָס ווילן זיי אַלע פון אים, אַלע, וואָס?

האָבן זיך אים חלף־שאָרף אַרײַנגעשניטן אין מח די רייד פון החכם רבינו זכריה, אַז ער איז מחטיא יִדישע בחורים מיט זײַן טאַבאַק, אל הפּתח פּה לשטן. אַז ער פלאַנצט און שנײַדט גאָלדענע מאַראַנצן, שמעקן זיי מיטן ריח פון גן־עדן און זיס זענען זיי ווי האָניק, עסן עס אחינו בני ישראל מיט הנאה, מאַכן אַ ברכה און פאַרדינען אַ מצוה, אַז ער זייט און שנײַדט טאַבאַק איז עס ביטער ווי לענה, בחורים רויכערן אום שבת און טוען עבירות, מעשי ידי...

אָט דאָ אויף אָן אָרט, אין גאַס, האָט אבו מוסא באַשלאָסן אַ סוף צו מאַכן צו דעם טאַבאַק און פּטור ווערן פון דער פאַרשאָלטענער מאַשין. גענוג. אָבער ס׳איז שוין געווען צו שפּעט.

האַלבוועגס צוריק אַהיים איז אים דעם וועג פאַרלאָפן ברכה מיט רויטע אויגן, נאַס פון טרערן: „ששון, ששון, מאָרי, אבו מוסא! אַן אומגליק איז אונדז געשען: די משטרה (פּאָליציי) איז געקומען, ווייַ איז

אונדז, ווי צו דער בושה און ווייטיק, איבערגעדרייט די גאַנצע שטוב, פאַרנומען דעם טאַבאַק, פאַרפּאַקט אין אַ זאַק און אַרײַנגעוואָרפן אין שטאַל, די מאַשין האָבן זיי פאַרבונדן מיט שטריקלעך, די שטריקלעך צוגעקלעפּט מיט טריוואַקס און פאַרחתמעט. שכנים, גוטע מענטשן, זע-נען געקומען, געבראַכט דעם ראש הועד, זײַן שרײַבער איז אויך געקו-מען, אַלע האָבן געבעטן גנאַד, אַזוי און אַזוי, מען האָט מיך געוואָלט פאַרנעמען, האָבן די מענטשן נישט געלאָזן, זיי האָבן פאַר מיר ערב געווען. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן, אַללאַ, יאַ אַללאַ!"

זי האָט זיך געקלאַפּט מיט די פויסטן אין קאָפּ. — — — — —

און ווי זי טענהט און וויינט צום צעטומלטן אבו מוסא, האָבן אים אַרומגערינגלט עטלעכע פּאָליציאַנטן און אַוועקגעפירט אין משטרה.

— איך האָב עס פאַרדינט, איך אַ חוטא ומחטיא את הרבים, כ'מוז מיט מײַנע צרות פאַרגעבן די זינד — האָט אבו מוסא געטענהט צו זיך אַליין, — אָרור, פאַרשאָלטן זאָל זײַן דער סרסור, דער מסית ומדיח, כ'בין נאָכגעגאַנגען מײַן יצר הרע, זיך געלאָזט פאַרפירן פון גײַציקייט, לייכטע פאַרדינסטלעך אי, אי, יאי, מאנה נפשי להנחם'...

זענען דאָך יִדן חלילה נישט קיין רשעים. זיי האָבן געשאַפן אַביסל געלט און אַוועקגעטראָגן צום אַדוואָקאַט, וואָס איז אין זעלבן טאָג גע-קומען אין משטרה אויסלייזן אבו מוסאַן ביזן משפט אויף דער ערבות פון שכנים. שפּעטער אין יום־הדין האָבן אַלע שכנים מיט זייערע ווײַ-בער און קינדער באַגלייט אבו מוסאַן מיט ברכהן אין געריכט הויז. ס'זענען צוגעקומען די מתפּללים פון דעם שולעכל, דער חכם רבינו זכריה איז נישט געקומען מחמת עצבות און חולשה. ער איז פאַר-שלאָפט געוואָרן פון עגמת נפש, און יענעם טאָג גוזר געווען אויף זיך אַליין אַ תענית, באשר איינער פון זײַן עדה איז אַזוי ביטער גע-שטרויכלט געוואָרן, און וווּ? אין הייליקן לאַנד ישראל.

אין פאָדער־צימער פון געריכט־הויז האָט זיך דער עולם אויסגע-זעצט אויף דער ערד שווײַגנדיק, פאַראומערטע. זיי האָבן אַרומגע-רינגלט אבו מוסאַן מיט זײַן ווײַב ברכה, בעת אבו מוסאַ אַליין האָט זיך געשאָקלט און מיט אַ צעבראָכן קול נוסח תימן אויסגערעדט זײַן

ביטער האַרץ צום בורא עולם מיט פסוקים תהילים פון דוד המלך, ווע־
מענס נאָמען ער טראָגט.

אי־יאַי־יאַי קולי אל אלהים ואצעקה,
אי־יאַי־יאַי קולי אל אלהים והאזין אלי.
ביום צרתי אדוני, דרשתי ידי.
אי־יאַי־יאַי מאנה הנחם נפשי, מאנה הנחם...

אבו מוסאס טענות מיטן רבונו של עולם, האָבן בײַם עולם פאַרגלי־
ווערט ס'בלוט אין די אָדערן, ביז דער אויבער משמש פון געריכט האָט
ברייטלעך אויפגעפּראַלט די טירן און פײַערלעך אויסגערופן:

— מר דוד, וואָס הייסט אויך אבו מוסא, און זײַן זוגתו ברכה
וואָס טראָגן דעם משפחה נאָמען ששון ווערן פאַרבעטן פאַרן כס פון
משפט ישראל"!

האָט זיך מר דוד וואָס הייסט אויך אבו מוסא ששון, (און נאָך
אים זײַן זוגתו וואָס הייסט ברכה) אויסגעגלײַכט און אוועק צום שופט
באַגלייט פון אדוואָקאַט, וואָס האָט דאָ אין געריכט־הויז געטראָגן א
ברייטע שוואַרצע ריפּסענע טאָגע, מיט א שטייף ווײַס קראַגנדל מיט צוויי
שילדלעך פון אונטן, כולו אומר כבוד. נאַטירלעך זענען פון הינטן נאָכ־
געגאַנגען די קינדער, די שכנים, די מתפללים פון דער תימנער שולכל.
א גאַנץ פײַנע באַגלייטונג!

דער זאַל פון געריכט איז געווען א רחבותדיקער, פאַרפלייצט מיט
זון. דער שופט איז געזעסן אויף אזא בימה ביי א לאַנגן טיש פאַרדעקט
מיט א גרינעם טוך, פאַרלייגט מיט דיקע ספרים ווו ס'זענען פאַרשריבן
אַלע חוקי המדינה. איבערן טיש, אויף דער מזרח־וואַנט איז געווען אויס־
געמאָלן די גרויסע מנורה פון מדינת ישראל. אויפן פאָן פון די מלוכה־
קאָלירן — דער סמל פון ייִדישן צדק, דער סמל פון נעכטן, פון הײַנט
און פון ליכטיקן מאָרגן.

ווי ס'פירט זיך אין געריכט האָט מען פריִער אויסגעפרעגט אבו
מוסא ווי ער הייסט, ווי זײַן טאַטע זכרונו לברכה האָט געהייסן, ווי
זײַן זוגתו און קינדער הייסן, וואָס ער טוט, פון וואַנען ער איז א גע־

בירטיקער, אין וועלכן טאָג, חודש און יאָר, פון וואָס ער איז זיך מפרנס וכדומה.

נאָך דעם האָט זיך דער אַדוואָקאַט אַ צײַט געאַמפּערט און געדונגען מיטן תובע (פּראָקוראָר) פון דער פּאָליציי. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אויסלאָזן פון דער באַשולדיקונג מרת ברכה ששון, וואָס האָט נישט קיין שייכות צו דער עבירה, „ווײַל ס'שטייט בפירוש געשריבן אין די הייליקע שריפטן פון ישראל „והוא ימשול בה" — זי, די אשה טאָר נישט ווידערשפּעניקן איר געזעצלעכן מאַן, וואָס האָט איר פריִער פאַרקנסט, נאָך דעם חתונה געהאַט כדת משה וישראל און געבוירן ייִדישע קינדער". דער שופט איז אײַנגעגאַנגען און באַפרײַט ברכהן פון שולד.

נאָך דעם האָט מען אבו מוסאן צוגעפירט צו אַזאַ שטענדער ווי ס'איז געלעגן אַ ספר תנ"ך, אויף וואָס אבו מוסא האָט אַרויפגעלייגט זײַן דינע ציטערדיקע, אויסגעפּראַצעוועטע הענטל און געשווירן, נאָכזאָגנדיק פּאָרכטיק דעם שופט וואָרט בײַ וואָרט, אַז ער „שווערט צו זאָגן דעם אמת, נאָר דעם אמת". נאָך דעם איז ווידער אַוועק אַ דינגעניש צווישן תובע פון דער פּאָליציי מיטן אַדוואָקאַט „אַזוי און אַזוי", „סעיף זה, וסעיף זה" וכדומה. דער קאָפּ האָט זיך גענומען דרייען בײַ אבו מוסא ווי אַ גלגל פון אַזעטיקע שווערע טענות מיט אַזויפיל סעיפים. אָן אייזערנעם קאָפּ האָט דער אַדוואָקאַט!

די גאַנצע צײַט האָט דער שופט אויפמערקזאַם אויסגעהערט די טענות פון די צדדים, נישט אַראָפּצונעמען גלײַכצײַטיק זײַנע גוטע מילדע אויגן פון באַשולדיקטן אבו מוסא. („אַזעלכע אויגן" האָט שפּעטער אבו מוסא געטענהט, „קען האָבן נאָר אַ ייִדישער שופט") ביז דער שופט האָט דעם ויכוח אָפּגעשטעלט, ויאמר, און ער האָט געזאָגט:

— מר דוד, המכונה אבו מוסא ששון, וואָס האָסטו צו זאָגן צו דײַן פאַרטיידיקונג, נאָך דעם ווי דו האָסט אויסגעהערט די באַשולדיקונג!

האָט זיך אבו מוסא דערמונטערט אויפגעשטעלט, אויסגעגלײַכט, אויסמײַדנדיק דעם הארבן פּנים מיט די בייזע אויגן פון תובע, און געענטפערט דעם שופט אַזוי צו זאָגן:

— אדוני רום מעלתך שופט בישראל! שהחיינו, והקימנו, והגיענו לזמן הזה, אז איך דוד, המכונה אבו מוסא ששון האָב זוכה געווען צו שטיין פאַרן כס פון אַ ייִדישן משפט אין מדינת ישראל, ווו אַלע זענען גלייַך פאַרן געזעץ — אַלע זענען מיר ייִדן מזרע אברהם, יצחק ויעקב, פון מענטש און שוטר ביז להבדיל אַלף אַלפי הבדלות הוד ורום מעלתו דער שופט שיחיה, דיני דאַרעא כדיני דרקיע, אויב איך האָב געזינדיקט, נעם איך אָן דעם גזר ופסק דין וואָס כ'בין ווערט. אָבער געזינדיקט האָב איך דאָך למעשה נאָר פאַר הקדוש ברוך הוא ווייַל מייַן טאַבאַק האָבן ייִדישע בחורים גערויכערט אום שבת, מיט וואָס ב'האָב זיך פאַרזינדיקט כלפי רשות ווייס איך נישט. די מאַשין האָב איך געקויפט פאַר מייַן שווער און כשר פאַרדינטן געלט, און פאַרן געלט פון מייַן זוגתי ברכה מיט מייַנע קינדער, דאָס נעמלעכע, דאָס שטיקל קרקע. די טאַבאַק האָב איך מיט מייַנע בני בית געפלאַנצט, געשניטן, געטריקנט — ווידער מיט די אייגענע הענט, חלילה נישט פוגע געווען קיין ילוד אשה, פאַר דאָס מינדעסטע בלעטעלע געצאָלט מיט ביטערע שוויים, טאָ וואָס זאָל עס אַרן, און מיט וואָס זאָל עס פוגע זייַן רשות פון מדינת ישראל ירום הודה וכבודה? מיט וואָס בין איך עמעצן דעם וועג פאַרגאַנגען, גע־שטערט? השם יתברך האָט מיך שוין באַשטראָפט מיט בזיון און השם יתברך וועט מיך ווייַטער שטראָפן מיטן פייַן פון מייַן נשמה פאַר מייַן נייַציקייט, און נאָכגעבן דעם יצר הרע. כרחם אב על בנים, לאָז מיך פרייַ, רום מעלתך השופט, און איך מיט מייַן אשה מיט קינד און קייט וועלן דיר דאַנקען און ס'גאַנצע לעבן מתפלל זייַן פאַר דייַן ווויל און געזונט, אדוני.

מאָרי סעדיה נחמני, דער גבאַי פון דער תימנער שולעכל אין יע־נער שכונה האָט שפּעטער געטענהט פאַר די מתפללים:

— ווי גוט און באַהאַרצט דער שופט זאָל נישט האָבן געווען כלפי אבו מוסא, מוז ער זייַן האַרב, ווייַל ער איז דאָך דער ממונה אויף אַלע געזעצן און דינים פון מדינת ישראל. ווי די תמימותדיקע אויפריכטי־קייט און חרטה פונעם באַשולדיקטן זאָל נישט האָבן טיף גערירט די ייִדי־שע האַרץ פון שופט האָט ער אים געמוזט באַשטראָפן מיט פיר וואָכן

תפיסה אָדער פופציק פונט שטראָף, און מחרים זײַן די טריפענע מאַ־
שין זי זאָל נישט מכשיל און מחטיא זײַן אַנדערע ייִדן, וואָס ווייסן ניט
ווי אבו מוסא האָט נישט געוווּסט, אַז מען דאַרף דערצו אַ רשיון, פון
וואַנען ווייס עס אַ ייִד פון תימן?

ווידער אבו מוסא האָט דעם פסק־דין אויפגענומען רויִק, ער האָט
נאָר געזאָגט: „אַזוי בין איך אַרוים נקי. ד׳ נתן, וד׳ לקח. ער האָט מיר
אַ פאַרמעגן געגעבן און האָט עס נאָך דעם צוריקגענומען. זאָל זײַן גע־
לויבט זײַן נאָמען דערפאַר, וואָס ס׳זענען מיר געבליבן מײַנע הענט,
מײַן הויז־געזינט, מײַן דירה, מײַן פּיצל קרקע. מירן אָנהויבן פון
דאָסנײַ, מיר זענען דאָך צווישן אחינו בני ישראל אין מדינת ישראל״.

נאָך דעם משפּט האָט מאָרי סעדיה נחמני, דער גבאַי, אינגאַנצן
געביטן זײַן מיינונג צום גוטן אין באַצוג צו די שיכנאַזישע ברידער
ייִדן. זײַן מויל איז פול מיט לויב אפילו צו זייערע משונהדיקע געננ.
„שטעלט אײַך פאָר — האָט מאָרי סעדיה נחמני דערציילט זײַנע קרובים
פון נחליאל — „אַז בעת דער שופט האָט אויסגערופן דעם פסק דין,
זענען אַלע שיכנאַזים געווען קעגן אחינו אבו מוסא, און אני הקטן
סעדיה נחמני בין דערבײַ געווען. באַלד נאָכן משפּט האָט דער מכלו־
מרשט בייזער תובע פון דער פּאָליציי צוגערופן דעם ראש הועד פון
אונדזער שכונה און אים דערלאַנגט דעם ערשטן פינפערל פון זײַן איי־
גענעם געלט, צושטײַער אויף „פּדיון שבויים״ אויפן קנס פון אבו מוסא...
דעם צווייטן פינפערל האָט דורכן משמש צוגעשיקט רום מעלתו דער
שופט אַליין, (אַ ייִדישער שופט, זאָל אים השם יתברך מאריך ימים
זײַן). דער אַדוואָקאַט האָט מותר געווען אויף דעם רעשט פונעם שכר,
וואָס ס׳האָט אים געקומט. די שוטרים, די ייִדישע פּאָליציאַנטן, די
„גזלנים״ אפילו דער אָנגעבלאָזענער משמש פון בית־דין האָבן צוגע־
טראָגן זייערע פערטעלעך און האַלבע פונטן. די רעשט האָבן מיר שוין
געשאַפן צווישן זיך בײַם עולה לתורה זײַן יענעם שבת. החכם רבני
זכריה נרו יאיר, וואָס ליגט פאַרשלאָפט האָט באַפוילן צו טיילן די פּרשה
פון דער וואָך אויף פּסוקים און אַנשטאָט זיבן קרואים, אויפרופן אַלע־
מען — כדי אַלעמען מזכה זײַן מיט דער גרויסער מצוה פון „פּדיון

שבויים", ואני הקטן הגבאי סעדיה בן יעיש הכהן, האָב יענעם שבת געהאט יאָרצײַט האָט מיר געקומט מפטיר, האָב איך געגעבן די גרעסטע תרומה"...

אזוי איז געשאפן געוואָרן מער ווי די נויטיקע סומע צו דעקן די שטראָף. מען האָט אבו מוסאן, א געלײַטערטן, באַפרײַט און מיט דעם פארענדיקט די געשיכטע מיטן טאַבאַק — די זינדיקע פלאַנצן, ושלום על ישראל.

# שקיעה

נאָך אַ טאָג שווערע רעגנס האָט זיך גענומען אויסלײַטערן. אַ שאַרפער דרום־מזרח־ווינט האָט ווי אויסגעבעזימט דעם הימל פונעם אָנגעקוואָלענעם בלײַ און פאַרשטופּט די וואָלקנס צו מערב, טיף איבערן ים. די וואָלקנס האָבן זיך געטורעמט אין פאַנטאַסטישע אוזאָרן און אויסגעצירט דעם שקיעה האָריזאָנט מיט כלערליי בערג, מויערן און פּאַלאַצן ווי פון שטאָל אויסגעשטאַנצט.

אַ קאַלטע זון האָט זיך גענומען זעצן און מיט איר לעצטן שײַן באַזוימט מיט גאָלד און פײַער די אויפגעטורעמטע וואָלקנס.

דער ים האָט זיך אויך באַרויִקט, פאַרשלונגען דעם ווײַסן שוים פון די ברעגעס, ווי אָפּצושאַפן די מחיצה מיט דער יבשה, ביז פון די אָט נאָר־וואָס צעשטורעמטע וואַסערן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַן אנסופיק געקאַרבטער אויבערפלאַך פון אַלטן זילבער.

דער כרמל אַקעגן האָט זיך גענומען רונדיקן און בײַטן די מראה. די צוגעפאַלענע טונקלקייט האָט אויסגעגלײַכט און אויסגעגלעט אַלע פעלזיקע ריצן און שפּיצן, דאָס ווינטער־גרינס האָט באַקומען איין קאָליר, גלאַט פאַרן אויג. ווו נישט ווו האָבן זיך גענומען שלענגלען צום הימל ווײַס־בלויִלעכע זײַלן רויך פון צעוואָרפענע גליִאיקע שײַטערס. אַרום זיי האָבן זיך באַוועגט סילועטן פון קוילן ברענערס, וואָס האָבן זיך מכין געווען צו אַ נאַכט־שיכט מיט ביטערער קאַווע און אָנסופיקע מעשיות פון אַלטן עבר און גרויען הײַנט־וואָרע, ווי ניט געשטויגענע, אמת און פאַנטאַזיע.

אָן אַ זײַט פון אַזאַ שײַטער איז ווי אַן אויסגעטשעסעטע סטאַטוע געשטאַנען דער שײַך זאַקאַריה אײַנגעוויקלט אין זײַן ברוינער אַבייע, אָנגעלענט אָן אַ סענקאַטן שטעקן, ווי ער וואָלט באַגלייט די שקיעה העט דאָרטן אין מערב, סוף ים.

אין דער אמתן האָט איצט דער שייך זאַקאַריה געשוועבט ערגעץ ווײַט. זײַנע מחשבות זענען גאָר געווען פאַרטאָן אין נאָענטן עבר, און ס׳פאַרגראָבן הארץ אין די טיפע פאַלדן פון דער אַבייע האָט גענאָגט. די בענקעניש נאָך אַ פאַרלוירענער וועלט, וואָס האָט איצט אין דער דעמער־רונג אויסגעזען הונדערט מאָל שענער און ליכטיקער, ווי זי איז געווען אין דער אמתן...

אינעם גלימער פון לעצטן שקיעה־שײַן, אויפן פאָן פון פאַרנאַכ־טיקן כרמל, האָט דער פאַרגליווערט־פאַרטראַכטער זאַקאַריה אויסגעזען ווי אַן אָפּשפּראָץ פונעם באַרג. ער איז דאָ ווי אַרויסגעוואַקסן פונעם בין־השמשות פייזאַזש ווי די אַלטע קנאָביקע אײלבירט־ביימער, ווי די קרומע צעוואָרפענע חרובים, וואָרעם זאַקאַריה אַליין איז אויך געווען הויך פאַר־ריסן, טרוקן און קנאָביק ווי אַזאַ בוים. זײַן גרוי בערדל האָט אויסגעזען ווי אַ דערנער־קוסט, פון וועלכן ס׳קוקן אַרויס צוויי טונקל־ברוינע טיפע אויגן באַזוימטע מיט בייזע שווער־ע ברעמען פון טאַבאַק־קאָליר, אַפילו זײַן אָדלער־נאָז האָט אויסגעזען ווי אַ הויקערדיק צווײַגל פון אַן אייל־בירט־בוים.

— עך, שיין איז אַללאַס וועלט, שיין ביז גאָר, אָבער „זיפט״־פּאַס־קודסטווע, זיפט אל דיניא, זיפט, גאָר אַ פּאַסקודנע איז די שיינע וועלט, אַללאַ, יאַ אַללאַ, שיין און שלעכט!

אָט די מחשבה האָט דער שייך אַרײַנגעקראַקעט אין אויר, אין דער פאַרנאַכטיקער שלוה. ווי צו להכעיס האָבן עס אַלע שפּועים און וואַדים הילכיק אויפגעכאַפּט און צוריקגעוואָרפן דעם ווידערקול פון „זיפט״ און צעשטערט די שקיעה שטילקייט פון כרמל.

האָט אים זײַן אייגענער ווידערקול צערייצט און אַרויסגעפירט פון די כלים. דער שײַך האָט זיך צעוואָיעט ווי אַ שאַקאַל אַרײַנשרײַענדיק אין טונקעלן חלל אַרײַן: „אַללאַ יאַ אַללאַ״ ביז ער איז אַ מידער פאַר־

שטומט געוואָרן מחמת רחמנות צו זיך אַליין, צו זײַן נאָגנדיקער עלנטקייט.

נאָר אין די פאַרנאַכטן, שקיעה־צײַט, פאַלט אויף אים אָן דער אומעט, וואָרעם קלאָגעדיקע, גאָר קלאָגעדיקע זענען איצט די פאַרנאַכטן פון שײַך זאַקאַריה.

— עך, אַזאַ ווינטערדיקער פאַרנאַכט בסך־הכל מיט אַ פּאָר יאָרעלעך צוריק, עך!

נישט ווײַט פון דאַנען שטייט זײַן אַלטע שטייניקע ירושה־שטוב מיט די געוועלבטע סופיטן, זי שטייט דאָ מי יודע ווי לאַנג. פאַרוואָס איז זי, די שטוב, בכלל געבליבן שטיין? פאַרוואָס? כּדי צו זײַן אויסגעפּילט מיט אומעט און בענקשאַפט ביז דער מינדסטער שפּאַרע? וואָס דאָ האָט זיך אַלץ פאַרלאָפן אין די פּאָר געציילטע יאָרעלעך!

אין אַזעלכע פאַרנאַכטן האָט דאָך די שטוב מיטן רחבותדיקן הויף געוווימלט מיט אָן אַ שיעור לעבן און צאַפּל, אויך דעמאָלט איז די לופט געווען די זעלביקע, די זעלבע טבע, דער זעלבער ים, די זעלבע שקיעה, ווער האָט עס געהאַט צײַט צו קוקן אויף איר און טראַכטן? דער זעלבי־קער כרמל, די זעלבע בשמימדיקע פרישקייט. דעמאָלט האָט נאָך שײַך זאַקאַריה געקיניגט איבערן גאַנצן אַרום, ער איז געזעסן אויף אַ קאָליר־טער גלאַנציקער מאַטע, בײַ אַן אָנגעגליטן פײַער־טאָפּ מיטן זילבערנעם מונדשטיק פון דער נאַרגילע אין מויל, באַדינט פון צוויי שנורן מיט צוויי מעכטער אונטער דער שטרענגער השגחה פון דער ווײַב (אַללאַ זאָל זיך דערבאַרעמען איבער איר גוטער נשמה!). די טעכטער האָבן געשמאָרט זאַפטיקן ווייכן שאָפּן פלייש, געטונקט אין טאָמאַטן זאָפט מיט שאַרפע קרייטעכצער, די טעכטער האָבן געפּרעסט קעזלעך און אײַנגעלייגט מיט קלאָרן שמן זית אין ליימענע טעפּ, ס׳ווײַב האָט געברענט קאַווע, פונעם טאַבון (באַק־אויוון) האָט געשלאָגן דער מחיהדיקער ריח פון פרישע פּיטעס. טויבן האָבן געוואָרקעט, די הינער פלעגן האַלדערן אין שטאַל אויף די שטאַנגען, פון ווײַטן פלעגט דער זון אָנקומען אויף אַן אייזל, געריטן הינטער דער סטאַדע זאַט איבערגעפּרעסענע שעפּסן, נאָך אים די צוויי באַווײַבטע בנים אויף פרידות פון אַקער־פעלד, אייניקלעך האָבן

זיך געפלאָנטערט צווישן די פיס און אין קאָפּ האָבן זיך געפלאָכטן בלערליי חשבונות פון בלעכן „דזשיבנע" (זאַלץ קעז) פון דורה, פון ווייץ, פון אייל און פון בהמות. דער רײַט־פערד האָט געהירזשעט פון זאטקייט און מיט די קלאָען געריסן די ערד, און דער ריח מיטן רויבעלע פון דער נארגילע — — — עך, עך, אזוי ביז די לבנה פלעגט אפּער־שווימען און פאַר איר שײַן — דער משפּחהדיקער אָוונט־מאָלצײַט, די ברכות, די תפילות, דער דרך־ארץ און כיבוד־אָב, ווי שיין די וועלט איז געווען, די זעלבע וועלט, אללאַ, יאַ אללאַ!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אַלץ איז אוועק, און פאַרגאַנגען ווי אַ חלום. „זיפּט אל דיניא", האָט אַ קול געיאָמערט אין שייך זאַקאַריה... דער טײַוול מיט אַלע רוחות האָבן זיך פאַרקליבן אין דעם אויסגעווייטיקטן פּאַלעסטין!

וואָס איז אים, דעם שייך זאַקאַריה אָנגעגאַנגען די גאַנצע „סיאַסע" (פּאָליטיק) מיט אַלע מחלוקת, מלחמות, בעת ער איז דאָ אין זײַן ווינקל געזעסן פאַרוואָרצלט ווי זײַנע עלטערן און זיידעס מדור דורות, אָט פּונקט אַזוי ווי די איילבירט־און חרובים ביימער, ווי די פעלדזן און היילן; ווער האָט גאָר געוואַגט זיך פאַרמעסטן מיט אים, דעם שייך, ארויס־רײַסן און צעברעכן? ער געדענקט די טערקן, ער געדענקט די דײַטשן, די אינגליז, ער געדענקט זיי מיט אַלע צרות און שוועריקייטן, און וואָס איז אים, און וואָס איז זיי, די זײַניקע אָנגעגאַנגען די יהוד? וואָס האָט ער געהאַט צו זיי, און וואָס האָבן זיי געהאַט צו אים? וואָס האָט די מאַכט מיט דער חכומה (רעגירונג) געהאַט צו טאָן מיט זײַן היים, וואָס פאַר אַ כוח, חוץ אללאַ, דער כל יכול, וואָלט אים געקאָנט באַוועגן אָדער רירן פון זײַנע מקומות, פון זײַן שטוב־הויף און ערד, כיבע איבער זײַן, זאַקאַריהס טויטן קערפּער...

און אַז דער שטן, די שדים, די עפענדיאַט מיט די „סיאַסע"-צעלייגער האָבן אָנגעצונדן דעם פײַער, און פון דער היים איז געוואָרן אַ גיהנום, האָט ער זיך געבעטן בײַ די בנים:

— יאַ וולאַד, קינדער מײַנע! זיצט דאָ אויפן באָדן ווי ס'זענען געזעסן אײַערע זיידעס און עלטער־זיידעס, און היט אָפּ איר ברכה, היט

אָפּ די שפּיַיזערן די מאַמע־ערד, פון וואָס איר זענט אַ חלק ווי ס'גאַנצע בעל־חי און דומם אַרום, קריכט נישט אין דער גאָט־פאַרשאָלטענער שטאָט, פאַרכט זיך פאַר אַללאַ, מײַדט אויס די כופרים די אייגענע און פרעמדע, שטעקט נישט אײַערע פעלאַכישע נעזער אין נישט־אײַערע עסקים. ס'וועט זיך איבערקאָכן און ס'וועט ווידער זײַן סאַלאַם (שלום). אַללאַ, יא אַללאַ פאַרוויסט נישט אײַער לעבן!

די בנים האָבן נישט געפאָלגט; דעם יִינגסטן האָבן געפּטרט די אינגליז (זאָל אַללאַ זיך דערבאַרעמען אויף זײַן נשמה), דער צווייטער זון האָט געלאָזט אַלץ ווי עס שטייט און גייט און איז ערגעץ אַוועק מיט אַ כנופיה, נישט צו וויסן פון זײַן געביין ביזן הײַנטיקן טאָג. לכתחילה איז ער געבליבן אַליין מיטן בכור מיט אַ גאַנצע ווײַבערשע מלוכה מיט אַ סטאַדע אייניקלעך און שעפּסן, אַלע אויף זײַן באַראָט...

האָט זיך צעפלאַקערט אַ מלחמה מיט די יהוד אויף לעבן און טויט, דאָס נעמלעכע מיט די אינגליז, ביז די אינגליז איז אַלץ נמאס און מאוס געוואָרן אין פּאַלעסטין, זענען זיי אַוועק און געלאָזן די יהוד מיט די בני ערב (אַראַבער) אויג אויף אויג.

— עך, „זיפט אל דיניא זיפט" — חזרט איבער שייך זאַקאַריה צום וויפלטן מאָל, בעת ער דערמאָנט זיך ווי אין אַ שיינעם טאָג איז געקומען צו לויפן דער עלטסטער זון פון פעלד מיט אַ רעש, אַז „באַשר מוחמד דער שכן איז נאָר וואָס געקומען פון שטאָט, מוחמד דערציילט, אַז אַלץ און אַלע פּאַקעווען זיך און אַנטלויפן. אַ האַלבע שטאָט ברענט, די מלחמה ברענט, די יהוד פאַרנעמען די מאַכט, די אינגליז אַנטלויפן. „קום אַבאַ, יא אַבאַ, לאָמיר אויך לויפן, קום ס'איז אַזאַ פּחד און בהלה, קום יאַ אַבאַ" — — — — — און אַזוי פלאַפּלענדיק שטותים, האָט ער אַלץ וואָס עס לאָזט זיך נאָר, אַרויפגעפּאַקט אויף די אייזלען, אויף די פּרדות, אויף זיך און אויף די ווײַבער, צונויפגענומען די קינדער, די שעפּסן מיט די פּאָר בהמות און „יאַללאַ, יאַללאַ יא אַבאַ, ס'איז אַזאַ פּחד, לאָמיר לויפן"! און זיי זענען אַנטלאָפן.

דערמאָנט זיך איצט זאַקאַריה ווי ער האָט זיך געבעטן בײַם זון, געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן:

— משוגע געוואָרן? וואָס לויפן, ווּ לויפן און צו וועמען לויפן — און די ע ר ד ? די אַלטע גרויסע שטוב מיטן הויף וועסטו אויך אָנלאָדן אויף די אייזלעך? די ביימער, דעם באַרג וועסטו אויך אַרויפפּאַקעווען אויף די פּלייצעס, האַ? וועמען האָסטו שלעכטס געטאָן, ווּ לויפן, וואָס?

מחמת ביטערניש און צאָרן, האָט ער זיך פאַרמאָסטן אויפן בכור מיט אָט דעם סענקאָטן שטעקן, וואָס ער האַלט אין האַנט. ס׳האָט נישט געהאָלפן. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד און געריסן פון זיך די בגדים, ס׳האָט אויך נישט געהאָלפן וואָס דאָ ציט זיך אַזאַ שטראָם צעשראָקענע פעלאַכן פון אַרום און אַרום — „בהמות!" און דער זון מיט אַלץ מיט אַלעמען זענען מיטגעריסן געוואָרן, אַוועקגעשווומען, ווי שפּענדלעך אין ווינטערדיקן ים.

פאַרבליבן איז ער אַליין מיט נאָך עטלעכע שכנים, פאַרבליבן צעטומלטע, פאַרטויבטע, אָן קינדער, אָן איניקלעך, אָן שאָף, אָן אייזלען, אָן רינדער, אָן הענט. אפילו די טויבן זענען אַוועקגעפלויגן דער רוח ווייסט ווּהין...

ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, דער שגעון וועט פאַרבײַ, און זיי וועלן צוריקקומען, אָבער: לאָ! נישטאָ זייער געביין, אַלע ווי אויסגעריבערט, אַלע אויסגעקאָרטשעוועט געוואָרן, בידים זיך אַליין אַרויסגעטריבן. נישטאָ, נישט זיי, נישט זייער געביין, אללאַ, יאַ אללאַ!

נאָך אַ פּאָר חדשים וואַרטן אין פּחד זענען אַוועק, מען האָט פאַרצערט אַלע שיריים פון די בלעכן, פון די ליימענע קריגן, פון די זעקלעך און קופּערטס, און נאָך דעם ווי מען האָט אויך פאַרצערט די לעצטע עופות, האָבן זיך צונויפגענומען די פּאָר שכנים און געקומען צום שייך זאַקאַריה זיך צונויפריידן, וואָס ווײַטער צו טאָן.

פרילינג איז געקומען, די לופט איז איבערפולט מיט פייגל געזאַנג, בינען זשומען, ווילד גראָז גייט אויף און שפּרייט זיך ווי אַ מגפה, די ערד רופט, די ערד מאָנט דעם אַקער מיט זריעה, און דאָ איז כמעט אַ קערנדל נישטאָ. וואָס טוט מען?

זענען זיי געזעסן די שכנים אויף דער ערד אין אַ ראָד אַרום שייך,

די פיס פארלייגט אונטער זיך און האָבן מיט זייערע אומעטיקע אויגן אויסגעשווינגן אַ בקשה: „גיי צו דער חכומה (רעגירונג) און מאָן הילף, ס'איז כולו הקצין, גיי יאַ שייך! דו ביסט אונדזער שייך און אונדזער מוכטאר (דאָרפס עלטסטער) ציַיט אַזויפיל יאָרן, גיי יאַ שייך"!

אויף מאָרגן האָט זיך דער שייך געגראָבן שעהען לאַנג אינעם מיט מעש באַשלאָגענעם אויסגענאָגלטן קופערט, מיט ציטערדיקע הענט האָט ער אַ פּאַרקלעמטער איבערגעוואָרפן אַלע קאַפּטאַנעס און קאָמבאַזן, די זייַניקע און די פאַרבליבענע פון די בנים; ער האָט געקליבן, געקרעכצט, געגאַסן פונעם שאַרפן ריח, און גאָרנישט אויסגעקליבן. ער האָט אַלץ געלאָזן ליגן אָנגעהויפּט, נישט צוריקגעלייגט, און ווי ער שטייט און גייט, מיטן סענקאַטן שטעקן אין האַנט אַוועקגעשפּרייַזט צום יִדישן „קיימאקאם" (מושל).

ס'האָבן זיך אים געבראָכן די קני, ס'האַרץ איז אייַנגעפאַלן פון פּחד, ווער ווייסט? טאָמער פרעגט ער עפּעס וועגן די בנים? ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ חטאים ס'ליגן אויף זייערע קעפּ, אַללאַה יא אקבאר, גאָט דו אַלמעכטיקער!

אין דער סאראיע (רעגירונג הויז) זענען געווען ווי פריִער די זעלבע לאַנגע קאָרידאָרן, די זעלבע גרויע ווענט, די זעלבע בענק, אַפילו דער זעלבער ריח... אלא אומעטום יהוד, אַפילו די שמשים. דאָס איז אַלץ, דער גאַנצער שינוי.

שייך זאקאריה האָט אַפילו נישט באַוויזן אַ טראַכט טאָן, זיך אומ־קוקן, ווי ס'איז אים אָקעגן געקומען דער יִדישער מושל בכבודו, און וואָס פאַר אַן איבעררעשונג! דער שייך האָט אַ רגע ווי אויפגעלויכטן, דעם מושל איז אים קענטיק, ער קען זיך נאָר נישט דערמאָנען פון וועו און פון וואַנען, און וואָס איז די נפקא מינה? — אַז דער מושל בכבודו דערלאַנגט אים אָן שהיות אַ פעסטע האַנט מיט אַ זינגענדיקן „ברוך הבא יא שייך, וואָס טוסטו דאָ און וואָס איז דייַן באַגער יא אבא?"

אַזוי פּשוט אָן שאלות, אָן דריידלעך, אָן רעדערייַ פאַרבעט ער אים אין זייַן געַרוימען קאַבינעט, איז מכבד מיט אַ גוטן ציגאַרעט, באַשטעלט דורכן טעלעפאָן קאווע, און פרעגט קאָנקרעט:

— וואָס האָסטו אויפֿן הארצן, יא שייך?

— א סך, א סך יא מואלעם (געלערנטער), אָבער נישט צוליב דעם בין איך געקומען, מואלמי, כ׳בין געקומען ווי דער מוכטאר פון אונזער דערפל בעטן הילף (און דער מושל שמייכלט נישט צו דערמאָנען אפילו ברמז די בנים). אין זייער גאָט אריין די אינגליז מיט אלע כופרים, חרוב געמאַכט אונדזער היים. דער פרילינג שטייט אין דרויסן, די ערד מאָנט הענט, אקער און זריעה, מיר זענען פארבליבן א קנאפע טוץ פעלאכן, און ס׳איז נישטאָ נישט קיין איינציק קערנדל זריעה, נישט א בהמה, נישט אַן עוף, וואָס טוט מען יא מואלעם?

— כ׳ווייס נישט, יא שייך! זריעה קען מען געבן, אָבער בהמות האָבן מיר נישט, אפשר אויסבאָרגן ביי שכנים?

— ווו שכנים, ווען שכנים, אלע אויסגערויבערט, נישטאָ, צעלאָפן זיך, די אייזלען.

דערוויילע האָט מען דערלאַנגט דעם שמעקעדיקן זיסן קאַווע. שייך זאקאריה האָט געבענטשט, און מחמת אָפּשיי, געזופּט אויפן קול, צווישן איין זופּ און צווייטן דערציילט און דערציילט, ביז דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען, דער מושל האָט עפּעס גערעדט אין העברעיִש לשון, און נאָך דעם געזאָגט:

— יא שייך! כ׳וועל שיקן צו אייך אין דאָרף א מענטשן. מירן זען. גיי דיר צוריק אין פרידן אהיים, מאר־סאלאמע, יא שייך.

א פּאָר טעג שפּעטער איז געקומען א פּקיד, שפּעטער א צווייטער. דער שייך מיט די שכנים האָבן זיך געפילט שלעכט. ס׳איז נישט געווען קיין קאַווע, נישט קיין עוף מכבד צו זיין די שליחים פון דער מאַכט ווי ס׳איז דער מנהג מקדמונים. א בושה פארן שייך, אזא טרוקענער קבלת־פּנים! אָבער די יהוד, וואָס האָבן פארשטאַנען דעם „ענין” האָבן אָן שהיות פארענדיקט מיט די פעלאַכן. אויפן שייכס חתימה און אחריות האָט מען באַשטימט א הלוואה צו קויפן צוויי מויל־אייזלען, געגעבן אַן אָרדער דאָ און דאָרטן צו קריגן זריעה, און אלץ אויפן שייכס וואָרט בתנאי, אז דאָס ביסל פעלאַכן זאָלן באַארבעטן בשותפות די פארוואָרלאָזטע פעלדער, וויפיל נאָר ס׳לאָזט זיך, אזויפיל און אזויפיל

חלקים לאָזן אויף זריעה פאַרן צווייטן פאַרזיי, און דאָס רעשט פאַרקויפן דעם אָפּנעמער פון דער מאַכט. אויב אַללאה וועט געבן אַ גערעטעניש וועט עס זײַן אַ גוטער סימן, מיט אַ גוטן אָנהייב. אָבער דערווײַלע, איידער וואָס ווען מעגן זיי די פעלאַכן אויפקלײַבן די צעבראָכענע צווײַגן פון די דערבײַיאיקע וועלדלעך, זיי מעגן קאַרטשעווען וואָרצלען פון אויס־געהאַקטעביימער און ברענען קוילן. זיי קריגן רשות צו געברויכן דעם דערבײַיאיקן לײדיקן „טון" (קאַלך־אויוון) און ברענען קאַלך, שטיינער פעלן נישט. ס'וועט אַרײַנפאַלן מזומן וועט מען זאָרגן פאַר אַן עוף, פאַר אַן אייזל וכדומה. „זאָל אײַך אַללאה געבן קראַפט און „מאַר סאַלאַמי". (בלײַבט אין פרידן).

די מענטשן האָבן זיך געשטאַרקט און גענומען זיך צו דער מלאכה. די זריעה איז געקומען צו דער צײַט, ס'זענען אויך „געוואָרן" אַ פּאָר בהמות. ביסלעכווײַז האָט צוריק גענומען אויפגיין אַ שטיקל לעבן אין דערפל. די אַרבעט האָט פאַרטריבן די פינצטערע מחשבות, דער ריח פון דער פון דאָסנײַ אויפגעריסענער ערד און דער גרינער איידל ציטריקער סאַמעט פון אויפגעגאַנגענער תבואה האָט דערמונטערט. דער שניט אין יענעם יאָר איז געווען אַ גוטער, די ערד, ווי זי וואָלט צוריקגעצאָלט פאַרן פאַרלוירענעם פאַראיאָרן, פאַרן אַרויסרײַסן די פאַראַזיטישע דער־נער און ווילדגראָזן, די קוילן מיטן קאַלך האָט מען פאַרקויפט פאַר גוטע פּרײַזן, ביז אַ ביטערע נאַכט, וואָס האָט ווידער אַלץ צעבראָכן ווי אַ צונויפגעקלעפּטע ליימענע קרוג.

יענע נאַכט איז אויסגעפאַלן סוף חודש, אַ פינצטערע, ווען די לבנה קלייבט זיך אַרויס פון הינטער די וואָלקנס ערשט פאַרטאָג אַן אומעט־טיקע אַ צעניזוקטע. יענע נאַכט האָבן זיך צעבילט די הינט, און בעת דער שייך איז קרעכצנדיק אַרויס אין דרויסן, האָט מען אים פאַרוואָרפן אַ זאַק איבערן קאָפּ, געבונדן הענט און פיס, געשלאָגן מכות רצח, גע־שאָלטן און געזידלט מיט ווערטער פונעם אַראַבישן לשון, וואָס טרעפן שווערער ווי שפּיזן... אַזוי האָט מען אויך געטאָן מיט נאָך אַ פּאָר פעל־לאַכן פון דערפל, בעת די איבעריקע איז געלונגען אַנטרינען אין די בערג און זיך צוריקקערן אין טויט־שרעק ערשט מיטיק־צײַט, כדי אָנצו־

קוקן דעם צווייטן חורבן פון די רעשטן פון זייער היים, יא אללאה!

איינעם פון זיי, דעם וויצלער און זינגער, דעם שטענדיק אויפגע־לייגטן מאכמוד („דער קרומער") האָט מען געשאָכטן ווי אַ שעפּס (אללאה זאָל זיך דערבאַרעמען אויף זײַן נשמה), ביידע פרידות האָט מען מיט אַן אײַזערנעם פרענט צעבראָכן די פּיס, די תבואה אויפן באַיאדער (שפּײַער) די געזיפּטע און געדראָשענע ווי די נישט געזיפּטע און נישט געדראָשענע — באַגאָסן מיט נאַפט, די בעבעכעס פון אַלע קופערטן אויסגערויבט, די פּאָר עופות אויפגעפרעסן אָדער דערשטיקט; די הינט, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן, אויפגעהאָנגען אויפן תות בוים בײַם שייכס שטוב, און ס'ביסל גרינצײַג צעטרעטן מיט רציחה — — —

צומאָרגנס פאַרנאַכט ווען עס זענען געקומען פּאָליציי מיט זעלנער האָט מען אין ביישטידל פון שייכס טיר געפונען מיט אַ מעסער צוגע־נאָגלט אַ פּאַפּיר, וווּ ס'איז געווען געשריבן אין עמאַרצותדיקן אַראַביש: „ככה, אַזוי און נישט אַנדערש וועט מען מאַכן מיט אַלע בוגדים פון די בני ערב אין פּאַלעסטין וואָס חנפענען און לעקן די יהוד"... און געחתמ־עט האָט נישט קיין אַנדערער ווי זאַקאַריהס צווייטער זון, וואָס איז בשעתו אַוועק מיט די שבאַט (יוגנט) מלחמה האַלטן, נישט צו וויסן וווּ און מיט וועמען... אַזאַ בושה!

זענען נאָך צוויי פּרילינגן פאַרלאָפן, שווערע, ביטערע. דער מושל איז בכבודו געקומען אין דאָרף טרייסטן דעם שייך און אָנבאָטן נייע הילף, אָבער אומזיסט. ס'איז שוין מער נישט געווען יענער זאַקאַריה דער יחסן, דער מוכטאַר און נכבד. פון שייך איז נאָר געבליבן דער גוף אַ חורבה. ווען נישט די אָדלער־נאָז, וואָלט איר אים בכלל נישט דערקענט. ביידע טיפע גליִאיקע אויגן זענען אויסגעלאָשן. ער האָט דעם מושלס רייד יאָ געהערט און נישט געהערט, ער האָט אָפּגעזאָגט צו חתמענען ס'מינדסטע פּאַפּיר, ער האָט פאַרזאָגט צו באַארבעטן זײַן פעלד. „מ'דאַרף מער נישט, גענוג!"

—אויב די פעלאַכן ווילן, זאָלן זיי ברענען קוילן, ברענען און לעשן קאַלך, אָדער זאָלן זיי גיין אַרבעטן אין שטאָט.

די ערד איז זיך נוקם, אויב מען אַקערט איר נישט, מען זייט זי

נישט. איז אַללאַהס צאָרן געפאַלן אויף יענעם מקום צוויי יאָר נאָכאַנאַנד. איין ווינטער איז גאָר געפאַלן אַ טיפער שניי ווי אין זינדיקן לאַנד פון די מאָסקאָב און פאַרפרוירן אַלץ, אַפילו די בלעטער פון די עצי זית און חרובים (באָקסער); דעם צווייטן ווינטער איז געווען אַ טריקעניש, נישט צו געדענקען אַזאַ בראָך, ביז די קוואַלן האָבן אויפגעהערט געבן וואַסער און פייגל זענען אַנטלאָפן פון דורשט. אַ טייל פעלאַכן זענען שטילערהייט אַוועק אין די נעכט נישט צו וויסן וווּהין און דאָס רעשט האָבן זיך ווײַטער געהאַלטן מיט ציין און נעגל אָן דאָרף, געברענט קוילן מיט קאַלך, געזייט פיצעלעך גרינס גערטנער און געהאָדעוועט עופות.

פקידים זענען געקומען איינער נאָכן צווייטן, געמאָנט און געפאָדערט צו אַקערן, זייען וויפל ס׳לאָזט זיך. דער שייך האָט געשוויגן, די פעלאַכן האָבן אויך געשוויגן, ביז ס׳זענען געקומען יונגע יהוד און אַ טייל פונעם פאַרוואָרלאָזטן לאַנד איבערגעדרייט מיט אַ „טראַכטור" (טראַקטאָר) און נאָך דעם פאַרזייט. דאָס לעצטע שטייט ביז היינט וויסט און ליידיק פאַרוואַקסן מיט קוצים ודרדר. דער שייך איז געבליבן בײַ זײַנס: „גענוג! ס׳איז אַלץ אויס, ס׳איז סוף וועלט, אויב זײַן אייגן בלוט, זײַן אייגענער זון, האָט אַזוינס געקאָנט טאָן, איז גענוג" — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פלאַמען פון די קוילן און קאַלך־שײַטערס האָבן זיך געריסן צום אויסבריליאַנטעוועטן געוועלב פון הימל. אַ שווערער טוי האָט זיך צעלייגט איבער די קעפּ פון כרמל.

ס׳האָט געשפּראָצט אויף טאָג, הענער האָבן געקרייט און הינט האָבן זיך דורכגעבילט מיט הונגעריקע שאַקאַלן, דער ים האָט געשמועסט מיטן ווײַסן ברעג. די מענטשן פון נאַכט־שיכט אַרום די פײַערן האָט צוגעוואָרפן דערנער מיט צווײַגן און שטומע באַטראַכט דעם שייך, וואָס האָט אויסגעשפּרייט די אַבאַיע (קאַפּ־טוך), אויפן פײַכטן באָדן ארומגעוואַשן די הענט, די פיס און דעם פנים, און געפאַלן כורעים צו דער תפילה פון שחרית.

— זיפּט אַל דיניאַ זיפט, — האָט איינער ווי נאָכגעקרעכצט אויפן קול דעם שייך — אַזאַ שיינע און פאַסקודנע וועלט...

# אַ באָמבע אין 1941

גערוידמעט די געצײלטע פון דער האַ־
קונקרעטציקער מדינה, וואָס האָבן זײער
צלם אלוהים נישט פאַרלוירן.

.1

ס'איז געווען נאַכט איבער דעם טעווטאָנישן דײַטשן לאַנד, נאַכט
פונעם מלחמה־יאָר 1941. שטיל האָבן געפלאָסן די וואַסערן פון רהײַן,
און זײערע כוואַליעס האָבן געוויקלט די בלוטיקסטע דערציילונגען פון
אַלטע און נײַע צײַטן.

נישט ווײַט פון טײַך איז מאַסקירט געלעגן אַ גרויסע אַמוניציע־
פאַבריק. זי איז געווען אײַנגעהילט אין חושך. די ערד אַרום האָט געציי־
טערט, די גרויסע טורבינעס מיט די דיזעל־מאָטאָרן האָבן געברומט אַ
דײַטשן ניגון פון שטאָל און טויט. וואָלקנס רויך האָבן זיך געקײַקלט
נידעריק איבער די בנינים. דער רויך האָט זיך אויסגעמישט מיטן נאַכ־
טישן נעפּל און ווײַסן דאַמף, וואָס האָט ריטמיש געשלאָגן פון רערן
צעלייגטע האַרט בײַ דער טעווטאָנען־ערד און אין די בנינים האָבן הונ־
דערטער מענער און פרויען אויסגעפּאַרטיקט כלערליי כלי־משחית.

אינגאַנצן אונטער דער ערד זענען געלעגן אויסגעבויט גרויסע האַלעס,
וווּ ס'האָבן גערוישט און געראַדערט דרײַבענק און וואַרשטאַטן. ווי אַנ־
קופיקע שלאַנגען האָבן זיך דאָרטן געצויגן און געפּלאָנטערט קליין־באַן
רעלסן מיט וואַגאָנעטעס פול געלאָדענע, די וואַגאָנעטעס זענען געלאָפן

הין און צוריק, באַגלייט פון קאָלירטע, העלע און רויטע בליצן; עס האָבן אין זיי געסקריפּעט, געוויינט און געיאָמערט די פאַרניכטונגס־משאות, די לאַסטן פון וועלט־חורבן: גראַנאַטן, שראַפּנעלן, מינעס, באָמבעס מיט קוילן פון יעדער גרייס: לאַנגע, שפּיציקע, קורצע און דיק־לעכע, קוילן, קוילן אָן אַ צאָל.

ערגעץ אין אַ ווינקל פון אַזאַ אונטערערדישער האַלע איז אויף קייטן געהאָנגען אין דער לופט אַ שווערע מינע, אַזאַ לאַנגלעכע מעטאַ־לענע נבלה פון אָנצאָליקע טיילן און טיילעכלעך, רעדלעך, גווינטן, שרויפן מיט ניטן, דראָטן מיט דרעטלעך, געקניפּט, געפלאָכטן און גע־פּלאָנטערט — אַלץ צוגעשפּיצט, צוגעפּירט צו אַ פּאָר פּײַנע גלעזערנע פלעשלעך אינעם סאַמע הארץ פון דעם מחבל — אַזאַ גוף איבערגעלאָדן מיט שטיק שטיקער שאַרף געשניצטע, געבראָכענע און געציינערטע אײַזנס און שטאָל שפּליטערס ווי קערנער אין אַ מילגרוים, להבדיל.

צוויי אַרבעטער האָבן זיך געפּאָרעט אַרום דער מינע, צוגעשרויפט צוגעפּײַלט זי, צוגעפּוצט, געהאַמערט און געצאַצקעט. שטיל האָבן זיי געטאָן די מלאכה, נישט צו קוקן איינער אויפן צווייטן — פאַרטיפטע, מיט פאַרקנייטשטע שטערנס. זיי האָבן אַרויסגעענדיקט „דאָס שטיק", אַרבעטנדיק ווי אויטאָמאַטן, וואָרעם אַ דיסציפּלין, אַ נישט געזעענע אימה האָט געהערשט דאָ אונטער דער ערד, און אָנטרײַבער זענען דאָ אַרומגעגאַנגען מיט שפּיציקע אויגן, אַזעלכע מיט וואָנצעלעך, מונדירטע, אין הויכע שטיוואַליעס.

נאָר איינס איז דעם עולם אָנגעגאַנגען: די צײַט, די צײַט. דאָס איז געלעגן אַ יעדערן אינעם בלוט, אין אַלע געוועבן און פּאָרן; די צײַט האָט געאַרבעט אָן אַ זײַט פון שכל, געאַרבעט ריטמיש ווי אַ זייגער, ווי ס'וואָלט אויסגעקלאַפּט: טיק־טאַק, טיק־טאַק, ווי דערלעבט מען דעם פײַף פון דער צוועלפטער שעה, דעם וויינענדיקן, דערלייזנדיקן פײַף, ווען מען קען אַראָפּוואַרפן די פאַרפעצטע פאַרטעכער און קאָמבינאַזאַ־נען, צוגיין צום קראַן אָפּוואַשן די הענט מיטן פּנים, אוועק פון דער האַלע און צוריק אַרויף אויף דער ערד אָנצוקוקן דעם הימל, זיך אָנ־

טרינקען מיט פרישע לופט, און שפּרייזן אהיים, כאָטש ס'איז אין איר איצט נישט אַזוי געמיטלעך, ס'איז אָבער די היים...

געקומען דער דערלייזנדיקער פּייף, ס'האָבן זיך אויפגעכאַפּט ביידע אַרבעטער פון זייער ראָבאָטישער לעטאַרגיע, אַוועקגעלייגט ס'געציַיג אויף אַן אָרט, פּינקטלעך אויסגערייניקט אַ יעדע כלי, אויסגעגלייכט די ביינער, צוריק אַנגעצונדן מענטשלעך ליכט אין די אויגן, און אַרויף אויף דער אויבערפלאַך, אויף דער ערד.

— גוטען טאָג, ווילי.

— גוטען טאָג, אַלבערט.

.2

ס'איז גוט געווען אין דער היים, אין דער אייגענער היים: דער טיש איז געדעקט, ס'מאָלציַיט גרייט, מוטער און וויַיב פּאַדען אַרום און דערציילן אַלץ פון דער גאַס, פון קראָם, פון יקרות, פון שפּייז־קאַרטן, פון שכנים און פּאָליטיק, פון בריוו פון פריַינט מיט פאָטאָגראַפיעס פון זעלנער, פון פּאַקעטן רויב און גזילה. שטיל פליסן וויַיבערשע רייד ווי די וואַסערן אין רהיין. זיצט מען ברייטלעך און מען פאַרנעמט די דיבור־רים באהבה מיט געמאַכטער גרינגשעצונג. צום וויַיבס פליסטערן פּיפּקעט מען צו די ביטערע ליולקע מיטן פאַרצעלייענעם דעקל און פאַסקודנעם טאַבאַק.

„פאַרפלוכטער מיסט, און נישט קיין טאַבאַק". מען באַמיט זיך אַרויסנעמען די געדאַנקען פונעם פאַרשלאָסענעם קאָפּ שיידל, פאַרפעדימען פאַסירונגען פון נעכטן און היַינט, אַלא דער אַפּעטיטלעכער ריח שלאָגט פון דער זופּ, פון דער וואַזע. עס ווילט זיך אַלץ צוריק פאַרנעפּלען ביז פאַרגעסן דעם דרויסן, די פאַבריק, אַלץ מיט אַלעמען, ביז:

ס'פּראַלט זיך אויף די טיר און צוויי דערוואַקסענע יונגלעך פאַלן אַריַין מיט רעש, מיט חוצפּהדיקן גרוס ווי אַ מעסער־שניט: „הייל, הייל"!

ווי די זון וואָלט פּלוצלינג פינצטער געוואָרן פון אַ ליקוי חמה, ווערט שווער און חושך אין שטוב. ס'איז דער עיפּוש פון גאַס. ס'פאַר־

## אַ באָמבע

קלאַפּט זיך צוריק דער קאָפּ; פאַרשלאָסן דאָס, וואָס ס'האָט זיך מיט אַ ווײַלע צוריק אויפגעמאַכט, אָפּגעריסן וואָס האָט זיך פאַרבונדן. ס'גלאָצן אין דער נשמה אַרײַן צוויי פאַרפעצטע חזירשע אייגעלעך פון אַן העל־פאַנטישער פיגור מיט אַ בעגעמאָטישער ברוסט באַדעקט מיט מעדאַלן — דאָס איז פון איין וואַנט אַראָפּ, און אַ פּאָר ווילד־צעשראָקענע חיהשע קוקערס פון אַ שוואַרץ־לעקלדיקן וואָנצעדיקן פּרצוף גלאָצן פון אַ צוויי־טער וואַנט. ס'מישט זיך אַלץ צונויף מיט עפּעס נישט געזעענס, ביז דער עפּצימער מיטן ווײַב, מיט די ייִנגלעך מיט אַלץ צוזאַמען נעמט שנײַדן, דרינגט אַרײַן טיף אין לײַב, רײַסט „הייל־הייל", בײַסט און בילט: „הייל־הייל". דער הונגער פאַרשווינדט און די היים ווערט אויס היים, זי ווערט אַ טייל פון דער גאַס און פון דער אונטערערדישער האַלע, ווו ס'הענגט די מעטאַלענע נבלה אויף קייטן.

יעדער ביסן שטעלט זיך קאַפּויער. פרעמד, קאַלט פרעמד איז אַרום, און דאָס חזיר־פּרצוף מיט די ווילדע קוקערס פון די פּאָרטרעטן אויף די ווענט עגבערן נצחונדיק און איבער די טעלער אויפן טיש, איבערן קאָפּ נעמט זיך וויגן די שווערע מינע אויף די קייטן, אָט דאָ אין דער היים...

בעת אַזאַ מיטיק איז געענדיקט און אין וואַשבעקן פון קיך קלינגט ס'געפּעס צוזאַמען מיט דער שטים פון ווײַב, זיצט ער, דער אַרבעטער, און פּיפּקעט ווײַטער די ביטערע ליולקע. די זין זענען אַוועק מיט רעש, ווי זיי זענען געקומען: „הייל, הייל"... ווידער ווערט שטיל, ווידער ווערט דאָ היים ווי אַמאָל, די היים פון אַלבערט יאַאַכים דער מעטאַליסט, וואָס איז געווען אַ סאָציאַליסט, זיך געגערט מיט קאַרל אָסעצקים מאמרים, געווען אַקטיוו אין באַטריבס־ראַט, געווען אַ תושב אין קלובן און אַ מיט־גייער אויף דעמאָנסטראַציעס, אַ פײַערדיקער חסיד פון זײַן „פּאַריין"... אַלבערט יאַאַכים דרעמלט אײַן און דערפילט אַ דערקוויקנדיק ווינטל: ער פאַרנעמט ס'פלאַטערן פון אַ וואַלד רויטע פענער, פענער אָן דעם סימן פון שאַנד ווי איצט, אמתע רויטע פענער, אויסגעהאַפּטענע מיט אותיות פון פײַער און גאָלד: „פּראָלעטאַריער פון אַלע, אַלע" אַא"וו אַא"וו. ער

דערפילט זיי די פענער, זייער רויטע קאָליר איז זיין בלוט, זייער וויינט
גלעט און טרייסט זיין אויסגעפּראַצעוועטן געקאַרבטן פּנים.

„ווּ זענען זיי יענע פענער מיט די שטאַנדאַרטן, מיט יענע צייטן",
שטאַמלט ער פון דרימל צו זיך אַליין, ווּ?

וויינט עפּעס ביי אַלבערט יאָאַכים אין די פאַרבאָרגענע פאַרקלאַפּטע
חדרי חדרים פון דער געקוועלטער נשמה; עס וויינט, וועקט און רייסט
ביז אַלץ ווערט מטושטש, די מידקייט איז גובר, עס ברענגט דעם דער־
לייזנדיקן שלאָף... אַלבערט יאָאַכים זיצט ווידער אין „פאַריין", ער
שפּאַצירט מיט אַ סך טויזנטער אַנדערע, פראַנק און פריי שפּאַנט ער
איבער די גאַסן פון שטאָט, און די רויטע פענער רייסן זיך הויך, הע־
כער פון די פאַבריק־קוימענס, אָט אַזוי, ווי ס'קאָן נאָר איצט, אין 1941,
געמאָלט זיין אין אַ חלום...

.3

פאַרטאָג אין דער פינצטער יאָמערן ווי תמיד די סירענעס פון פאַב־
ריק. דאָס יאָמערן דרינגט דורך דעם אויר, דער יאָמער דרינגט אריין אין
מאַרך פון די ביינער: ער טרעפט די מחנות אַרבעטער, וואָס גייען אַהיים
טויט־מידע פון דער נאַכט־שיכט, פּונקט ווי די האַלב־פאַרשלאָפענע,
וואָס גייען פון די געלעגערס צום טאָג־שיכט.

פאַרטאָג, די לופט איז פייכט און פריש, דער קוימען־רויך הענגט
פאַרחלשט אין גרויען אַרום, קראָען קראַקען זייער פרימאָרגן געבעט, די
וואַסערן פון רהיין פליסן און קייקלען זיך. אַלבערט שלעפּט זיינע אַכט־
און־פערציק יאָר אין דער פאַבריק אריין אַזוי היינט, ווי נעכטן, ווי פאַ־
ראַיאָרן.

אַלבערט יאָאַכים שטעלט זיך אויך היינט מיט זיין געהילף ביי דער
אייזערנער נבלה, וואָס הענגט אויף קייטן. ביידע שרויפן אָפּ און שרויפן
צו, פאַדען און דרייען זיך אַרום דעם ווי ס'דרייען זיך די רעדער אין
דעם־אָ גרויסן חלל, ווּ מען אונטערשיידט נאָר ס'פּאַטשן פון די טראַנס־
מיסיעס: פּאַטש־פּאַטש־פּאַטש... ס'איז עפּעס קאַליע געוואָרן ביי אַלבערטן

אין מוח. עפּעס צעריסן. שטיקלעך זיכרונות פּלאָנטערן זיך אים. חלומות קומען ביינאַכט, פּייניקלעכע חלומות, עפּעס מאָנט ביי אים זיין בלוט. וואָס? די טראַנסמיסיעס פּאַטשן, די מאַשינען ברומען.

ס'ווערט עקלדיק, בעת „יענע צייטן" טויכן אויף, און בילדער בליצן דורך דורכן נעפּל, בילדער אָפּגעריסענע, צעשטיקלטע עפּיזאָדן. אַלץ איז איצט אַזוי ווייט און מטושטש, ווי ניט יאָרן זענען צום ציילן פון יענעם שוואַרצן ווינטער 1933, נאָר מי יודע וויפל דורות צוריק, בעת אַלץ איז אַראָפּגעזונקען אין תהום, ווען דאָס הייליקסטע איז באַשפּיגן, געשענדט געוואָרן, די צונג אין מויל געליימט.

אַזוי איז ביי אַלבערט יאַאַכים דעם מעטאַליסט, אַ זון פון דורות מעטאַליסטן, אָפּגענומען געוואָרן די טעמפּע רויִקייט, וואָס האָט פריִער אים געליימט די מחשבות, נאָך דעם אים געהאַלטן אין הינער־פּלעט. אַכט יאָר צייט אַזוי, ס'האָט זיך ביי אים מיט אַמאָל אויפגעוועקט אַ שרעקלעכער און גלייכצייטיק דערפרייענדיקער געפיל. ס'האָט אַזוי פּאַסירט מיט אים און אויך מיט אַנדערע פּונקט ווי ער. אַ יעדער האָט עס געהאַלטן באַגראָבן טיף אין זיך. ס'איז געווען אַ געפּיל פון ציטער און שרעק, וואָס האָט אָנגעקוואָלן צוזאַמען מיט נישט פּאַרשטאַנענער פרייד און האָפענונג, כאָטש זי איז געוואַקסן אויפן דרויסן פון דער מלחמה, פון דער מאָוימדיקער מלחמה, וועלכע אַלבערט יאַאַכים האָט אַריבערגעטראָגן אויף זיינע פּלייצעס שוין מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק.

אַז מחשבות האָבן זיך געפּלאָנטערט, האָבן זיך אויך די הענט גע־נומען פּלאָנטערן. ס'איז צעשטערט געוואָרן דער ביז איצטיקער אינער־לעכער גלייכגעוויכט. ס'גאַנצע לייב און לעבן, וואָס איז ביז איצט ווי אַטראָפירט געוואָרן אין רעזיגנאַציע, האָט זיך אַ ריר־געטאָן, גענומען אָנקוועלן מיט פּאַרבאָרגענעם ווילן צו „עפּעס", עפּעס טאָן צו להכעיס, ועמען? נישט וויכטיק אין דער רגע, דער עיקר עפּעס טאָן צו להכעיס, ביידע אויסגעפּראַצעוועטע הענט אַלבערטס האָבן זיך אין איינעם אַ טאָג אַליין, ווי אויטאָמאַטיש זיך צוגערירט צום סאַמע אינגעווייד פון דער אייזערנער נבלה, ווי מיט אַ לאַנצעט ביי אַ כירורג, באַוועגט די

מגושמדיקע הענט, מיט די שטאַרקע נעגל דאָרטן קצביש אַ פּלאָנטער געטאָן, אַ צוועגגל האָט איבערגעביסן אַ דרעטל, אַ שרײַפּל האָט אויפגע־פּיקט אַ גלעזל, אַ שרויפנציער האָט אָפּגעבערעקלט אַ צײנדל, אין פּיבער עם געטאָן. אין געציילטע סעקונדן. זײַן באַהעלפער איז לכתחילה מבולבל געוואָרן, שיער נישט אַ געשריי געטאָן פון איבערראַשונג און פּחד, אלא דאָ האָט ווידער פּאַסירט עפּעס אומפאַרשטענדלעכעס. זײַנע אויגן האָבן זיך געטראָפן מיט די אויגן פון אַלבערטן. בליקן האָט זיך אַרײַנגעצויגן אין בליקן, ווי זיי וואָלטן זיך דועלירט, ווי אַ בשותּפות־דיקער עלעקטרישער שטראָם וואָלט דורך פון האַרץ צו האַרץ, פון מוח צו מוח. ווײַטער איז שוין אַלץ געגאַנגען פלינק און שטום. די אומגע־הייערע נבלה פאַרקלאַפּט, פאַרניטעוועט, פאַרשרויפט ווו מען דאַרף, ווי אינעם געגעבענעם אויגנפּינטל צײַט וואָלטן דאָ נישט נתגלה געוואָרן צוויי דערהויבענע מעטאַליסטן פון יענעם, יענעם זיבעטן נאָוועמבער נײַנצן הונדערט אַכצן, וואָס האָבן דורכגעבראָכן דעם פאַנצער פון אַפּאַטיע און דורות עבדות. אַ ניצוץ פון דעמאָלט האָט איצט ווי אַ מע־טעאָר אויפגעפלאַמט אין חושך און צוריק זיך פאַרגאַנגען טיף אין די חדרי חדרים פון ברענענדיקן האַס און שווײַגן.

ביידע האָבן מיט די אַרבל אָפּגעווישט דעם שוויים פון די שטערנס און זיי זענען אַוועק ברענגען אַ וואַגאָנעטקע.

○

ווײַט, גאָר ווײַט פונעם רהיין ליגט דאָס לאַנד פון ישראל, און אין לאַנד פון ישראל — אַ קליין טײַכל. זעלטן ווו איז עם אַפילו אויף אַ מאָפּע צו זען.

שטראָמיק איז ס׳טײַכל בסך הכל צוויי חדשים אין יאָר — בעת די גרויסע רעגנס אין טבת און שבט, די איבעריקע צען חדשים ליגט עם פאַרהלשט ווי אַ קליינשטעטלדיקע ריטשקע ווו חזירים קוויקן זיך אין תענוגים. היות דאָרטן זענען קיין חזירים נישטאָ, נוצן אוים די וואַסערן פונעם טײַכל די זשאַבעס, קראַנקע הינט, שאַקאַלן, מאָסקיטן, שלאַנגען און דזשאַמוסן. פון איין זײַט טײַכל שפּרייטן זיך די גרינע מרחקים מיט

# אַ באָמבע

צעשפּרייטע לולבים־ביימער פון טאָל זבולון, פון דער צווייטער זײַט —
דאַנעם פון פײַנסטן ווײַסן זאַמד, מיט וואָס דער ווינט שפּילט זיך —
ווער ווייסט וויפל טויזנטער יאָרן — אין איבערשיטן און איבערזיפּן
ס׳ווײַסקייט: שיט און זיפּ, זיפּן און שיטן, גלײַך דער ווינט וואָלט דאָ
אין מדבר מי־יודע וואָס פאַר אַ פּערל געזוכט.

האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז אויף די דאָזיקע זאַמדן האָבן ייִדישע
בחורים מיט מיידלעך אויפגעשלאָגן אַ לאַגער, פריער אַ פּאָר ווײַסע
ביידלעך, שפּעטער באַראַקן, ביז מען האָט גענומען גראָבן און גיסן פונ־
דאַמענטן פאַר הײַזער. יונגוואַרג האָט זיך פאַרמאָסטן אומצוענדערן
„מעשי בראשית״, ביז זי האָט אירס אויסגעפירט, און ס׳איז אויפגעקו־
מען אַ לעבן אויף די טויטע דאַנעם. ס׳איז גרין געוואָרן דער שטח. יע־
דעם גרעזעלע איז אָנגעטרונקען געוואָרן מיטן פּערלדיקסטן שוויים פון
בחורים מיט מיידלעך. ס׳האָבן זיך באַוויזן שפּראָצן, נאָך דעם פלאַנצן.
ס׳זענען אָנגעקומען קינדער, ס׳איז אויסגעוואַקסן אַ ייִדיש דערפל. אַזוי
ווי די געגנט גרענעצט זיך מיטן ים־ברעג, האָבן זיך די מענטשן אַרײַנ־
גענומען אין קאָפּ אַ מעשה מיט אַ ציל פון „דעראָבערן דעם ים״ —
כיבוש הים; חלילה נישט מיט דרעגאַוטן און סובמאַרינען צו פאַרנע־
מען, אלא מיט פּשוטע פּעדים־נעצן... און ס׳איז נישט געווען פון וועמעי
צו „דעראָבערן״ — ס׳איז געשטאַנען ווייסט. דער חידוש פון דער
המצאה איז געווען אַרײַנצופירן אַ נײַע ברכה אין ייִדישן תפילה־טעקסט:
„המוציא לחם מן הים״, מחמת מען האָט ביז דעמאָלט געוווּסט נאָר פון
„המוציא לחם מן הארץ״...

אין ווײַטן טעווטאָנען לאַנד פליסט דער רהיין מיט זײַנע שטראָמען,
דאָרטן ציטערט די ערד אונטערן רויש פון דער טויט־פאַבריק, ווו אַל־
בערט מיט ווילין שרויפן צו דעם לעצטן גווינט צו אַ מינע, בעת
דאָ בײַם טײַכל אין לאַנד פון ישראל, פליסט דער ביטערסטער שוויים בײַ
ייִדישע בחורים מיט מיידלעך, וואָס באַפּרוכפּערן זאַמד מיט די שענסטע
ייִנגסטע טעג פון זייער לעבן. דאָרטן פירן באַנען מיט שיפן באָמבעס,
מינעס, גראַנאַטן און שראַפּנעלן; דאָ שלעפּט אַן אייזעלע צוויי זעקלעך
וווּנדערבאַרע ציבעלעס, מערעלעך מיט בוריקעס...

דאָרטן לײַכט די לבנה אין די נעכט פון תמוז, דאָ, אין לאַנד פון ישראל אויך. אין איינער אַזאַ ליכטיקער נאַכט, ווען דער טאָל פון זבולון האָט אויסגעזען ווי דער שענסטער, פון קיינעם נאָך נישט געמאָלענער לײַוונט, זענען זיי געקומען, די מלאכי חבלה פון די רהיין־ברעגעס צו דעם טײַכל אין זבולון, געקומען אָנצופליען אויף מעטאַלענע פליגל און באַלאָדן מיט די שענסטע מתנות פון דער טעווטאָניש ־ האָקנקרעציקער קולטור — דאָס בעסטע ממש וואָס דער טויט קען פּראָדוצירן. זיי האָבן געבראַכט דאָס ברומען פון מאָטאָרן, פײַערדיקע שלאַנגען און סטענגעס פּאָר מאַשין־געווער, גראַנאַטן, שראַפּנעלן, צינד און אויפרײַס־באָמבעס, ועל כולם עפּעס אַזוינס, וואָס קען בין רגע חרוב מאַכן אַלץ, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן במשך דורות, אַ פּשיטא, אַזעלכע „פעסטונגען" און „מיליטערישע אָביעקטן" ווי די ביידלעך פון די פּאָר צענדליק ייִדישע בחורים און מיידלעך, עלטערן מיט קינדער, וואָס פלאַנצן בײַטאָג גרינ־צײַג, כאַפּן פיש און חלומען בײַנאַכט בײַם טײַכל פון טאָל זבולון וואָס איז שווער צו געפינען אויף אַ לאַנד־קאַרטע...

יענעם אָוונט האָט יונגוואַרג אויסגעזונגען אַלע לידער, וואָס גע־קענט און נישט געקענט. דער ים האָט געברומט און די באַשעפעניש פונעם טײַכל האָבן אַקאָמפּאַנירט ביז, ביז אַרום האָט גענומען קראַכן און זעצן, ביז ים, באַרג און טאָל אונטן און הימל אויבן האָבן זיך צע־דונערט און צעצונדן אין אַ פײַער פון אָנגעגליטן שטאָל און אײַזן. ס'האָט זיך צעשפּילט אַ גהינום מוזיק פון כלערליי קולות. די גרעסטע פּאַשאָ־טעווטאָנישע מוזיק פון דער נײַסטער צײַט.

דאָס האָבן שדים זיך אַזוי פאַרווײַלט איבער די קעפּ פון שטילע שטעטלעך און דערפער. דאָס איז געווען אַ שמחה פון בלוטדורשטיקע פּראַים, וואָס האָבן זייער פריידיקע טויט נאַכט אין טאָל זבולון פאַר־ענדיקט מיטן אַראָפּשלײַדערן די גרויסע מינע איבער די קעפּ פון אַ שלווהדיקן ישוב, כדי דערנאָך דאָס צו באַשרײַבן אין זייער שמוציקן כתב ווי אַ „גרויסן נצחון" — אַזאַ צוגאָב צום דײַטשן פרישטיק פון מענטשן־פלייש און מאַרך, געפּרייעט אין גיפט, בלוט און גאַל פאַר זיי־ערע טעווטאָנישע קינדער און קינדס קינדער — — — די מינע איז

## אַ באָמבע

אַראָפּגעפאַלן מיט איר שאַרפן שפּיץ אין ווײַסן זאַמד, אַראָפּגעפאַלן און געבליבן זיצן שטום, אַ באַליידיקטע נישט צו צעשפּרייטן זיך. טויט איז זי געווען, די מינע, געליימט, ווי ס׳איז גראָד געליימט געווען דער באַ־וווּסטזיין בײַ אַלבערט יאָאַכים, און ווילי די מעטאַליסטן פון בײַ די רהיין־ברעגעס.

ווער ווייסט וויפל ישובים ס׳דאַרפן נאָך דאַנקען און באַזינגען זייערע אויסגעפּראַצעוועטע אײַזערנע הענט, פון וואַנען זיי האָבן באַוויזן ראַטעווען לפּחות דעם קליינעם ייִדישן ישוב פון טאָל זבולון.

# „בדמיך חיי"

די רעגנס זענען געהאנגען אין דער לופט, די ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן פון ים זענען געוואָרן שאַרפער און דאָ ליגט נאָך אַ גרויסער קוואַדראַט קרקע נישט פאַראַקערט, נישט צוגעגרייט צו דער ווינטער־זריעה, ווי עס איז די התחייבות פון דער קבוצה. דער שטח איז געלעגן האַרט בײַם אומרויִקן גרענעץ־פּאַס אין צפון ־ מערבדיקן נגב, און די קבוצה אַ פּאָר קילאָמעטער טיפער, מזרחדיקער.

די קבוצה איז אַ יונגע, נישט לאַנג אַרויף אויפן באָדן, נישט אײַנ־געפונדעוועט כדבעי. די באַראַקן זענען, אמת, שוין אָפּגעשאָסענע פון דער זון און ווינט און זעען אויס מי יודע ווי אַלט, אַלא די יונגיטשקע פלאַנצן פון ביימעלעך צוגעפּעסטיקטע צו שטעקנס מיט לולב־פעדים זאָגן דאָס פאַרקערטע. די נאַקעטקייט פון דער געגנט ווײַנט נאָך וואַסער און די ווײַסע צעוואָרפענע זאַלץ־טישטעכער, וואָס פרעסן ס'חיות פון דער ערד לאָזן נישט רוען די יונגע קיבוצניקעס, איבערגעלאָדענע מיט שטי־לער קנאה צו די בוימער און גרינע טעפּיכער פון דער נאָענט, הונגעריקע נאָך פייגל־שירה, וואָס איז דאָ אויך נישט צו הערן. ווו זאָלן דאָ פייגל בויען נעסטן אַז ס'איז נישטאָ אַ פיצל בוים אָדער קזשאַק, קיין פיצל גרינס אין אָפענעם פעלד, קיין טראָפּן וואַסער? קיין קערעלע נישט צו שטילן דעם הונגער, אפילו נישט אַ פליג. די עטלעכע פאָרלעך טויבן, וואָס זע־נען שוין יאָ פאַראַנען זענען קנאַפּע זינגערס. זייער וואָרקען אונטער די קאַרניזן, ווי ס'קרייען פון די הענער פאַרטאָג, אָדער דאָס מועקן פון די עטלעכע קי, וועפּן אוים, נישט צו זען די אַטמאָספער פון היימישקייט.

האָט גדעון געזאָגט אויף דער לעצטער אסיפה:

— חברה! דערווײַלע האָט יעדער זײַן היים, און זײַן אייגן אָדער בשותפותדיק צימערל — דאָס איז נישט דער עיקר. אַזאַ היים האָט יע־דערער ווי ער זאָל נישט זײַן, מיר דאַרפן דאָ שאַפן, אויסבויען די קאָ־לעקטיווע היים, וואָס זאָל זײַן אייגן אַלעמען, מחוץ זײַן צימערל און צריף, מיר דאַרפן דערפילן אונדזער אינטימע היים אינעם גאַנצן שטח: אין חצר, אין די גערטנער, אין די פעלדער, אין דער רחבות, וואָס דאַרף אונדז ווערן אייגן און טײַער ביז ווייטיק, ווי דאָס קעסטל בגדים און וועש, ווי דער ריח פון טאַטע־מאַמע וואָס דופטעט אַרויס פון דער שבתדיקער העמד...

— נישט געאײַלט זיך — האָט אים איבערגעהאַקט חווהלע, — אַז מיר וועלן האָבן אונדזער קינדער־היים אין חצר וועט אַזוי זײַן... זי האָט עס אַ זאָג געטאָן נישט צו וועלן רעדן, נישט צו טראַכטן אַפילו.

אירע רייד האָבן זיך אַרויסגעריסן ממעקים. חווהלע איז געוואָרן שטיל און רויט, עפּעס האָט זיך אַ וויג געטאָן אין דער לופט, עס האָט יעדן אַ ברי־געטאָן אין דער טיף — אין אָט דעם צריף אויף דער אַלגע־מיינער פאַרזאַמלונג, בײַ די נאַקעטע טישן אין טונקעלן ליכט פון פאַר־רויכערטן ווינט־לאָמפּ, וואָס האָט זיך געוויגט און געשפּילט מיט שאָטנס. חברה האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און אַ נישט־געזעענע חדווה האָט אַרויסגעפינקלט פון די מערסטע אויגן: „אַן אייגענע קינדער־היים"...

— חברה, אָן פּאָעזיע! — האָט בקול אַ זאָג אַרײַן געטאָן דער לאַנ־גער אייבי, וואָס האָט זיך פאַרקליבן דאָ אין נגב, אַזש פון די בראָנקס ממדינת ניו יאָרק. — חברה, מיר מוזן פריִער „פלאַפן" (אַקערן) דעם גרויסן סקווער פיעלד בײַם באָרדער (גרענעץ), יעס, די „ריינס", די רעגנס הענגען אין דער לופט, יעס חברה...

— ווו נעמט מען אַ טראַקטאָר מיסטער טרומאַן? — האָט אים אימיצער איבערגעשלאָגן.

— מיר קענען „פלאַפן" בײַנאַכט.

— אָבער, אייבעלע, ווו איז דער טראַקטאָר צום „פלאַפן" בײַנאַכט?

ל. חיין (שמעוני)

# ס

נאָך לאַנגע נסיעות האָט דער גזבר גדעון געבראַכט די בשורה, אַז „די צענטראַלע מזכירות פון קיבוץ שיקט דאָ אריבער די נאָענטסטע טעג אַ גרויסן טראַקטאָר מיט אַ פּיל מעסעדיקן אַקער, און צוזאַמען מיט דעם אַ מומחה אַ טראַקטאָריסט סוג „א״. אַקערן וועט מען אין שיכטן אַ רונדן מעת־לעת, כדי באַוויַיזן איבעראַקערן דעם באָדן וואָס גיכער און אי־בערשיקן דעם טראַקטאָר אין אַ צווייטן משק. (ווירטשאַפט) וואָס נייטיקט זיך אין דער כלי נישט ווייניקער ווי מיר.

האָט זיך ביַי אַלעמען ווי אַ שווערער שטיין אַראָפּגעקייקלט פון האַרץ; ס׳איז געוואָרן ליַיכט, אַלא דער לאַנגער אייבי האָט זיך דערפילט ווי געטראָפן: ער איז דאָ לעת־עתה דער איינציקער מעכאַניקער, דער טראַקטאָריסט, דער יחסן, מיטאַמאָל ברענגט מען אַ צווייטן פון דרויסן.

— וואָט איז דע מעטער? — האָט ער ביַינאַכט געטענהט צו דער שלעפעריקער רינה, זיַין יונג וויַיב, וואָס איז געלעגן נעבן אים און מיט ציטער געוואַרט אויפן „דריי״ אין הויכן בויך, פון דעם קינד וואָס דאַרף בקרוב געבוירן ווערן: זייער בכור, און דער בכור פון קבוצה.

— צו וואָס אַ סטרענדזשער (פרעמדער) אין אונדזער משק, בעת אי עם אייבל טו דו איט ביי מיַיסעלף (בעת איך קען עס באַוויַיזן אַליין), כ׳קען עם מאַכן מיט דער הילף פון צביקען און „סעניאָר כאָסע״, דעם נייעם חבר פון ראַזאַריאָ, וואָס טריַיבט גאַנץ געניט אַ טראַקטאָר.

— באַרויִק זיך אייבי — האָט אים רינה געגלעט — באַרויִק זיך, כ׳לעבן, לייג צו דיַין האַנט אָט־אָ־דאָ־אָ, וועסטו דערפילן דיַין קינד, אָט־אָ־דאָ־אָ...

האָט זיך טאַקע דער רוגז אָפּגעטאָן פון אים און אַ ברייטער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אויף זיַין פּנים: „דאַרלינג״! אייבי האָט געכאַפּט רינהס הענט, זיי געדריקט צו זיַין פּנים קושנדיק יעדן פינגער באַזונדער — „דאַרלינג!״ ער האָט זיַין מידן קאָפּ צוגעטוליעט צו רינהס ברוסט און אַזוי איַינגעשלאָפן מיט אַ שמייכל.

אייבי איז געשלאָפן אַ שטאַרקן געזונטן שלאָף פון אַ 23 יאָריקן מידן

מאן, בעת רינה האָט קוים געדרעמלט. די גרויסע דערוואַרטונג געמישט מיט פרייד און שרעק האָבן ביי איר אָפּגענומען די רו; ווער ווייסט, נאָך אַ טאָג, אפשר אַ וואָך? אירע עלטערן קערן וועלטן, זי זאָל באַלד קומען אַהיים. „נאָך דעם" וואָלט זי געפאָרן, אלא ווי טוט מען עס? זי טראָגט אוים איר ערשט קינד, וואָס איז אויך ס'ערשטע קינד פון יונגן קיבוץ, ס'איז איר גרויסע דערוואַרטונג. זי איז שטאָלץ, מיט איר קינד וועט מען אין דער ערבה (סטעפּ) עפענען און מקדש זיין דעם „בית ילדים", דעם ערשטן סטאַבילן בנין פון אייזן־בעטאָן, וואָס בויט זיך אין מיטן, אין צענטער צווישן אַלע צריפים.

— אייבי איז נאָך אַליין אַ קינד — טראַכט רינה, אייבי איז אַזוי פאַרטאָן מיט זיינע מאַשינען, פאַרהאַוועט, אַזש ס'בלייבט אים נישט ווען צו טראַכטן וועגן זיין ערשטן קינד. צוריקגערעדט טראָגט זי דאָך אוים כ'קינד אַלע פיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת, זי פילט דאָך ס'נייע לעבן וואָס גייט אויף אין איר... אָט פולסירט עס, ס'באַוועגט זיך אין איר לייב, ס'קלאַפּט צוזאַמען מיט איר האַרץ, זי דערמאָנט זיך ווען זי האָט צום ערשטן מאָל דערפילט דאָס נייע לעבן אין זיך. עס איז געווען אין אַ שמירה־נאַכט דאָ אין קיבוץ, זי איז געשטאַנען צוגעטוליעט צו דער וואַנט פון אַ צריף, איבערגעלאָדן מיט שטאָלץ:

— מען האָט איר אָנגעטרויט אַ גאָלדענעם סטען, נאָך מער:

— מען האָט איר פאַרטרויט צו באַוואַכן ס'לעבן פון אַזויפיל מענטשן, מיט רכוש, איר דער צוויי און צוואַנציק יאָריקער טאָכטער פון די זהבים אין תל־אביב, איז עס צו גלייבן? ווען די מאַמע זעט איר אין יענעם מעמד, וואָלט זי געפאַלן אין חלשות, און דער טאַטע? אַזוי שטייענדיק אין גאַנצן אָנגעשפּיצט מיט אַלע חושים אויפּצונעמען ס'מינדסטע רוישן, האָט זיך מיט אַמאָל עפּעס אַ באַוועג געטאָן אין איר, איינמאָל און נאָך אַמאָל. פון איבעררעאַשונג איז איר שיער נישט אַרויסגעפאַלן דער געלאָדענער סטען פון האַנט. זי האָט זיך אויף אַ רגע פאַרגעסן און זיך אַ כאַפּ־געטאָן פאַרן בויך: אפשר וועט זיך באַלד נאָך אַמאָל אַ דריי טאָן? מאָדנע האָט זי דערפילט ס'נייע לעבן אין זיך און נישט ווילנדיק אַ געשריי־געטאָן אין דער נאַכט און דער ווינט פון דער ערבה האָט ס'געשריי

ווי א בשורה צעטראָגן איבערן גאַנצן נגב ווי א יִדישער בחור, א זעלנער, מיט אַזאַ סטען אין האַנט ווי אירער האָט באַוואַכט דעם דרומדיקסטן טויער פון יִדישן לאַנד און דערהערט די פרייד פון זײַן מיידל אין באר־שבע, וואָס בענקט נאָך אים ווי ער נאָך איר.

o

בעת אייבי מיטן „סטענדזשער" (פרעמדן) און „סעניאָר כאָסע", מיטן חצרן, מיט נאָך עטלעכע בחורים האָבן זיך געפּאָרעט אַרום גרויסן טראַקטאָר, וואָס איז אַהער אָנגעקומען צו הילף דעם קיבוץ, איז גדעון גע־זעסן מיטן סעקרעטאַר פּאַרטאָן אין חשבונות אַרום דעם „גרויסן קוואַד־ראַט" (המרובע הגדול), וואָס מען הויבט אָן פּאַראַקערן.

„בערך טויזנט דונאַם וועט אָפּנעמען אַזויפיל און אַזויפיל אַרבעטס־טעג, אַזויפיל און אַזויפיל ברען־שטאָף אייל, געכפּלט אויף אַזויפיל און אַזויפיל שעהן, אַזויפיל און אַזויפיל שעהן געטיילט אויף אַכט, באַקומט זיך א קימאַ לן פון אַרבעטס־טעג... ובכן וועט מען פאַרזייען א שטח מיט קוקורוזע, א טייל מיט חציר, און דורה, און א שטיק ערד וועט מען רי־זיקירן מיט גערשט און א פּאָר צענדליק דונאַם מיט פלאַקס. אויב דער מזל וועט א לײַכט טאָן און רעגנס וועלן קומען צו דער צײַט, מ'וועט אָנגרייטן גענוג פּאַשע אויף א גאַנצן סעזאָן, וועט מען צוקויפן נאָך א פּאָר קי, מען וועט לאָזן אויסבריען א פּאָר הונדערט אייער און דערלעבן צו אַן אייגע־נעם לול (הינער־שטייג), א טייל פון גערעטעניש וועט מען פאַרקויפן און מיטן געלט פאַרענדיקן די פּאָר צימערן פון בית ילדים. אָט „קלײַבט זיך" אייבים דינה, עפּעס „מאַכט זיך" בײַ דער און דער, און בײַ רבקהלען זעט זיך שוין גאַנץ פּײַן אָן... ווידער די מחסנאית קערט וועלטן. דער קליידער און וועש־סטאָק פאַרמינערט זיך, אין מטבח (קיך) פעלן כלים, אויפן ווינטער דאַרף מען צוקויפן שיך...

o

חברה האָט גערעכנט און גערעכנט פאַרציִענדיק טיף דעם שאַרפן רויך פון ביטערן טאַבאַק. דערנאָך איז מען אַריבער צו א ברייטן שמועס

ביז דער גרויסער טראַקטאָר האָט זיך צעשריגן אין לײדיקן רחבות און
אָלעמען דערמאָנט, אַז זײ האָבן בײַ די חשבונות פאַרגעסן די וואַסער־
דערן. וואַסער פעלט לעת־עתה, זײ האָבן זיך עס דערמאָנט ווען זײ האָבן
אין דרויסן דערזען די ווײַסע טישטעכער זאַלץ, וואָס האָבן זיך ווי פלעקן
געשפּרייט אין דער לענג און ברייט פון שטח. דערזען די זאַלציקייט, די
טריקעניש, די דערנער און הערצער האָבן געקלעמט, בעת אַ תחום שבת
פון זדאַנען שפּרייטן זיך שוין גרינע טעפּיכער, און דער באַגינען־ווינט
שפּילט זיך מיט די גריוועס פון די יונגע בוימער ווי רינהס פינגער מיט
אייבים טשופּרינע. די שכנותדיקע גרינס האָט עפּעס געמאָנט פון ווײַטן,
געדריקט נישט תופס צו זײַן מיטן שכל: וואָס, וואָס? היימוויי, בענקען?
צוזאַמען מיטן בענקען האָט זײ געכישופט די רחבות וואָס גיסט זיך צו־
נויף מיט די הימלען פון נגב.

גדעון האָט זיך אַ טרייסל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון
שלאָף. מיט די אויגן האָט ער אַ מעסט־געטאָן די האָריזאָנטן און צו זיך
אַליין אַ מורמל געטאָן: „מיר וועלן די פוסטקייט באַשטיין, וועלן מיר,
נצח את השממה".

צומאָרגנס אַ שפּראַץ אויף טאָג איז אין דער געגנט צעשטערט
געוואָרן די שטילקייט פון דורות. דער גרויסער טראַקטאָר, באַגלייט מיט
אַ פּאָר קלענערע טראַקטאָרלעך האָבן מיט אַ געוואַלדיקן שטורעם צעריסן
די שתיקה און אויפגעהויבן אַ האַרמידער מיט אַ וואָלקן שטויב ווי דער
עמוד העשן אין שכנותדיקן מדבר סיני און תקופה פון יציאת מצרים.
אויפן פוסטן פעלד האָט דער גרויסער טראַקטאָר מיט זײַנע קלײנע באַ־
גלייטער אויסגעזען ווי אַ פּעטע קו מיט קעלבלעך וואָס גייען איר נאָך.
די מעסערדיקע אַקער־אײַזנס האָט דער גרויסער טראַקטאָר נאָכגעצויגן מיט
אַזאַ מאַכערײַ פון גרויסע פּעסטע האַלב־שפּיציקע מעסער שאַרפן עטלע־
כע אין צאָל. אייבי און סעניאָר כאָסע האָבן מיט זייערע הענט און
מחשבות מיטגעשפּאַנט מיט די אַקער מעסערס וואָס זענען געפאַלן אויף
דער טרוקענער קרקע, די מעסערס האָבן אַביסל אונטערגעהאַצקעט ביז
זײ האָבן געכאַפּט אַ שפּאַלט, זיך פאַרטשעפּעט, אײַנגעביסן זיך און
קאָנוואַלסיוו גענומען רײַסן תלמים. די מעסער־שאַרפן פון גרויסן

טראַקטאָר האָבן זיך אײַנגעגראָבן טיפער, טיפער און מיט תאוה גענומען איבערדרייען די אויבערפלאַך מיטן קאָפּ אַראָפּ, ארויסברענגענדיה דעם שאַרפן אור־ריח פון דער ערד. די טראַקטאָרן האָבן גערעוועט, די מענטשן פון משק, וואָס זענען געזעסן געבויגן בײַ דער אַרבעט אין גאָרטן, אין הצר, אין די שטאַלן און וואַרשטאַטן האָבן די טראַקטאָרן באַגלייט לויט דער שטאַרקייט פון האַרמידער. יענעם טאָג זענען אַלע מענטשן פון קיבוץ געווען מיטן האַרץ אין פעלד בײַם אַקערן דעם קוואַדראַט קרקע בתולה פון משק, ווײַל יענעם טאָג האָט מען צוזאַמען מיטן באָדן אָנגעהויבן אַקערן די צוקונפט פון דער קבוצה.

o

דאָס וואָכע אויג פון יאָסקע שומר האָט פון נישט דערבויטן וואַסער טורעם באַמערקט אַ נישט־געוויינלעכע באַוועגונג פון יענער זײַט גרעניעץ־פּאַס. ס׳פלעגן קומען אָנצולאָפן שוואַרצע סילועטן אויף פערד און טראַוועסירנדיק אַרום און אַרום צוריקלויפן ווי שדים. יאָסקע איז אַראָפּ זוכן דעם סעקרעטאַר זיך מישב צו זײַן „על כל צרה שלא תבא" און איידער וואָס ווען האָט ער בסוד סודות אַוועקגעשיקט עטלעכע חברה אין פעלד מיט „אייער" (האַנטגראַנאַטן) און סטענגען. יאָסקע האָט זיך באַמיט זײַן אומרו צו דערשטיקן אין ציגאַרעטן רויך, און צופײַפן אַ ניגון. ער האָט נישט געוואָלט זײַן אומרו פונאַנדערטראָגן צווישן די מענטשן אין חצר. יאָסקע האָט צונויפגעבראַכט דעם סעקרעטאַריאַט און פּאָר זיי אָפּגעלאָדן זײַן אומרו און חשדים, די מזכירות האָט זײַנע רייד נישט אויפגענומען אַזוי ערנסט. „מאַלע וואָס בעדווינער אָדער אַנדערע שוואַרץ יאָרן שוויצן דאָרטן אַרום אויף פערד". דער איינציקער, וואָס איז באַווירקט געוואָרן פון יאָסקעס טענות איז געווען גדעון, אַלא דאָס נעמלעכע האָט געטאָן אויך ער. ער האָט ניט געמאַכט קיין אויספירן, האָט פריִער געוואָלט זײַן זיכער, צי עפּעס ערנסטעס שטייט פּאָר.

די מזכירות האָט נעגיטיקט דאָס פאַרשטאַרקן די שמירה, און יעדערער פון זיי איז אַוועק צו זײַן אַרבעט, חוץ גדעון. ער האָט זיך שטילערהייט פאַרקליבן אויפן נישט דערבויטן וואַסער־טורעם, גענומען

יאָסקעס בינאָקל און שאַרף גענישטערט די געגנט. נאָך אַ צײַט נישטערן האָט זיך גדעון אויך באַרויִקט און אַוועק צו זײַן אַרבעט ווי תמיד.

o

אַוועק אַ טאָג. אייבי מיטן סעניאָר כאָסע האָבן באַצײַטנס געענדיקט אַקערן, זיך אײַנגעוואַשן אין צוגעטיילטן וואַסער, אָפּגעגעסן און אַוועק כאַפּן אַ שלאָף. וואָרעם ס'איז געווען אָפּגערעדט אַז ביידע וועלן אַרבעטן אַ צווייטע שיכט בײַנאַכט פון צוועלף ביז פיר פאַרטאָג, נאָר מיטן גרויסן טראַקטאָר אַליין. דער „פּרעמדער" וועט גיין שלאָפן, אייבי מיטן סעניאָר כאָסע וועלן אַקערן. איינער דעם צווייטן וועט בײַטן אַ יעדע צוויי שעה, איינער וועט אַקערן, דער צווייטער וועט היטן פון דער נאָענט, כאָטש די פונקטן פון דער הויפּט־שמירה זענען געווען באַזעצט און געדעקט מיט יאָסקעס מענטשן.

ס'איז געווען אַ גוטער יצירה טאָג אָן שום פּאַסירונג. די טראַקטאָרן האָבן אויפגעריסן אַ פּאָר הונדערט דונאַם באָדן, גאָרנישט איז קאַליע געוואָרן. צום שטענדיק שאַרפן ריח פון סטעפּ — פון דער ערבה געמישט מיט די דופטן פונעם זעתר פלאַנץ איז צוגעקומען דער אור־ריח פון נאָרוואָס אויפגעריסענער בתולה־קרקע, פאַרשיכורט צו ווערן צוזאַמען מיט דער יצירה פרייד.

איז אייבי געלעגן אין אַ טיפן שלאָף ניט צו פילן ווי רינה זיצט אויפן ראַנד פון בעט און גייט מיט אירע פינגער אין זײַן טשופּרינע. זי ווייסט נישט הלמאַי ס'איז איר הײַנט עפּעס נישט באַקוועם, זאָל עס זײַן אַזאַ מצב און אפשר, אפשר איז שוין געקומען די צײַט? זי פילט ס'קינד ווי תמיד מיט זײַנע „קאָזשעלקעס", נאָר ס'ברעכט איר אַ ביסל דער רוקן, זי וואָלט געדאַרפט זיך אָן עצה האַלטן מיט דער שוועסטער, נאָר זי וויל נישט. נאָך אַלעמען, וואָס? ס'שטימט דאָך מיט דעם, וואָס מען האָט איר דערציילט ווי אַזוי „דאָס הויבט זיך אָן". זי וועט נאָך אויסוואַרטן ביז מאָרגן, — אָט דאַרף מען שוין אויפוועקן אייבין, ער דאַרף באַלד אַרויס אויף נאַכט־אַרבעט. לאָז ער גיין אַ רויִקער פאַרטאָן מיט זײַנע מאַשינען און „ביזנעס". „אייבי, ס'גרויסע קינד"... נעמט איר

דורך אַ אינערלעכע וואַרעמקייט צו אַט דעם שלאָפנדיקן יונג, ביז זי פּאַלט צו צו זײַנע ליפּן און וועקט אים אויף מיט אַ פּאַרצוויגענעם קוש.

o

נאַכט אין נגב. אַ שווערער טוי. אונטן — שפּרייט זיך אָנסופיק דער סטעפּ, אויבן דער הימל פּאַרצווײַגן מיט אַ דינינקן געפּל טײַול, דורכגעריסן פון אַ זינקענדיקער טערקישער האַלב־לבנה. די לופט איז פריש, קיל אויס־געפּילט מיט אַ סימפּאָנישער זשומערײַ פון מיליאָנען אינזעקטן.

יענע נאַכט האָבן די מענטשן פון קבוצה שפּעט אײַנגעדרימלט, ס'איז זיי שווער געווען משלים צו זײַן מיטן רויש פון טראַקטאָר, וואָס האָט צום ערשטן מאָל צעשטערט די נאַכטיקע שלוה. די ליכטער פון טראַקטאָר האָבן געבויערט אין דער פינצטערניש. בעת דער טראַקטאָר פלעגט זיך אויסדרייען, פלעגן די סנאָפּעס שײַן פאַלן אויף די צריפים, אויפן חצר, אין די פענצטער, גלעטן זיי און לעקן ווי ס'טוט דאָרקע די ערשטע קו פון קבוצה — בעת זי לעקט די הענט און ס'פּנים פון זלמנקע רפתן.

די סנאָפּעס ליכט האָבן אָנגעוואָרפן פרייד מיט אומרו אויף רינהס פענצטער. אַ יעדער שײַן האָט איר געבראַכט גרוסן פון אייבין און אַז דער שײַן פלעגט פאַרגיין, פלעגט זיך עפּעס בײַ איר אָפּרײַסן מיט ווייטיק; דאָ ברעכט איר דער רוקן, אַלע ווײַלע גיט זיך עפּעס אַ וועלגער אינעם אונטערלײַב. ס'דוכט זיך איר, אַז ס'איז צײַט אָנצוקלאַפּן אין וואַנט צו דער שכנה. זאָל זי אויפוועקן די שוועסטער.

דרײַ פאַרטאָג. סך־הכל נאָך איין שעה ביז אייבי פאַרענדיקט זײַן שיכט. ער וועט שוין זאָרגן פאַר אַלץ, מען וועט נעמען דעם טענדער פון קבוצה און איר אַוועקפירן אין נאָענטסטן שפּיטאָל, אייבי וועט שוין...

דער ווייטיק לאָזט מיט אַמאָל אָפּ ווי נישט געווען. רינה האָט זיך אויפגעזעצט אויפן בעט, אָפּגעשאַרט דאָס פאַרהענגל פון פענצטער, ס'האָט באַלד אַ לײַכט־ארײַן געטאָן אַ סנאָפּ ליכט. „אייבי! זיכער מאַכט ער עס בכוונה, ער שיקט איר זײַנע גרוסן", אַלאַ דאָס מאָל האָט דאָס ליכט ניט

באוויזן א גלעט צו טאָן די אָקעגנדיקע וואַנט. ס'האָט נאָר פון ווײַטן א הילך געטאָן א זאַלפּ שאָסן און ס'ליכט איז אויסגעלאָשן.

רינהן האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם. ס'בלוט איז איר פאַרגליווערט געוואָרן, ס'האַרץ האָט גענומען זעצן: זי איז צוריקגעפאַלן אויפן געלעגער און געוואַרט אַז דאָס ליכט זאָל ווידער אַ לײַכט טאָן אין פענצטער. דאָס מאָל איז געבליבן פינצטער. אַנשטאָט דעם האָט זיך גאָר צעקלונגען אין דרויסן דער אַליאַרם-גלאָק, דעם הימל האָט שאַרף אַ שניט-געטאָן אַ רויטע פײַער שלאַנג פון אַ ראַקעטע, אין חצר האָט זיך אַ רודער-געטאָן. דינהן האָבן פאַרקלעמט מוראַדיקע ווייטיקן ווי אײַזערנע צוואַנגען, אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט איר פּנים. אינסטינקטיוו האָט זי גענומען שרײַען אָן ווערטער מיט איר געשריי פון אַ געווינערן בײַם ערשטלינג. זי האָט מיט אַ פויסט גענומען קלאַפּן אין וואַנט בײַם בעט.

בעת די שכנטע איז אַרײַנגעלאָפן און דערזען איר מעמד, האָט שוין קיין רייד נישט געקאָנט זײַן וועגן פירן איר אין אַ שפּיטאָל. די שכנטע איז געלאָפן זוכן די שוועסטער און איר נישט געפונען. יענע איז גאָר געווען אויפן „פּונקט" פון די „ערשטע הילף". איז איר אײַנגעפאַלן דערווײַלע אַרײַנרופן אָן אַלטע מוטער פון אַ קיבוצניק, וואָס איז דאָ צוגאַסט. די פרוי איז געזעסן אַ געליימטע פון שרעק, פאַרבראָכן מיט די הענט, מחמת פון ווײַטן האָבן געהילכט ביקסן-זאַלפּן ווי אַ שטעפּערײַ פון אַ ברוינינג-מאַשין געווער, אויך אַ הוקען פון אַ מיטעלן שלײַדער, וואָס האָט געוואָרפן אין חושך פײַערדיק שפּיציקע גראַנאַטן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און דער מזרח האָט זיך גענומען בלאַסן. שטיל געוואָרן דער דרויסן און אין דער שטילקייט איז איצט געלעגן מער אימה ווי אינעם האַרמידער וואָס האָט אָקערשט זיך אויסגעלאָשן.

יענעם פאַרטאָג איז די זון אַרויס פון ים הינטער עזה ווי אַ ראָד פון פײַער און בלוט. ס'האָט געריסן אַ שאַרפער מערב ווינט, וואָס האָט געהאָלפן די זון פאַרצוקן דעם בײַנאַכטיקן טוי מיטן חושך.

ויהי בוקר.

o

די רוצחים פון יענער זײַט גרענעץ האָבן, ווײַזט אויס, געהאַט אַ מער בריײטערן פּלאַן, ווי דערמאָרדן אַ ייִדן און אַנטלויפן ווי מײַז אין די לע־כער. זיי האָבן געזאָלט פאַרכאַפּן דעם גרויסן טראַקטאָר מיט די טראַק־טאָריסטן און גלײַכצײַטיק אָנוואַרפן אימה, אָנשרעקן דעם נײַעם קיבוץ נישט צו באַארבעטן די פעלדער. זאָלן זיי זיצן אין פּחד, אויב ס׳גלוסט זיך אַזוי די יהוד, זאָלן זיי עסן איינער דעם צווייטן... איז דער פּלאַן דורכ־געפאַלן מחמת אַ נאַרישן פאַרזען: דער אָפּן פאַרריסענער זשאָנגלירן אויף פערד פאַרן שײַן פון טאָג פּאַזע דער גרענעץ, ווי אויף אַ פערד־גע־יעג, אַזאַ „פאַנטאַזיאַ", כדי צו אָנוואַרפן אימה אויף די בחורים. מילא, זאָלן זיי זיך טרייסטן און שפּילן מיט אַזאַ אײַנרעדעניש, אָבער דעם טראַקטאָר מיט די מענטשן וואָלטן זיי אפשר יאָ געקענט פאַרנעמען, אויב אייבי אָדער סעניאָר כאָסע וואָלטן נישט באַוויזן באַצײַטנס די „געסט" מקבל פּנים זײַן מיט אַ פּאָר „אייער". יאָסקע, יאָסקע האָט גוט תופס געווען דעם באַטײַט פון ווילדן פערד־געלויף יענעם פאַרמיטיק. ער האָט זיי בעסער געקענט. יאָסקע איז אַ געבירטיקער אין אויבערשטן גליל, אַ זון פון שומרים. ער האָט נישט געקוקט אויף גדעונס באַרויִקונג. יאָסקע האָט אין דער פינצטער אײַנגעגראָבן פּאַטרולן אין אַלע ווינקלען פון אַקער־שטח, מיטגענומען אַ „שמײַסער", אַ „ברען", ראַקעטן און במשך פון טאָג באַוויזן זיך צו פאַרבינדן מיט דער שמירה פון די שכנים זיי זאָלן זײַן גרייט אויף אַליאַרם און הילף. די שכנים האָבן שוין אינ־פאָרמירט די מיליטערישע נאַכט פּאַטרולן.

די רוצחים האָבן אַנשטאָט דעם גרויסן טראַקטאָר מיט די געפאַנ־גענע לעבעדיקע אָדער טויטע ייִדן, צוריקגעבראַכט אין עזה דרײַ פּגרים מיט דרײַ פאַרוואונדעטע. אַנדערע צוויי פּגרים האָט מען ערשט אין אַ וואָך שפּעטער געפונען ווײַט פון שטח, אין פעלד. לויטן ריח האָט מען זיי געפונען.

o

בעת אייבי האָט ארויסגעלאָזן זײַן לעצטן קרעכץ און זײַן האַנט איז אַראָפּגעפאַלן פון רודער־ראָד, האָט פון זײַן צימער אַרויסגעהילכט דער

ערשטער געשריי פון זײַן זון, וואָס איז אויך געווען דאָס ערשטע נײַ־געבוירענע קינד אין דער קבוצה. די שוועסטער האָט נאָך באַוויזן אָפּנע־מען בײַ רינהן ס'קינד׳ איידער די זון איז אַרויס פון ים.

ווען די זון איז שוין געשטאַנען הויך איבערן אָנגעגליטן נגב, איז אייבי געלעגן אויסגעלאָשן אויף א טיש אין דער עס־שטוב פון קיבוץ, אי־בערגעדעקט מיט דער פאָן וואָס האָט ביז איצט געדינט חוץ אין די ימים־טובים — אויף פאַר א חופּה. ער איז געלעגן אונטער דער פאָן...

...איינער נאָך סעניאָר כאָסע האָט זיך שטילערהייט אַרויסגעשלײַכט פון דער רינג פאַרצאָרנטע מענטשן אַרום אייבין, אַרויסגעשלײַכט אין דרויסן, זיך אַרומגעקוקט און שנעל אַוועקגעלאָפן אין פעלד צום גרויסן טראַקטאָר.

סעניאָר כאָסע איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן טרעפּל, אַראָפּגעכאַפּט פון זיך די בלוזע, אויסגעווישט אייבינס בלוט פון אַרום אײַזערנעם זאָטל, די בלוזע האָט ער ביראה ובקדושה צונויפגעוויקלט מיט ציטריקע הענט און באַגראָבן אין אַן אויפגעאַקערטן תלם. נאָך דעם האָט סעניאָר כאָסע אָנגעשאָטן א שיכט ערד דאָרטן וווּ ס'איז געווען פאַרבלוטיקט, אָנ־געצונדן די מאַשין, זי האָט זיך הילכיק צעברומט, ער האָט אויפגעמאַכט דעם טאָרמאָז, א דריק געטאָן אויף א פּעדאַל און דער טראַקטאָר האָט זיך מיט שטורעם א ריס־געטאָן פאָרויס.

סעניאָר כאָסע האָט א ציי־געטאָן די קייט און די שווערע מעסער־שלייפן זענען אַראָפּגעפאַלן, אײַנגעגעבין זיך אין דער קרקע אויפן זעלבן אָרט וווּ די מעסערס זענען בײַנאַכט שטיין געבליבן — די אַקער־אײַזנס האָבן גענומען ממשיך זײַן, פאַרלענגערן דעם אָפּגעהאַקטן תלם, וואָס אייבי האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן פאַר דער זריחה.

# די דריי

(פון יידישן באפרייונגס קריג)

דער באפעל „לסגת" — אפטרעטן, איז צו זיי נישט דערגאנגען, זיי האבן נישט געהאט קיין פעלד־טעלעפאן, נישט קיין ראדיא־אפאראט. די פאזיציע איז געווען אויף דער שלאכט־ליניע ערגעץ אויף אן אייבער־שטיבל איבערן דריטן שטאק פון אן אלטער הויז אין חיפה, ארומגע־רינגלט מיט פאזיציעס פון שונא. צוריקגעשמועסט: אויב אזא באפעל וואלט יא דערגאנגען צו זיי, וואלטן זיי זיך אויך נישט געקענט צוריק־ציען צו דער באזע, סיידן דורך א נס.

בסך הכל זענען זיי געווען דריי יונגע בחורים, קוים א שפראץ פאר־שעמטע וואנצעלעך אויף די אויבערשטע ליפן און דאס איז געווען זייער מענערשער שטאלץ. ווי ס'פירט זיך אין מלחמה, איז איינער פון זיי געווען דער מפקד, דער „קאמאנדיר". אורי האט ער געהייסן, קיין פא־מיליע נאמען איז נישט נייטיק געווען. אזוינס האט מען וויניק גע־ברויכט אין דער הגנה מכמה וכמה טעמים. „אורי" איז געווען גענוג.

אין הלכות „לייכטע כלים" און „אייער" — האנטגראנאטן איז אורי געווען נישט וויניקער געניט פון א באיארנטן הגנה־חבר. ער האט געקאנט גוט צילן און טרעפן, און מער ווי גוט צעפיצלען און צוריק־אויפשטעלן א יעדע לייכטע „כלי".

עס זענען געווען די אימהדיקע טעג פאר דער שאפונג פון צ"הל — „צבא הגנה לישראל", ווען יעדע קאמפס־פארמאציע איז אויפגע־

שטעלט געוואָרן בחפזון, און אין אַלץ מיט אַלעמען איז מען געווען בדוחק, אין מענטשן, קאָמאַנדירן, וואָפן, אַמוניציע און טראַנספּאָרט. די ערד האָט געברענט אונטער די פיס, דער שונא האָט זיך געשפּרייט ווי אַ מגפה אומעטום, ווו מען האָט אים יאָ, און נישט דערוואַרט. דעמאָלט איז נישט געווען קיין צייַט פאַר איבעריקן שיקול הדעת, און די יוגנט האָט געשטראָמט ווי אַ זודיקע לאַווע: פאַרלאָזן די היימען, די שולעס און אוניווערסיטעטן, די פאַבריקן, קיבוצים און מושבות. אַלע זענען אַוועק אויף די שלאַכט־פעלדער פון ארץ ישראל. זיי זענען געגאַנ־גען נישט זעלטן מיט די עלטערן צוזאַמען, און איר האָט געקאָנט טרעפן אויף די פּאָזיציעס זיידעס מיט אייניקלעך.

זענען ליידיק געוואָרן די ייִדישע היימען אין ארץ ישראל, וואָס איז געשטאַנען אין בלוט און פייַער.

ביסלעכווייַז איז דעמאָלט דאָס לאַנד אָפּגעשניטן געוואָרן פון דער יבשה אַרום און איז געבליבן שטיין מיטן רוקן צום ים, מיטן פּנים צום שונא. און דער ים איז אויך געווען בלאָקירט מיט שיפן פון פייַנטלעכן בעווינסטישן פלאָט. ארץ ישראל איז חוץ דעם צעפּערטלט געוואָרן אין געגנטן, שטעט און ישובים, אַנדערע פון זיי זענען געווען דורכוים באַלאַגערט סייַדן דער הימל פון אויבן, וואָס איז אויך נישט געווען זיכער. טייל געגנטן זענען געווען פאַרבונדן צווישן זיך מיט שמאָלע אַרטעריעס פון וועגן און שטעגן, געשטעלטע אונטערן פייַער פון שונא. און אין די באַלאַגערטע ערטער גופא זענען געזעסן בעווינס חילות אויף די פּעק און טאַנקען, איבערגעלאָדענע מיט חימה און שינאה צום ייִדן, אָפּוואַרטנדיק די טעג, די שעהן פון זייער עוואַקואַציע. דערווייַלע האָבן בעווינס זעלנער צוגעהאָלפן דעם שונא, ווו אָפן און ווו פאַר־שטעלט. זייער צאָרן האָט געברענט להשחית: בריטן פון דער גרויסער וועלט־אימפּעריע זאָלן אָפּטרעטן פאַר „זשום" — ייִדן, „בלעדי בלעדי דזשום", ווי האָט זיך אַזוינס געלייגט אויפן שכל? ווו און ווען?

יאָ, די שטאָט שטייט אין פייַער און אורי מיט ביידע חברים זיצן שוין עטלעכע מעת־לעת אין אויבערשטיבל פון דער אַלטער הויז, אויפן פראָנט אין חיפה, און ווייסן נישט ווו מען האַלט. זיי קריגן נישט קיין

שום ידיעה אָדער באַפעל. געבליבן אַליין אויף אייגענעם באַראַט, אַליין אין פֿײַערדיקן ים, אַליין מיט דער קלעמעניש און אומרו, בעת בס״ה עט־לעכע צענדליק מעטער ווײַטער, איבער די דעכער און באַריקאַדן איז דײַן היים, וועלכע דו קענסט נישט גרייכן.

די אויסגעבענקטע היים! דײַן היים, וווּהין דו קענסט איצט נישט אַרײַנפֿאַלן מיט האַרמידער צו דער צעפּלאַמטער מאַמען, וואָס ווישט די הענט מיטן פֿאַרטוך, כדי דיך אַרומנעמען, און נאָך דעם גרייטן דעם טיש. באַלד וועט אויך קומען דער פֿאָטער, און נישט אַזוי טומלדיק, שפּרינגענדיק ווי אורי, אַ קוש טאָן די אַמאַ אין שטעדן און בלי אומר דברים גיין צום קראַן וואַשן די הענט צו מיטיק. און ער, אורי, וועט אַ רגע נישט אויפֿהערן מאַלן מיטן מויל און דערציילן אַלץ, וואָס מיט אים איז פֿאַרלאָפֿן פֿאַרן טאָג, אים און זײַנע חברים. דער אַבא וועט זיצן געדולדיק, אויסהערן, אַרײַנוואַרפֿן אַ וואָרט און גלײַכצײַטיק קוקן אין צײַטונג.

די מוטער, די גוטע אמא וועט דערלאַנגען ס׳עסן. אורי איז הונגע־ריק ווי אַ וואָלף. איידער וואָס־ווען וואַרפֿט ער שטיקלעך ברויט אין מויל, קײַט געשמאַק און רעדט, דערציילט ווי זײַן לערער מיטן באָרד, וועמען די חברה רופֿן „תיש״־ציגן־באָק, האָט משלח געווען דאַנין פֿון קלאַס. דאַני האָט מיטגעבראַכט אַ לעבעדיקע זשאַבע... — — אָט דער־ציילט ער ווי מען גרייט זיך צו דער „מחנה קיץ״, אויף גאַנצע צען טעג אין עמק יזרעאל צופֿוסנס פֿון גלבוע אין דער געגנט פֿון עין חרוד. די אַמאַ מעג שוין באַצײַטנס צוגרייטן אַ „ילקוט־גב״ — אַ רוקן זאַק, צוויי דעקעס, וועש און שיך, אַ שיסעלע, אַ גאָפּל־מעסער מיט אַ טעפּל וכדומה, און דער אַבא זאָל זיך מטריח זײַן אים קויפֿן אַ ברייטן רימען אַזאַ „אָפּיצערסקן״ רימען מיט רינגען און אַ בינטל שטריק, אַ „טעמבעל״־היטל פֿון כאַקי... אָט גייט ער שטיל און ערנסט אין אַ שפּעטיקן זומער־אָוונט מיט דער אמא און אַבא פֿון דער סיום־פֿײַערונג אין בית־ספר, און נאָך שפּעטער באַגלייטן אים אַרויס די עלטערן צו דער „שנת עבודה״ ערגעץ אין אַ קיבוץ. אַלץ איז גיך פֿאַרבײַ, און אורי ראַזירט זיך אין געהיים מיטן טאַטנס גאָל־מעסער, נאָך דעם ווי ער קומט פֿון

אַ פֿאַבריק, נאָך אַ טאָג זיך פּאָרען בײַ אַ דרייַ־באַנק, אונטערן שאַרפֿן אויג פֿון אַן עלטערן פֿאַכמאַן. דעמאָלט פֿלעגט אורי פֿאַרשווינדן אויף גאַנצע אָוונטן אויף „פּעולות”. פֿאַר דער אמא הייסט עס, גיין פֿאַר־ברענגען אין אַ יוגנט־קלוב, אָבער דער אבא ווייסט, אַז אורי מאַכט שוין איבונגען אין דער „הגנה”. פֿאָטער און זון פֿאַרשטייען זיך אויף שטום־לשון, מען דאַרף נישט באַומרויִקן, מצער זײַן די אמאַ, צו וואָס? שפּע־טער פֿאַרשווינדט אורי אויף גאַנצע טעג און וואָכן. איצט הייסט עס, ער מאַכט „טיולים”, אויספֿלוגן. די אמא איז אומרויִק, זי פּרובירט ריידן מיטן פֿאָטער וועגן אורין וואָס איז די לעצטע צײַט געוואָרן צופֿיל פֿאַר־טראַכט. אורי ווידער ווי ער וואָלט נישט באַמערקט דער מוטערס אומעט בשייכות זײַן פֿאַרשווינדן, כאַפּט ער אַרום דער אמא, קושט איר שוין אין שטערן ווי דער אבא טוט עס, דרייט זיך מיט איר אַ פֿריילעכער, אין אַ קאַראַהאָד, און קען איר נישט קוקן גלײַך אין די אויגן ווי פֿריער.

ווי אורי זאָל זיך נישט אַרויסדרייען, קען ער, דער בן יחיד, לאַנג נישט אויסמײַדן דער אמאס אויגן. דעמאָלט לאָזט ער זי אָפּ און רעדט ערנסט מיט אַ קול, וואָס ווערט, וואָס ווײַטער ענלעכער צום פֿאָטערס שטים.

— עט, אמא, איך גיי, אָדער איך פֿאָר אויף „טיולים”, וואָס פֿאַר־שאַפֿן מיר פֿרייד, וואָס דאַגהסטו זיך? אַלע מײַנע חברים, אַפֿילו חבר־טעס גייען אויף טיולים און מחנות... אמא! כ׳וויל קײַען, גוואַלד! כ׳בין הונגעריק ווי אַ וואָלף...

— זע נאָר, אורי, זע ווי דו זעסט אויס נאָך דײַנע טיולים, זע דײַן הילוך, דײַנע בגדים, דײַנע שיך...

אורי האָט טאַקע פֿאַרגעסן זײַן „הילוך”. ער ווערט פֿאַרכאַפּט פֿון דער היימישער חמימה, גיט אַ וואָרף בײַ דער טיר דעם „ילקוט־גב” מיט דער צונויפֿגעוויקלטער דעקע און לויפֿט גאָר צו דער אמא, ווי אַמאָל, ווען ער פֿלעגט אַרײַנפֿאַלן אין שטוב אַ צעהיצטער פֿון דער שולע.

אורים נישט פֿאַרשטענדלעכע נײַע גענג האָבן, ווי געזאָגט, שטאַרק באַומרויִקט זײַן מוטער. פֿון איר מאַן האָט זי אויך גאָרנישט געקאָנט דערגיין. דער פֿאָטער פֿלעגט אויך פֿאַרשווינדן אויף אָוונטן, טעג, שבתים

און וואָכן, און דאָס מתרץ זײַן מיט אַנצאָליקע זיצונגען, קאָנפערענצן אָדער מיט נסיעות, וואָס די אַרבעט פאָדערט פון אים. די שכנטעס, וואָס האָבן אויך געהאַט מענער, דערוואַקסענע זין און טעכטער, פלעגן איר טרייסטן, — „עט, חיה, בײַ אונדז איז דאָס זעלבע"...

ס'האָט זיך געמאַכט, אַז אורים מוטער איז מיטאַמאָל „עפּעס" דערגאַנגען וועגן די „זײַטיקע" עסקים פון איר מאַן און בן־יחיד.

געווען אַ שבת, וואָס איז שפּעטער באַצײַכנט געוואָרן ווי דער „שוואַרץ־שבת" פון ארץ־ישראל, ווען די בריטן האָבן אַלע יידן פון לאַנד פאַרשפּאַרט אין די הײַזער, ווי אין תפיסות. פאַרטאָג פון יענעם „שוואַרץ־שבת" האָבן זיך אַרײַנגעריסן באַוואָפנטע קלגסים אין איר שטילער היים און אַלץ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, צעוואָרפן די וועש מיט די בגדים, געבראָכן כלים, געריסן ביכער, איבערגעדרייט טישן מיט שטולן, אויסגעגאָסן ס'עסן, אויפגעריסן שטיקער פונעם דיל, צע־מורשט די אײַז־קאַסטנס מיט אַלץ, וואָס איז געווען אין דער אויפגערוימ־טער שבתדיקער קיך, זיי האָבן געזוכט און גענישטערט מיט אַ ברילערײַ. „געווער, ס'געווער בלעדי בלעדי דזשום". און אַנשטאָט געווער האָבן זיי מיטגענומען איר גאָלדענעם זייגערל, די חתונה מתנה פון אירע על־טערן. אורי האָט זיך בעת מעשה ערגעץ אַרויסגעדרייט און איר מאַן האָבן די קלגסים מיטגענומען און פאַרשלעפּט אויף לאַנגע וואָכן אין אַ לאַגער אין נגב, אין רפיח. פון די צײַטונגען האָט זי געלייענט, אַז דאָס האָט מען פּרובירט פּאַגראָמירן די הגנה. הייסט עס, אַז איר מאַן איז אַ חבר פון דער הגנה.

ווען די קלגסים זענען אוועק, זענען געקומען די שכנים פון הויז, גע־האָלפן אַלץ ברענגען אין אָרדענונג, פאַרריכט די פּאָדלאָגע. אויף מאָרגן האָט מען איר פון ערגעץ געבראַכט אַ נײַעם אײַז־קאַסטן. ס'איז געווען פאַמע זומער ווען שפּײַז ווערט קאַליע אָן אײַז. אורי איז צוריקגעקומען שפּעט אין אָוונט, אַרומגענומען זײַן אמא, דאָסמאָל ערנסט, אָן טענצ־לעך, זי געגלעט, געקושט, באַרויִקט און דערציילט אַז זי מעג זיך גרויסן מיטן אבא, סתם מענטשן האָט מען נישט פאַרנומען, נישט פאַרשלעפּט.

— ניין, — זאָגט אורי — „דער אבא איז אַ „איש הגנה". מען

האָט אים פאַרנומען צוזאַמען מיט די תפארת ישראל, מיט די שענסטע און בעסטע פון סוכנות, ועד הלאומי און הסתדרות. זאָרג ניט, אמא, דער אבא וועט צוריקקומען, איך וועל דערווײַלע זאָרגן פאַר דער היים, מיר זענען נישט קיין אײנציקע, אמא!

מען קען נישט זאָגן, אַז נאָכן „שוואַרץ־שבת" איז אורי געוואָרן א שטוב־זיצער. אורי פלעגט פאַרשווינדן ווי פריִער, אָבער ער פלעגט נישט אויסלאָזן אַ פרײַע רגע צו בלײַבן אין דער היים צוזאַמען מיט דער אמא. ס'פלעגט זיך מאַכן, אַז אורי פלעגט אין אַ פרײַען אָוונט מיטברענגען חברים, בתוכם אַ יונגע מיידל מיט צוויי בלאָנדע צעפּ ווי אַ קרוין אַרום איר קאָפּ. ס'מיידל איז געווען אַ צוגעלאָזענע, אַ קוועקזילבער, נישט צו רוען אַ רגע.

— דאָס איז מײַנע אַ חברה, אמא — האָט איר אורי לכתחילה פאָרגעשטעלט, — תמר הייסט זי. — — —

— — — ווידער נאַכט. אין שטאָט דונערט און בליצט מיט אויפרײַסן. דורכן פענצטערל אין אויבערשטיבל זעט מען ווי דאָס שטיקל הימל גליט פון פײַער. ס'ברענען לאַגערן געהילץ נישט ווײַט פון האַפן. דעם אָנגעגליטן הימל פאַסעווען געבראָכענע שטרײַפן ליכט פון פאָספאָר־קוילן, ווי פאַלנדיקע שטערן אין חודש אלול. אורי קוקט אויף די פײַערדיקע עקן און דערמאָנט זיך, ווי די מוטער האָט אים אַמאָל געזאָגט:

— בעת דו טראַכסט פון עפּעס, און ס'פאַלט מיטאַמאָל אַ שטערן, וועט דאָס פאַרטראַכטע, מקוים ווערן...

נאָך אַ נאַכט פון אימה און גרויל. די „אײַזערנע" פאַרציעס שפּײַז ענדיקן זיך. דער הונגער נאָגט און קיין וואַסער פון קראַן גייט אויך נישט. אַ גליק נאָר, וואָס זיי האָבן באַצײַטנס אָנגעגרייט אַ פולע ליימענע כלי מיט וואַסער. די כלי האָט פריִער געדינט די באַוווינער פון אויבערשטיבל אײַנצוליייגן איילבירטן אין זאַלץ וואַסער. ס'וואַסער איז וואַרעם, טוכלע, פעטלעך, אָבער וואַסער, וואָס שטילט דעם דורשט. איצט ווילן זיי נישט טראַכטן, וואָס ס'וועט זײַן ווען די כלי וועט ווערן ליידיק. זיי טרינקען אין מאָס, אַ זופּ אַ יעדע שעה און דאָס ערגסטע;

ס'זענען פֿאַרבליבן נישט מער ווי צוועלף קוילן, צו פֿיר שטיק אויף אַ מענטשן, אויך נאָך צוויי האַנט־גראַנאַטן. אָט אַזוי זיצט מען דאָ אָפּגע־ריסענע אָן אַ פֿאַרבינדונג און מען פֿירט אויס באמונה דעם באַפֿעל: „נישט פֿאַרלאָזן די עמדה (פּאָזיציע) ביז מען וועט קומען פֿאַרבײַטן, אָדער ביז אַ נײַע פּקודה".

אורי האָט נישט איינמאָל פּרובירט שיקן אַ חבר אַ שמעק טאָן, ווי ס'האַלט אין גאַס. דער חבר פֿלעגט זיך אַלכסונדיק שאַרן בײַ דער וואַנט. ס'פֿלעגט נישט געלינגען דערגיין צום נידעריקן פֿענצטער פֿון טרעפּן צימער און אויפֿמאַכן דורך דער באַריקאַדע אַ לאָדן־שפּאַרע. אַ יעדער ריר פֿון לאָדן איז באַגלייט געווען מיט אַ האָגל קוילן.

דאָס זענען געווען די גרוילעקסטע טעג פֿאַר חיפֿהער ייִדן, חודש יאַנואַר נײַנצן פֿערציק אַכט. בעת די אונטערשטע שטאָט איז געווען פֿאַרפֿלייצט פֿון פֿרעמדע אַראַבישע כנופֿיות פֿון פֿאַרשידענע לענדער אויסגעמישט מיט כלערליי באַנדיטן פֿון צונויפֿגעלאָפֿענעם פּאַשיסטישן אָפּפֿאַל פֿון אייראָפּע. טעג פֿון שלאַכטן, בלוט און קרבנות.

איז ערגעץ אַ ווינקל־שטאָט עוואַקויִרט געוואָרן מחמת סטראַטעג־גישע טעמים, איז עס באַלד אויסגערויבט און פֿאַרוויסט געוואָרן, אַוועק מיטן פֿײַער. אורים פּאָזיציע איז געבליבן אַ פֿאַראייניזאַמט קליינטשיק אינדזעלע אין צעבושעוועטן אַראַבישן ים. די אַראַבער, ווידער, האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז בס"ה האַלטן אויף יענע פּאָזיציע דרײַ האַלב־פֿאַרהונגערטע, אויסגעמאַטערטע ייִדישע יונגטלעכע; זיי האָבן גע־מיינט אַז מי יודע, וויפֿל גוט־באַוואָפֿנטע „הגנה"־מענטשן, זיצן עס דאָ אונטערן דאַך פֿון דער אויסגעליידיקטער אַלטער הויז. אַ יעדע קויל פֿון די ייִנגלעך פֿלעגט טרעפֿן אין ציל, זייערע האַנט־גראַנאַטן זענען תמיד געפֿאַלן אין צײַט אין אַ געזעמל פֿון אספסוף אין גאַס און פֿלעגט ברענ־גען טויט און חורבן. ווי זשע האָבן די באַנדיטן געקאָנט באַנעמען אַזאַ געוואַגטקייט און גבורה? דאָס איז געווען איבער זייער שכל.

פֿאַרטאָג, בעת אורי מיט ביידע חברים. האָבן מוטיק מיט שיקול הדעת פֿלאַנירט ווי אַרויסצוגיין פֿון דער פֿאַסטקע האָבנדיק אין באַזיץ נאָר צוויי האַנט־גראַנאַטן מיט פֿיר קוילן אויף אַ מענטשן, איז אויך דער

אַראַבישער שטאַב געזעסן, זיך געבראָכן די קעפּ, ווי אַזוי צו ליקווידירן דעם לעצטן ייִדישן אינדזעלע אין ווינקל שטאָט. זיי האָבן זיך ! גע־ווערטלט, איבערגעשריִען איינער דעם צווייטן, ביז זיי זענען געקומען צום אויספּיר, אַז מען מוז דעם בנין נעמען מיט שטורעם, דורך אַ פראָנטאַלער אַטאַקע. אויב דאָס וועט נישט געראָטן, זאָל מען דאָס הויז אונטערצינדן, אָדער אויפרייַסן צוזאַמען מיט די ייִדן.

אין דעם דאָזיקן באַגינען איז געווען שווער צו אונטערשייַדן, פון וואָס דער הימל האָט געגליט; פון דער זריחה, פון דער גרויסער פייַער־דיקער זון, צי פון די שריפות, וואָס זענען נישט געוואָרן געלאָשן פון קיינעם. פייגל האָבן יענעם פאַרטאָג נישט געזונגען שירה, די קוילן האָבן זיי פאַרטריבן פון די איינציקע צעוואָרפענע בוימער פון יענער געגנט. אַ גרויסער אַראַבישער אספסוף האָט אַרומגערינגלט די שמאָלע גאַס דורך די זייַטיקע הויפן, אויף אַ דערנעבנדיקן בנין האָט די אַראַבישע כנופיה אַרויפגעשלעפּט אַ מאָרטאַר און גענומען פייַערן, אונטערן באַגלייט פון אַ כאַאָטישער שיסערייַ פון אַקעגנדיקע טירן און פענצטער. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען ווייַט נישט געווען קיין געניטע שיסערס. אין מעסער־שטעכערייַ פון הינטער די פּלייצעס זענען זיי מער געניט. זעלטן ווען אַ גראַנאַט האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן וואַנט נאָענט צום פענצטער פון אויבערשטיבל. ס'רוב גראַנאַטן פלעגן נישט דערפליען אָדער איבערפליען דעם ציל, נאָר פלעגן טרעפן אין פענצטער און דעכער פון אַראַבישע הייַזער, אָנצוּוואַרפן אַ אימה אויף די אייגענע, וואָס זענען געווען זיכער, אַז דאָס „דערלאַנגען" די ייִדן..

ס'איז שוין געווען אַ שטיק אין פרימאָרגן. מאָרטערן האָבן געדור־נערט פון אַלע אַראַבישע ווי ייִדישע פּאָזיציעס, זיי האָבן אַקאָמפּאַנירט קוילן־וואַרפערס און ביקסן. ס'האָט זיך צעשפּילט די געוויינלעכע שחרית סימפאָניע פון יענע גרויזאַמע טעג.

נישט צו וויסן ווי אַזוי און דורך וועמען האָט זיך צווישן די אַראַ־בער צעטראָגן אַ ידיעה, אַז די הגנה גרייַפט אָן. אָט וועלן די יהוד אַטאַ־קירן. אַזוינס איז גאָרנישט פריילעך.

אורי מיט די חברים האָבן זיך געזעצט אויף דער ערד אָפּהאַלטן

זייער לעצטן „קריגס ראט”. זיי האָבן זיך מכין געווען צום ביטערן סוף. זיי האָבן געשמועסט שטום אָן ווערטער, און זיי האָבן באַשלאָסן, בדרך כּלל דערוויילע נישט ענטפערן, ס׳האָט נישט קיין זין פּטרן די לעצטע פּאָר קוילן מיט... די צוויי האַנטגראַנאַטן. זיי ווילן עס באַווייזן די לעצטע רגע: אויב ס׳וועלן זיך אָנזאַמלען אַ סך שונאים בײַם אַרײַנגאַנג פון אונטן, וועט מען זיי בכבד זײַן מיט איינעם פון די צוויי „אתרוגים”, און די לעצטע קוילן באַהאַלטן פאַר זיך. זיי ווילן די רוצחים נישט פאַרשאַפן דעם נחת רוח צו קענען זיך איזדיעקעווען איבער זיי לע־בעדיקע.

די דרײַ האָבן זיך שטאַרק אַרומגענומען און זיך צעקושט.

דער האַרמידער איז געשטיגן פון רגע צו רגע. ביסלעכווײַז איז די שמאָלע געסל פאַרפלייצט געוואָרן מיט צעהיצטע אַראַבער, וואָס האָבן זיך גענומען וואַרפן צו דער אונטערשטער פאַרבאַריקאַדירטער טיר. אַז ס׳האָט שוין געהאַלטן אַזוי, האָט אורי באַפוילן:

— רימון — טול! (אַ גראַנאַט וואַרף!)

אַ האַנט־גראַנאַט איז געפאַלן פון אויבן אַראָפּ אין דער סאַמע גע־דיכטעניש, אונטן, אינעם פאַרווילדעוועטן המון. ס׳האָט אַ דונער געטאָן. אייניקע פון די אָנפאַלערס זענען צעריסן געוואָרן אויף אַן אָרט, אַנדערע זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן פון די שפּליטערס. די מאַסע האָט זיך אַ ריר געטאָן; איינער האָט געשפּרונגען אין דורם געווען דעם צווייטן, יללות האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער ווילדער שיסערײַ. די אַראַבער האָבן גענומען לויפן, זיך שטויסנדיק, געריסן זיך און געביסן ווי מטורפים.

די בהלה האָבן אויסגענוצט אורי מיט די חברים. זיי זענען אַרי־בערגעשפּרונגען איבער דער באַריקאַדע — פון דער טיר גלײַך אין דרויסן. אורי מיט זײַנע באַגלייטערס האָבן אָפּגעפײַערט אַ זאַלפּ, מיט נאָך אַ פּאָר געציילטע שאָסן אין המון, נאָכדעם אַ שלײַדער געטאָן דעם לעצטן האַנטגראַנאַט, זיך צוטוליענדיק צו אַן אָפענער נישע פון אַ וואַנט...

פון ווײַטן אין אַ סקווער זענען געשטאַנען צוויי בריטישע טאַנקען מיט אַ פּאָר צענדליק באַוואָפנטע ענגלישע זעלנער. זיי האָבן זיך נײַגע־

ריק, מיט אַ טריפּהנער הנאה צוגעקוקט צום ספּעקטאַקל. וויַיזט אויס, אַז אין אָנהויב טומל האָבן די אַראַבער באַוויזן אַרײַנוואַרפן דורך די פאַרקראַטעטע פענצטער פלעשער נאַפט מיט אָנגעצונדענע שמאַטעס, וואָס האָבן זיך ביסלעכווײַז פונאַנדערגעברענט. דער בנין איז אײַנגע־הילט געוואָרן אין רויך, וואָס האָט דורך פלאַמען גענומען שלאָגן פון די פענצטער.

די גאַס איז אָפּגעליידיקט געוואָרן, מחוץ די וואָס האָבן זיך גע־וואַלגערט אויפן ברוק. אורי און די חברים, קוים לעבעדיק, האָבן שטרויכלענדיק זיך גענומען שאַרן פאָרויס בײַ די ווענט. וואָס ווײַטער האָט די פרישע לופט זיי פאַרשיכורט און די העלע זון פאַרבלענדט. זיי זענען אָבער גיך געקומען צו זיך, באַהויכטע מיט אַ אונטערבאַוווּסטזיני־קער האָפענונג צו אַנטרינען לעבעדיקע. די האָפענונג האָט זיי געשטאַרקט און זיי האָבן גענומען לויפן איינער אונטערן צווייטן, מיט די נאָך רויכע־רנדיקע נאַגאַנען אין די הענט.

אַז די ענגלענדער האָבן דערזען די דרײַ יוגנטלעכע, כמעט קינדער, אין זייער מעמד און צעפּלאַמטן הילוך, מיט זייערע צעפּאַטלטע טשופּרי־נעס, יאַמוציקע, אַרומגעריסענע מיט פײַער אין די אויגן, האָט זיך עפּעס בײַ זיי אַ ריר געטאָן ערגעץ טיף הינטער זייערע מונדירן. אפשר איז דער באַיאָרנטער אָפיציר אליין געווען אַ פאָטער פון אַזעלכע יינגלעך, אפשר אויך דער סערזשאַנט. די געניטע בריטישע זעלנער האָבן זייערע אייגענע אויגן נישט געגלויבט, אַז נאָר אָט די דרײַ יינגלעך האָבן עטלעכע מעת־לעת געהאַלטן אין פחד נישט נאָר אַ טייל פון דער אַראַבישער שטאָט, מיט כנופיות באַנדיטן, אַלא זיי אויך, זיי די ענגלענדער גופא.

— הינטישע זין! — האָט דער סערזשאַנט אויסגעבריליט אין השתוממות, — הינטישע זין!

גרויס איז געווען די שאַנד פון די אַראַבער, און נאָך גרעסער זייער צאָרן, ווען זיי זענען צו זיך געקומען. אָט דאָ, פאַר די אויגן פון די ענגלישע זעלנער, די פרעמדע, איז אַנטפּלעקט געוואָרן זייער בושה. דע־מאָלט האָבן זיי זיך גענומען וואַרפן מיט אַ חיהשער ברילערײַ, מיט

בלאַנקע מעסער אין די הענט צו כאַפּן און צעפּליישן, צעפּערטלען די דריי.

ס'איז אָבער געווען צו שפּעט. צו טיף גערירט זענען געווען די ענג־לישע זעלנער פון אַזאַ נישט פאַרשטענדלעכער גבורה מצד אורי מיט זיינע חברים. און אויסליפערן גלייכגילטיק די יונגלעך וואָלט אויך גע־ווען קעגן דער טיף פאַרוואָרצלטער בריטישער ספּאָרט טראַדיציע. דאָ האָבן דאָך די „באָים" באַוויזן אַ וווּנדערלעכן רעקאָרד, וואָס מוז גע־שעצט און געשאַצט ווערן — — — און אַ באַפעל פון קיינעם נישט גע־געבן, האָבן די טאַנקען אָפּגעפּייערט אין דער הויך עטלעכע שרעק־שאָסן פון זייערע האַרמאַטן, הויך איבער די קעפּ פונעם אספסוף לענג אויס דער אָקעגנדיקער לידיקער גאַס. גיך האָבן זיי פאַרנומען אורין מיט זיינע ביידע באַגלייטערס, אַריינגעשטופּט אין אַ טאַנק און מיט אַ ווילד־דער סירענע יללה זיי אָפּגעפירט צו אַ נאָענטער בריטישער פּאָליציי־סטאַנציע, ווו מען האָט זיי איבערגעגעבן מיט אַ געהעריקן ראַפּאָרט.

— די הינטישע זין — האָט נאָך צוריקוועגס נישט אויפגעהערט מורמלען דער פאַרבליפטער סערזשאַנט.

ערשט עטלעכע טעג שפּעטער, האָט דער בריטישער קאָמאַנדאַנט ראַפּאָרטירט די „ייִדישע באַהערדן", (די מדינת ישראל איז נאָך נישט געווען...) אַז אין זייער רשות, אין דער מיליטער־תפיסה פון דעם און דעם נומער, געפינען זיך דריי ייִדישע „באָים", וואָס אַ פּאַטרול האָט פאַרנומען אין אַראַבישן טייל פון שטאָט, נאָך אַ באַטאַליע צווישן דזשוס און אַראַבס. די באָים האָט מען פאַרנומען, בעת זיי האָבן גע־האַלטן פּיסטוילן אין די הענט, זיי האָבן נישט אַרויסגעוויזן קיין ווידער־שטאַנד דעם בריטישן פּאַטרול, ווי ס'טוען לעצטנס די ייִדן ביי ענלעכע פאַלן. דער קאָמאַנדאַנט האָט צוגעגעבן: „ווייל די חברה לויט האָבן נישט געהאַט אין זייער באַזיץ נישט אײן איינציקע קויל, אלא אינעם באַשולדי־קונגס־אַקט ווערט פעסטגעשטעלט, אַז מען קלאָגט זיי אָן „נישט נאָר פאַרן טראָגן אומגעזעצלעך געווער אין אויסנאַמס־צושטאַנד, נאָר אויך פאַרן געברויכן אומגעזעצלעך וואָפּן, ווייל די רערן פון די פאַרנומענע כלים האָט מען געפונען פאַררויכערטע". „אמת", האָט ער צוגעגעבן בעל פּה,

נישט איין זעלנער פון פאַטרול האָט געפונען פאַר נויטיק עדות צו זאָגן, אַז ער האָט געזען די באָים שיסן. „יעס", האָט ער פאַרענדיקט מיט אַראָפּ־געלאָזענע אויגן, קוקנדיק אויף די שפּיצן פון זײַנע שיך...

דער משפּט איז שוין נישט פאָרגעקומען, ווײַל די הגנה האָט וואָכן שפּעטער באַפרײַט די שטאָט און איבערגענומען די מאַכט צוזאַמען מיט די ייִדישע אַרעסטירטע פון די בריטישע תפיסות. און אורי מיט זײַנע עלטערן, און תמרן, דאָס מיידל מיט די פאַרפלאָכטענע בלאָנדע צעפּ, פאַרלייגטע איבערן קאָפּ ווי אַ קרוין, האָבן אָנטיילגענומען אין דער שמחה פון אַרויפציען די ייִדישע פאָן אויף דער שטאָט חיפה דעם פינפטן טאָג אין חודש אייר פון יאָר נײַנצן פערציק אַכט.

די פאָן איז אַרויפגעצויגן געוואָרן אויף דעם רעגירונגס־הויז, וואָס שטייט אויף אַ באַרג, פון וואַנען מען זעט די רעשטן פון יענעם הויז מיט די אויסגעברענטע ווענט צווישן וועלכע אורי מיט די חברים האָבן אויס־געפירט דעם באַפעל: „לא לסגת־בלי פקודה".

# בלומען

דער שווערער חמסין טאָג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ געדיכטן נעפּל, וואָס האָט איינגעהילט די טרוקענע באַרג־סביבה מיטן אויסגעצויגענעם שטריַיף פלאַכלאַנד לענג־אויס דעם ים פון צפונדיקן שומרון. דער פאַרנאַכטיקער נעפּל האָט אָפּגעפרישט די לופט און פאַרלייַכטערט די חמימה. טשאַטעס דורשטיקע פייגל האָבן זיך געלאָזט אויף נאַכטלעגער צו די צעוואָרפענע קנאָכיקע עצי זית און חרובים, זיי האָבן זיך דורכגעשמועסט און גענורעט די קעפּלעך צווישן די בלעטער פיַיכטלעכע פון נעפּל און טוי.

אין אַזאַ פאַרנאַכט איז די שקיעה בלייַאיק־גרוי ווי דער נעפּל. די זון לעשט אויס אַ ברייטן מהלך פאַרן מערב־האָריזאָנט, שייַנט אַרויס אַ קאַלטע, אַ ברוגזע און רוקט זיך אַראָפּ אין דער טיף פון ים. ס'ליכט גוססט און ווערט גיך פאַרשלונגען פונעם חושך.

אַז די חמימה פון טאָג האָט נאָכגעלאָזן, איז לייַכטער געוואָרן דאָס אָטעמען פון די קראַנקע אין יענעם שפּיטאָל, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן צווישן ביימער אויפן כרמל. ביַי אייניקע, וואָס זענען געלעגן מיט האַרץ־אַסטמע, האָט מען אַוועקגענומען די באַלאָנען מיטן זויער־שטאָף. די אַטמאָספערע האָט מער נישט געפּרעסט, און דער אָטעם איז געוואָרן ריכמיש און שטיל. ביַי איין קראַנקן וואָס איז געלעגן ביַים פענצטער, אין דער לעצטער בעט, האָט מען דעם זויערשטאָף נישט אַוועקגענומען, און די רויטע גומי־דערל נישט אָפּגעקלעפּט פון נאָז; דער באַלאָן איז אים געשטאַנען צוקאָפּנס איַינגעהילט אין אַ וויַיסער טוך, ווי אַ משורר, וואָס באַגלייט אַ גלח אָפּנעמען ווידוי פון אַ קריסטלעכן גוסס... אויף די שפּיץ פינגער האָט אַריַינגעשוועבט אַ שוועסטער מיט אַ ליבן שמייכל,

וואָס האָט צוזאַמען מיט איר ווייסקייט פול געמאַכט דעם צימער. די שוועסטער האָט אויפגעמאַכט אַ פענצטער־פאָרטל און ס'האָט אַ שטראָם געטאָן פייכטע נעפּל־לופט מיט ריחות פון באַרג און ווייטן פעלד. די קראַנקע האָבן מיט הנאה אַריינגעאָטעמט די דערקוויקנדיקע פרישקייט, נישט אַראָפּצונעמען די אויגן פון דער שוועסטער, פון איר יונגן ליכטיקן פּנים, וואָס ברענגט אַ גרוס פון דרויסן און אַן אָנזאָג פון ישועה.

צוזאַמען מיטן פרישן ווינטל רייסט זיך אַריין אין צימער דער פאַר־נאַכטיקער געזאַנג פון די פייגל, וואָס לייענען קריאת שמע בציבור, פאַרן איינשלאָפן אויף די ביימער. די קראַנקע מאַכן צו די אויגן און געניסן מיט הנאה די פייגל־סימפאָניע, חוץ דעם איינעם, וואָס ליגט אין דער לעצטער בעט ביים פענצטער, באַוואַכט פונעם באַלאָן אין דער ווייסער קלייד; ער ליגט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, ניט צו באַוועגן אַ גליד. זיין ברוסט הייבט זיך אַרויף און אַראָפּ, און פון דער זייט כאָרכלט צו ריטמיש אַ פליסיקייט אין אַ פלאַש, באַהעפטעט מיט אַ רערל צום זעלבן באַלאָן.

— הא, חנן וואָס'י חנן, פאַרריכט אים די שוועסטער דעם צוקאָפּנס.

— נו, חנן... זאָגט זי אים שטיל, — דער חמסין איז געבראָכן, די לופט ווערט קיל, הערסט חנן? — די נאַכט איז צוגעפאַלן... ס'וועט רע־גענען... וואָס שווייגסטו, חנן?

— די פעלדער זענען אויסגעטריקנט, צעפּלאַצט פון דורשט... ס'אַרט דיר נישט, חנן? די ווינטער־תבואה וויאַנעט אָן רעגן, די ציטרוסן בליִען פאַר דער צייט... הערסט מיך? כ'האָב אַ בשורה: — ס'וועט רעגענען!

אַזוי האָט אים די מילדע מיידל־שטימע אַריינגעזונגען אין אויער, ווי זי וואָלט זיין איינע פון די פייגל אין דרויסן.

חנן האָט אויפגעמאַכט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט און דערמאָנט, אַז ער ליגט אין שפּיטאָל.

— ס'וועט רעגענען? האָט ער איר שטיל מיט ספק געפרעגט, פרו־בירנדיק אַ הויב טאָן דעם קאָפּ. — ירד הערב, האָט ער צוגעגעבן אַפּאַטיש.

— כן חנן, ירד הערב, — ס'איז אָוונט.

האָט זיך חנן גלייַגילטיק אַרומגעקוקט, ס'בילד איז אים געווען

פרעמד. די שורות בעטן, די לאָמפּן, די ווײַסע ווענט, די באַלאַנען זויער־שטאָף אין ווײַסע העמדער, און דורית, די שוועסטער, וואָס הויבט איצט אָן די צווייטע אשמורה אַרבעט. חנן קוקט זיך אַרום און זײַן בליק פאַלט אויף דורית׳ס לאַנגע צאַרטע פינגער און הענט. אירע הענט? — אירע הענט גלײַכן אויס דעם געלעגער מיט אַזאַ געניטשאַפט און ריטם, ווי זיי וואָלטן זיך באַוועגט אין אַ באַלעט.

— שפּיטאָל... דורית... חמצן... (זויערשטאָף) רעגן... ס׳וועט רע־גענען בײַנאַכט... קלעפּן זיך צונויף חננען אין מח פּיצלעך מחשבות. ער באַמיט זיך פאַרטרײַבן די געדאַנקען און ווײַטער בלײַבן אויסגעטאָן פון אַלץ מיט אַלעמען, ווײַטער שוועבן אין חלל, אין דער ליידיקייט ווי ביז איצט, ווי ער וואָלט שוין פאַרענדיקט אַלע חשבונות.

די פויגל האָבן פאַרענדיקט צוויטשערן, דורית נישט:

— קוק אין פענצטער, חנן, דריי אויס דעם קאָפּ, זע חנן, — ס׳בליצט פון ווײַטן, און אין שײַן פון די בליצן זעט מען דעם שוים פון ים. הערסט חנן, ווי דער ים ברומט? ס׳וועט זיכער רעגענען. אפשר איז דיר קיל? כ׳וועל צומאַכן דעם פענצטער...

— ניין, ניין, דורית, מאַך נישט צו, מורמלט איר חנן מיט געבעט, ז׳ר וויל געניסן פונעם ווינטל, וואָס ברענגט אַרײַן דעם דרויסן אין צי־מער, און דערמאָנט אים פון אַ היים פון יענער זײַט בערג, וווּ די פײַער־דיקע זיגזאַגן אין הימל שפּרינגען, שנײַדן און שפּילן זיך אין דער גע־דיכטער פינצטערניש.

בײַ דיר חנן, דאָרטן אין דער היים פון יענער זײַט כרמל, אין טאָל יזרעאל זעט מען די זעלבע בליצן, איזה יופי חנן! וואָס פאַר אַ פּראַכט! — כ׳וויל נאָר ניט די דונערן, די דונערן רעגן אויף די קראַנקע, און דעם אמת געזאָגט, מיך אויך. כ׳האָב מורא פאַר דונערן, — מורמלט אים דורית שטיל אַרײַן אין אויער בעת זי רעגולירט דעם שטראָמעלע זויערשטאָף פון באַלאָן.

— וואָס איז דער פּחד, דורית?

— אינני יודעת, כ׳ווייס נישט.

האָבן זיך פונווײַטן גענומען קײַקלען דונערן. דורית האָט גע־

פאַדעט אַרום די קראַנקע, בעת חנן האָט זײַנע אויגן אַרײַנגעגראָבן אין דער ווײַטער פינצטערניש פון פענצטער, אָפּצוואַרטן יעדערע פאַר מינוט דעם פײַער־טאַנץ פון די בליצן.

— כ׳האָב מורא פאַר דונערן, האָט אים איצט אַרײַנגעמורמלט אין אויער אַ קינדערשע שטימעלע — אבא, אני מפחד, אבעלע! אינני רוצה רעמים, תשב על ידי. — כ׳האָב מורא פאַר דונערן, כ׳וויל נישט, כ׳וויל זיי נישט, אַבאַלע, זײַ לעבן מיר, גיי נישט אַוועק... חנן פאַרמאַכט די אויגן, און וואַרט, אַז די טענה זאָל זיך איבערחזרן, באַזונדערס וויל ער הערן דעם „אבא־אבעלע".

חנן טרײַבט מער נישט די פיצלעך מחשבות, להיפּוך, איצט גראָבט ער זיי אַרויס פון דער טיף פון זכרון... ער הערט נישט דאָס שפּיל פון דער סטיכיע אין דרויסן, מיט די ערשטע שווערע טראָפּנס רעגן, וואָס דער ווינט האָט אַרײַנגעבראַכט פון דרויסן, זעט נישט ווי דורית פאַר־מאַכט דאָס פאָרטל פון פענצטער און פאַרציט דעם פאָרהאַנג, פילט נישט איר צאַרטע האַנט אויף זײַן שטערן...

— אבא, אבא!

— כן, אריק.

ארי — אריק זײַן בכור איז געווען צוגעבונדן צו אים, צו חננען בלב ונפש, בעת זײַן יִינגערע טעכטערל האָט זיך מער געקלעפּט צו דער מוטער. ארי איז געווען „בצלמו וכדמותו", געפורעמט פונעם זעלבן חומר, מיטן זעלבן גײַסט און געמיט. פון די פריסטע קינדער־יאָרן גראָבט ער זיך אין די בײַטן פונעם גאָרטן אַרום דער שטוב אינעם מושב, אין האַרצן פון טאָל יזרעאל, וווּ ער, חנן, האָט זיך אָן אויפהער געגראָבן אין די פעלדער פון זײַן ווירטשאַפט, אין גאָרטן, אַרום די פרוכט־ביימער.

דער משק (ווירטשאַפט) איז געווען חננס וועלט, וואָס האָט אים אַרומגענומען אינגאַנצן, ווי ס׳נעמט אַרום אַ סוכה אַ פרומען ייִדן. מחוץ דעם „משק" איז נישט געווען צום אָטעמען, ווי מחוץ דער וועלט. לכתחילה, אַז חנן פלעגט אַקערן זײַנע שטרײַפן פעלד מיט אַ פרידה (מויל־אייזל) געשפּאַנט אין אַקער, פלעגט אים קומען צו הילף דער פיר יאָריקער אריק, און נאָכגיין אין תלם, קנעטן די קרקע מיט אים צוגלײַך,

און צוזאַמען מיט אים אַרײַנאָטעמען די דופטן פון דער פריש־אויפגעש־ניטענער ערד.

— וויאָ־אָ־אָ, דערמונטערט חנן די בהמה זיך שפּילנדיק מיט דער בײַטש אין דער לופט.

— יאָ־יאָ־יאָ — פלעגט אים אַריק ערנסט ענטפערן, און אַזוי לאַנג מיטשפּאַנען, ביז דאָרא, די מוטער, פלעגט קומען צולויפן אין פעלד און מיט כח אים צוריקברענגען אַהיים עסן. אַריק פלעגט זיך ווערן וויינען, שרײַען, און וואַרפן מיט די הענט און פיסלעך, די מוטער פלעגט זיך בייזערן און חנן פלעגט אָנקוועלן לאַכנדיק הויך אויפן קול.

— אַבאַ־אַ־אַ... די מוטער פלעגט פאַרשווינדן מיטן קינד און חנן האָט ווײַטער, אויפגעריסן תלם נאָך תלם, ביז ס׳פעלד איז געלעגן פאַר־טיק, פאַראַקערט גרייט אויפצונעמען די זאָמען.

דאָס זעלבע אין שטאַל בײַ די בהמות, אָדער אין הינער־שטײַג. שפּעט פאַרנאַכט פלעגט אַריק נאָכגיין דעם פאָטער נישט מורא געהאַט פאַר די קי, פאַר די פרידות, אומגעקערט: אַריק פלעגט זיך פּלאָנטערן צווישן זייערע פיס אָן פחד, די קי פלעגן אים לעקן ס׳פּנים און אויס־שמירן מיט גרה, אַריקן האָט עס גאָרנישט געאַרט; אַלא דאָ ווידער די מוטער, וואָס פלעגט קומען און אים אַוועקנעמען מיט כח פון שטאַל, אַרומווישן, געבן עסן און לייגן שלאָפן, פלעגט ער אויך שרײַען מיט באַ־נומענע קולות, זיך אָפּשלאָגן פון דער מוטערס הענט, און זוכן שוץ בײַם טאַטן:

— אַבאַ־אַ־אַ ...

חנן פלעגט אָנקוועלן און לאַכן, און דאָרא פלעגט זיך בייזערן, נישט צו באַמערקן ווי נורית, זייער טאָכטער, קלעפּט זיך צו איר אײַן, און אַרום דער שטוב, ווי אַריק צום פאָטער, אין דרויסן, אין פעלד און שטאַל.

ס׳איז געווען ווײַט נאָך חצות. אויף די שפּיץ פינגער איז דורית געגאַנגען פון בעט צו בעט זען אירע קראַנקע אײדער זי גיט איבער דעם צימער דער שוועסטער פון דער דריטער אשמורה, זי האָט זיך פאַרהאַלטן בײַ חננס בעט, פאַרריכט דעם באַלאָן זויערשטאָף מיט די טרײַבלעך, אַוועקגענומען די וואַרים פלאַש פון זײַן צופוסנס, און באַמערקט, אַז

חנן ליגט אַ צעשמייכלטער מיט אָפענע אויגן, וואָס זי זעט צום ערשטן מאָל פאַר די זעקס וואָכן וואָס זי פאַרנעמט זיך מיט אים.

***

די שוועסטער מיט די דאָקטוירים פון דער אינערלעכער אָפּטיילונג פון שפּיטאָל האָבן געוווּסט, אַז חננס לעבן הענגט אויף אַ געברעכנטער שטרוי, נישט אַזוי מחמת דער חומרא פון זײַן פיזישן צושטאַנד, ווי מחמת זײַן גײַסטיקן צוזאַמענברוך און רעזיגנאַציע. בעת מען האָט אים דאָ געבראַכט נישט טויט, נישט לעבעדיק, האָט מען פעסטגעשטעלט דעם גרויזאַמען דיאַגנאָז פון אַ שווערער האַרץ־אַטאַקע, דער אויסגאַנג פון וועלכער איז אפשר מער אָפּהענגיק פון אינערלעכן לעבנס דראַנג פון קראַנקן, פון זײַן זעלבסט־סוגעסטיע, ווי פון דער מעדיצין צוזאַמען מיט די „רחמי שמים".

נאָכדעם ווי חנן איז שוין געלעגן אין ווײַסן בעט נאָך דער ערשטער הילף, נאָך אַלע אײַנשפּריצונגען און באַהאַנדלונגען, אין אַ האַלבן דרימל, אַרײַנאָטעמענדיק לײַכט דעם זויערשטאָף, זענען די דאָקטוירים אַרויס פון צימער און דער הויפּט־דאָקטאָר, פאַררויכערנדיק אַ ציגאַ־רעט איז אַוועק אין וואַרט־זאַל, באַרויִקן דעם קראַנקנס פרוי און באַ־גלייטער, די שכנים פון מושב.

— איר זענט מענטשן פון דאָרף, נעענטער צו דער נאַטור און צום לעבן, ווי די שטאָטישע, אפילו ווי מיר, די דאָקטוירים. וואָס קען איך אײַך, ליבע פריינד, זאָגן? לאָמיר האָפן, אַז דער קראַנקער וועט זיך מתגבר זײַן אַליין, און דער אײַנגעבוירענער לעבנס־לוסט וועט אים העלפן געזונט ווערן. זײַן מצב?... לעת־עתה ערנסט, אָבער נישט האָפ־נונגסלאָז, לאָמיר עס אײַך דערקלערן פּשוטער, בילדלעך, כלומר: — אַז אַ וואָגן מיט לאָדונג גייט אַראָפּ פון וועג און פאַרקריכט אין אַ זומפּ, וועט ער פאַרלוירן גיין, אײַנזינקען; אָבער אַז ס'קומט באַצײַטנס הילף, העלפט מען דעם וואָגן אַרויסשלעפּן. אַ סך איז אָפּהענגיק פון די פערד, וואָס מען דאַרף דערמונטערן בעת דער צרה; — בלײַבן זיי חלילה

שטיין פּאסיוו, רעזיגנירט, איז שלעכט... נעמט מיר ניט פאַר אומגוט, ליבע מענטשן, מײַן דראסטישן בײַשפּיל, איך בין אַן אַלטער דאָקטאָר, אַן אַמעריקאנער, וואָס האָט פּײַנט שיין־רעדערײַ; איר קענט דאָך מיך פון אַמאָל, פון בראשית אין טאָל יזרעאל, מירן טאָן אַליין, דאָס איז לעת־עתה אַליין, וואָס כ׳קען אײַך זאָגן.

שלום חברים!

שלום.

דאָרא, חננס פרוי איז נאָך פאַרבליבן נאָכדעם ווי די באַגלייטער, די שכנים, זענען אוועק. די גוטע שכנים און גוטע ברידער פון יִדישן דאָרף אין ישראל, האָבן איר פאַרזיכערט צו האַלטן די ווירטשאַפט אויפן אויג.

— זאָרג נישט דאָרקע, מיר וועלן די בהמות און עופות באַזאָרגן, מיר וועלן דעם גאָרטן באַוואַסערן, וועלן מיר, און אויף נוריתן וועלן מיר אויך אויפּפּאַסן, זאָרג נישט, דאָרקע — האָבן די שכנים געטענהט.

דאָרא איז געזעסן ווי פאַרגליווערט, נישט צו טאָן אַ צוק מיטן פּנים, זי האָט זיי מעכאַניש דערלאַנגט אַ בינטל שליסלען אַרויסגענומען פון אַלטן האַנט־טאַש און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: שלום!

אַזוי פאַרגליווערט איז זי געזעסן מיט חננען מיט אַנדערטהאַלבן יאָר צוריק אין וואַרט־זאַל פון אַן אַנדער שפּיטאָל אין דער זעלבער שטאָט צופוסנס דעם כרמל. דער ספּעציפישער שפּיטאָל־ריח, אַ געמיש פון ליזאָל, עטער מיט רפואות, האָט איר ווי צוריקגעשלײַדערט צו יענעם טאָג מיט אַכצן חדשים צוריק. ס׳איז געווען אַ וווּנדערלעכער סוף זו־מערדיקער פרימאָרגן, וואָס האָט געשמעקט מיט רײַפקייט, מיט האָניק און פרישן היי. נורית האָט זיך אַרומגעטריבן מיט אַ קאַלב, וואָס האָט זיך אַרויסגעבראָכן אויף דער פרײַ פונעם „דיר" (שעפּסנשטײַג). בײַם וואַסער־קראַן אין הויף האָבן פויגל גענאַשט טראָפּנס וואַסער. חנן איז געזעסן אויף אַ באַלן שטרוי און סאָרטירט זעק, בעת זי האָט גע־וואַשן און געשײַערט די שווערע מילך קאַנען. אײַנגעהילט אין אַ וואָלקן שטויב איז מיט רעש אָנגעלאָפן צום פאָרטל פון געהעפט אַ זעלנער אויף אַ מאָטאָציקל, אין אַ ווײַסן שטאָל־העלמעט, אַ ווײַסן גורט און פּאָרטפעל,

מיט ווייסע געטרעס איבער די שווערע שיך.

— א „מעם־צאדיק"! (ראשי תיבות פון „משטרה צבאית" — מיליטער פאליציי) האט נורית א געשריי געטאן. זי דארא, האט זיך גלייכגילטיק אויפגעהויבן פון איבער די קאנען, נישט תופס צו זיין דעם צוזאמענהאנג פון אזא באזוך מיט א פרידלעך־רויקן דארפישן פרימארגן. „אפשר וויל דער בחור א קאלטן טרונק?"

דערפאר איז חנן אויפגעשפרונגען, ווי א שלאנג וואלט אים א ביס געטאן, און ער איז געלאפן דעם גאסט אקעגן.

— מה קרה?

— איר זענט חנן? — האט דער „מעם־צאדיק" געפרעגט מיט אראפגעלאזענע נישט־זיכערע אויגן — חנן, ארים פאטער?

— כן!

— כ'האב אייך געבראכט א גרוס פון זון, א טייערער בחור, א וווילער בחור.

— ובכן?

— נישט קיין פריילעכער גרוס, מר חנן, נישט קיין פריילעכער...

חנן האט נישט באמערקט ווי נעבן אים זענען אויסגעוואקסן דארא מיט נוריתן, באגלייט מיטן הויפישן הונט, וואס האט זיך פרובירט ווילד ווארפן אויפן אויסטערלישן גאסט.

— א גרוס? — האט דארא איבערגעפרעגט, — לאמיר אריינגיין אין שטוב, וועסט זיך אפרוען א ווײַלע, ביסט אודאי הונגעריק און דורשטיק, איך וועל עפעס צוגרייטן, און דו וועסט דערציילן פון יינגל...

— תודה רבה, א שיינעם דאנק, מוטער, האט זיך דער „מעם־צאדיק" פארענטפערט בחפזון ווי א שולדיקער, — איך אייל זיך, יא, נישט קיין פריילעכער גרוס, אריק איז א ביסל נישט בסדר, פארוווּנדעט געווארן נעכטן אוונט ביי דער גרענעץ, פארוווּנדעט פון שונא. שרעקט אייך נישט, ליבע מענטשן, ער געפינט זיך אין שפיטאל נומער 10, דער מפקד האט אייך געבעטן קומען.

— דער מפקד און נישט אריק?

—דער מפקד, ליבע מענטשן, דא נישט ווייט שטייט אונדזערס א

טענדער, ער װעט אײַך מיטנעמען...

האָט זײ די ידיעה װי אַ דונער געטראָפֿן. דער דרויסן איז טונקל געװאָרן װי בעת אַ ליקוי חמה; שכנים האָבן זײ געהאָלפֿן זיך איבערטאָן און באַגלײט צום טענדער, װאָס האָט געװאַרט נישט װײַט אויפֿן כביש.

לכתחילה זענען זײ געזעסן אין יענעם װאַרט־זאַל זאַלבענאַנד, חנן מיט דאָראַן. חנן איז געװען באַטויבט און דערשיטערט ניט צו פֿאַר־לירן די חושים, זי װידער, האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן חננס אָרעם און ביטער געשלוכצט. זײ זענען געקומען נאָך אַלעמען, און לויטן קבלת פּנים פֿון דער אויבערשװעסטער מיטן דאָקטאָר איז יעדע פֿראַגע גע־װען איבעריק. נאָכער איז צוגעקומען נורית, ס׳אַכט יאָריק טעכטערל, אריקס שװעסטער, װאָס האָט זיך װי אַ קעצל געטוליעט צו די אײַנגע־בראָכענע עלטערן. מיט נוריתן זענען געקומען שכנים. ס׳איז איבער־פֿולט געװאָרן דער װאַרט־זאַל, מען האָט זײ געדריקט די הענט, מען האָט עפּעס גערעדט צו זײ, זײ האָבן גאָרנישט געהערט, ניט באַנומען און גע־זונקען אין צער. ס׳האָט זײ אויפֿגעװעקט אַ דרײַפֿאַכיקער זאַלפֿ פֿון אריקס געװער־ברידער, בײַם אָפֿענעם קבר. ס׳האָט געטאָן אַ דונער, אַ צװייטן און אַ דריטן מאָל, ס׳האָט געהילכט אַ באַפֿעל, קורץ און שאַרף װי אַ חלף, ס׳האָבן געקלאַפּט גרודעס ערד אויפֿן אָרון, נאָכער האָט אַ חזן אין מיליטערישע בגדים עפּעס פֿרום גערעדט, גערעדט און געזונגען. דערנאָך האָט מען זײ מיטן זעלבן טענדער געבראַכט אַהײם אַרומגערינגלט פֿון די זעלבע שכנים און נאָענטע.

***

בעת דעם אומגליק, זענען דאָרא מיט חננען געװען אָנהויב פֿופֿצי־קער, בײדע מענטשן פֿון דער פֿערטער עליה, מענטשן װאָס האָבן פֿאַרפֿעלט און נישט געהאַט קײן יוגנט. די ערשטע װעלט־מלחמה, שפּע־טער די רעװאָלוציע מיט די ערשטע אויפֿגאַנג־יאָרן פֿון נײַ־פּוילן, האָבן זײער יוגנט־תקופֿה פֿאַרצערט און פֿאַרברענט, װי ס׳איז פֿאַרצערט און פֿאַרברענט געװאָרן דער ייִדישער מעמד אין דעם פּױלישן שטעטל. בײדע האָבן זיך שױן אױפֿגעהאָדעװעט אױף די שיריים פֿון דער פֿריערדיקער

ייִדישער היימישקייט און משפחה טראַדיציע, וואָס האָט גענומען צאַנקען מיט יאָרן פריִער פאַרן ביטערן סוף פון די ייִדן אין פּוילן.ביידע זענען געוואָרפן געוואָרן אין די שטורמישע לעבנס־כוואַליעס פון דער תקופה צווישן די לעצטע צוויי וועלט־שריפות. ס'האָט זיי פאַראייניקט די געוועזענע היים פון אַמאָל מיטן גאַנג אין ארץ ישראל פון היינט. אַזוי האָבן זיי געאַנקערט אין טאָל פון יזרעאל, וווּ זיי האָבן געשלאָגן וואָרצלען, אויסגעבויט אַ נעסט, און נישט צו האָבן איבעריקע צייט צו קוקן אין שפּיגל, האָבן ביידע ערשט נישט לאַנג פאַרן אומגליק באַמערקט אַז זיי טראָגן שוין זילבערנע קרוינען אויף די קעפּ. ס'איז נאָך פאַרבליבן אַ קנאַפּער דריטל צום סוף פון דעם וועג, אַ וועג איבערגעלאָדן ביז איבער די ראַנדן מיט פרייד און גענוס פון פילן מיט אַלע גלידער, מיט לייַב און לעבן דעם טעם פון אַן אייגענער היים, מיט זיכערן באָדן אונטער די פיס, מיט אייגענע הימלען איבערן קאָפּ, מיט אייגענעם ברויט אויפן טיש, און געניסן אין דער שטיל פונעם טיפן נחת און חדוה צו זען די קינדער וואַקסן, אויפגיין און קוועלן, ווי די טאַטעס און זיידעס פלעגן חלומען אויפן קול: „כשתילי זיתים סביב לשולחניך".

ערשט ביי דער געזעגענונגס־פאַרוויילונג, יענעם שבת צו נאַכט, פאַר אַריקס אַוועקגיין אין דינסט צום צה"ל — צבא הגנה לישראל, פאַרכוסעט, מער באַטרונקען פון חדוה, ווי פונעם וויין, האָט זיך חנן אַרויסגעריסן פונעם טאַנצנדיקן האָראַ־רונד מיט אַ טיכעלע אין האַנט, גאָר ווי אין אַמאָליקע צייטן. ער האָט פריִער געטאַנצט ביחידות, ביז דאָרא האָט זיך באַהעפט צו אים, נאָכער אַריק מיט נוריתן — אַ באַזונדער פייער־רעדל פון זאַלבע פערט, אַ משפּחה, אַ שטאַם: צוויי זילבערנע קרוינען, איין פלאַקסענע טשופּרינע מיט לאַנגע צעפּ, זיי זענען אַזוי פאַרגאַנגען אין טאַנץ, צולייגנדיק קאָפּ צו קאָפּ ביז אַלע פיר האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַ פייערדיקן משפּחה־קוש.

די זינגענדיקע רעדער אַרום האָבן געפלאַקערט אין ריקוד אַזוי ביז זונען־אויפגאַנג, ווען דער גאַנצער מושב האָט באַגלייט אַריקן צום כביש, צו דער „התיצבות" (זיך שטעלן צום מיליטער דינסט).

יאָ! ווי דאָס וואָלט געווען מיט אַן אייביקייט צוריק!

כאָטש דאָרא איז שוין געווען אַ קינד פון דער לעצטער שטורמישער תקופה האָט זי דאָך אַלץ, מיט דער מוטערס מילך, איינגעזאַפּט אין זיך די מילדקייט פון אונדזערע אַמאָליקע אמהות — די ייִדישע מאַמעס, וואָס האָבן אַליין, ביחידות, נישט געקאָנט אויפנעמען קיין גוטס ווי קיין שלעכטס, קיין פרייד ווי דאָס לייד. זיי האָבן זיך געפרייט אויפן קול און געוויינט בקול רם, ביז זיי פלעגן געלייטערט און געטרייסט ווערן אין זייערע טרערן, וואָס האָבן געשטראָמט פון הארצן אַרויס דורך זייערע גוטע סאַמעט־ווייכע אויגן... אַזוי האָט זיך דאָרא מתגבר געווען אין אומגליק, און אירע יסורים דערשטיקט אין פּראַצע, זי האָט נאָך געהאַט חננען מיט נוריתן: נורית אַ קלענערע, — חנן אַ גרויס קינד.

די אַרומיקע האָבן געטענהט דאָס אומגעקערטע: — דאָרקע וויינט אויס די אויגן, זי גייט אויס נעבעך... חנן איז אײַזן, קיין עין הרע. נישט צו פאַרלירן אַ טרער, נישט צו זאָגן אַ וואָרט, נישט אָפּצושטיין פון דער אַרבעט, עך! — אָט איז דער אמתער טיפּ פונעם נײַעם ישראל־ייִד, וואָס פירט זײַנע זין צו דער עקידה. פּאַרט אַן אַלטער הגנה־זעלנער, אַ געוועזענער מפקד, וואָס איז דורך פײַער און וואַסער, פאַרהאַרטעוועט און געשטאָלט געוואָרן אינעם שטורעם פון דער צײַט...

אַזוי האָבן גערעדט צווישן זיך שכנים און באַקאַנטע.

אויף מאָרגן נאָך דער לויה האָט זיך שוין חנן גערדרייט אַרום שטאַל, ער איז געווען צופיל פאַרזונקען אינעם צער, כדי צו זען ווי די קי האָבן אויסגעדרייט די קעפּ, אויפגעהערט מעלה־גירהען און שטום געוויינט מיט אים צוזאַמען, — אָט די שטומע שטוביקע באַשעפענישן. וואָס אַריק האָט זיי אַמאָל געהאָדעוועט און ליב געהאַט, געבראַכט שטיקלעך צוקער מיט הויפנס שמעקעדיקע, זאַפטיקע גרינע תבואה צום נאַשן, אַ יעדער בהמהלע טראָגט אַ מענטשלעכן נאָמען: עליזה, חביבה, אילנה וכדומה. חנן האָט זיך גערדרייט צווישן זיי, ביז איינע האָט אים אַ לעק געטאָן ס׳פּנים, ווי אַמאָל אַריקן...

***

אין גאַנג פון דער פּראַצע, פון זריחה ביז שקיעה האָט חנן אויף אַ רגע נישט פאַרפעלט אין דער מחשבה אַרין דעם זון, וואָס האָט געלעבט אין זײַן מאַרך און בלוט, ווי ער האָט געלעבט אינעם רויש פון ווינט, אין צוויטשער פון די פייגל, אין זשומען פון די בינען. אומעטום האָט ער געהערט אַריקס קול, וואָס האָט אים אומעטום באַגלייט, און נאָכגע־גאַנגען: אין די תלמים, צווישן די תבואה און ביימער, צווישן די בײַטן גרינצײַג און בינטן שטרוי אויפן גורן (שײַער). ער איז אומעטום געווען מיט אים ווי פריִער בײַם לעבן, איידער ער איז אַוועק אין מיליטער. אומעטום אין יעדן ווינקל האָט אַריק געהאַט זײַן חלק, אַלץ איז געווען דורכגענומען, דורכגעזאַפּט מיט אים, אין יעדער פּרט איז געווען אײַנ־געוועבט זײַן זכרון. ער פלעגט אים העלפן אין שטאַל, אין לול, אין גאָרטן, אין פעלד, בײַם זייען און וועסערן, בײַם אַקערן און פלאַנצן... כ׳הערן אים נישט אויף צו קלינגען אין די אויערן אַריקס געלעכטער, אַריקס געשרייען און התפעלות, זײַנע שטיפעריַיען און מעשי קונדס.

אַריק האָט נישט געהאַט קיין איבעריקן חשק צום לערנען אַב־סטראַקטע טרוקענע תורה מיט אויסגעמוחטע טעאָריעס. כאָטש זײַן מוח איז געווען שאַרף, און דער זכרון גוט, האָבן אים נאָר אינטערעסירט די סודות פון בריאה און יצירה פאַרבונדענע מיט זײַן נאַטירלעכער ספערע פון אַרום. ווי אַ קינד פון דאָרף אָרגאַניש נאָענט צו דער נאַטור, האָט אים, ווי זײַנס גלײַכן, דער לערער פאַרשפּאָרט דערציילן, אַז פון זריעה וואַקסט תבואה, און פון אַן איי פּיקט זיך אויס אַן עוף, ווי פון אַ קעלבל וואַקסט אויס אַ קו, אָדער וועגן די פונקציעס און חילוק צווישן אַן „ער" און אַ „זי". אַזאַ ווי אַריקן האָבן אינטערעסירט די סודות וואָס ליגן אויסבאַהאַלטן פאַרן אויג אַפילו אין דאָרף, אין שוים פון דער נאַטור...

אין אַ ווינקל פון חננס הויף זענען געלעגן פאַרשוואַרצטע אַלטע עקאַליפּטוס־קלעצער. דאָרט פלעגט זיך אַמאָל אַריק מתיחד זײַן מיט זײַן דאָרפישער חברה פון זײַן עלטער. דאָרטן פלעגט מען „אַלץ" באַטראַכטן, אַרומריידן און „באַשליסן". פון דאָרטן פלעגן זיך אָפּט טראָגן פריידיקע געשרייען, געלעכטער און געזאַנג ביז האַלבער נאַכט. חנן פלעגט נישט

זעלטן באזוכן יענעם ווינקל, זיך צוזעצן אויף א קלאָץ זיך צוהערן צו די שמועסן, זיך קיינמאָל נישט אַרײַנמישן, אַנדערש וואָלטן זיך חברה נישט געפילט פרײַ. זיי האָבן זיך צוגעוואוינט צו אים, ווי ער, חנן, צו זיי. אָבער בײַ די פּרקים פון געזאַנג איז ער שוין געווען מיט זיי צוגלײַך.

— אָביך, אריק, דײַן פאָטער, איז א חברה־מאַן! פלעגן אריקן זאָגן די חברים.

אזוי איז געשאַפן געוואָרן דער קעגנזײַטיקער צוטרוי צווישן חננען מיט דער יוגנט פון מושב, א צוטרוי צווישן צוויי דורות: — פונעם הײַנט און מאָרגן.

חנן דערמאָנט זיך א שמועס צווישן דער חברה, „מעניני דיומא" נישט צו פאַרגעסן.

— הוא מקשקש ציונות! (דער לערער פלאַפּלט ציוניזם).

— כאילו עמדנו לערוק מהארץ (ווי מיר וואָלטן געהאַלטן בײַם דעזערטירן פון לאַנד).

א הילכיקער געלעכטער. חנן האָט מיט זיי מיטגעלאַכט מיטן גאַנצן האַרצן און אָנגעקוואָלן זיך צוצוקוקן צו אָט די צאַברעס צווישן 12 און 15 יאָריקן עלטער, יינגלעך, מיידלעך מיט בלאָנדע, שוואַרצע, ברוינע אָדער פלאַקסענע צעפּ, טשופּרינעס, לאָקן, אויגן בלויע און גרויע, שוואַרצע און ברוינע, טיפע, גלאַנציק־גליאיקע; פּנימער אָפענע, לאַבעדיקע, מיט און אָן זומערשפּרינקעלעך, פאַרריסענע און גלײַכע נעזלעך, נעזלעך געטאָקטע און ייִדישע נישט אזוי פײַן געפורעמטע, חברה זודיקע, צאַפּל־דיק־רווישיקע... און דער ראש המדברים, זײַן אריק, בתוכם.

חנן האָט מיט אַלע חושים געפילט: — אָט זענען זיי דאָך אַן אָר־גאַנישער טייל פונעם עמק פּייזאַזש, ווי די ביימער און תבואות, זייערע פּנימער אָפענע ווי די פעלדער, — נעם אָט דאָס אַלץ און ריר עס פון אָרט. אַנו, פּרוביר אזאַ בוים רײַסן מיט די וואָרצלען, פּרוביר די פעלדער רירן פון אָרט, פּרוביר... די חברה זענען דאָך די „ציונות" אַליין, די פאַרקערפּערונג פונם ציוניזם. חנן דערמאָנט זיך די גענג פון זייערע עלטערע ברידער, וואָס זענען דאָ, און וואָס זענען שוין נישטאָ, ער דער־מאָנט זיך זייערע מעשים אינעם באַפרײַונגס־קריג, ווי בעת דער תקופה

פון מאַנדאַט, בעת ער, חנן, איז נאָך געווען אַ קרייזמפקד אין „הגנה״. ער דערמאָנט זיך אָן די מעשים פון די צאַבּרעס אינעם געראַנגל בעת דער העפּלה, שפּעטער אויף אַלע פראָנטן ווו חברה ווי זיי, פונעם זעלבן חומר געקנעטן זענען אומעטום געשטאַנען בראש פון יעדער געוואַגט־קייט און יעדער סכנה...

איצט זיצט דאָ חנן אָפּט אַליין, איינער אַליין מיט אויסגערונענער פרייד, חברה קומט זיך נאָך אַ מאָל צונויף ווי פריִער, אָבער מען הערט איצט נישט יענע הילכיקע געשרייען און געלעכטערס; אריק איז נישטאָ אויף די קלעצער, ער חנן איז יאָ דאָ, אפשר פאַרשטערט ער די פרייד? ער זיצט דאָך ווי פריִער, ווי אַמאָל, שמועסט רויִק, פאַרציט אפילו אַ ניגון, וואָס איז ער שולדיק, אַז ערגעץ טיף אין אים וויינט און נאָגט?

ער, דארא און נורית האָבן זיך נישט צונויפגערעדט, צוזאַמען האָבן זיי אָפּגעראַמט אַ שטיקל קרקע נישט ווייַט פון די קלעצער, ס׳שטיקל קרקע געגראָבן און איבערגעגראָבן, אויסגעריסן ס׳מינדסטע ווילדגראָז, אויס־געשטייניקט, איבערגעקנאָטן, אויסגעגרייפּט און באַוואַסערט, דערנאָך פאַרפלאַנצט מיט בלומען. ס׳ווינקל האָבן זיי נישט אַרומגעצוימט, אנ־שטאָט אַ גדר, האָבן זיי פאַרזעצט 19 ציפּרעסן, ווי די צאָל פון אַריקס יאָרן, דעם ווינקל האָבן זיי אָפּגעהיט און געצערטלט ווי אַ מקום קדוש, ווי אַן אָרט פאַר התבודדות, דאָרטן זענען זייערע שטילע טרערן נישט פאַרלוירן געגאַנגען, פון יעדער טרער איז געוואַקסן אַ בלום, אַ שפּראָצל, אַ גראָז... חנן האָט צונויפגעקלאַפּט אַ באַנק מיט אַן אָנלען, ווו ער אַליין, אָדער צוזאַמען מיט דארען, פלעגן אָפּט קומען זיך צוזעצן אָפּצו־שווייַגן שעהען לאַנג.

* * *

בדמייך היי. ס׳איז אַוועק אַ ווינטער, אַ פרילינג, ס׳איז אַוועק אַ זומער, און ס׳איז ווידער געקומען ווינטער. דאָרט איז פאַרטאָן אין דער ווירטשאַפט איבערן קאָפּ. איצט פּילט נורית אויס דעם הויף, זי איז איצט אומעטום, באַזונדערס אַרום דער מוטער, בעת חנן געפינט זיך גאַנצע טעג אַליין אין פעלד ווייַט פון דער היים. ער טוט שטיל זיין אַר־

בעט, באַגעגנט זיך מיט שכנים, שמועסט ווי פריִער, שלעפּט דעם יאָך. די זון גייט אויף און פאַרגייט ווי פריִער, די לבנה גייט אויף ראש חודש און פאַרשווינדט, כדי ווידער מקיים זײַן דעם מולד ווי מקדמת דנא. מ׳זייט און מען שנײַדט, מ׳פלאַנצט און מען גרעפּט. פייגל צווּיטשערן, בינען זשומען, בעלי חיים פאָרן און מערן זיך, וואַקסן און פאַרגייען. ס׳קומען קינדער, זקנים גייען אַוועק, ס׳קומען צו הײַזער מיט משפחות, חתונות, בריתן, בר און בת מצוות, און... ליות. האָט חתונה אַ קינד, טיילט מען אים אוים אַ חלק פון באַזיץ, מען בויט צו אַ שטוב אָדער אַ צימער. קינדער גייען אין שולן, זין מיט טעכטער גייען אַוועק אין מיליטער מיט „מוטערס מילך אויף די ליפּן״, מיט עמק טוי אויף די טשופּריגעס. זיי גייען אַוועק יונגע און קומען צוריק צײַטיקע, אויסגעוואַקסענע, ערנסטע, מיט רויִקע שווערלעכע גענג, ווי זייערע טאַטעס און מאַמעס, מען שפּאַנט זיך צוריק אַרײַן אין די ווירטשאַפטן און מען שמידט ווײַטער די רינגען אין דער קייט פונעם נײַעם ייִדישן דור אין ייִדישן לאַנד.

— „נאָר קומען צוריק, קומען צוריק״, טראַכט ביטער חנן, וואָס גייט ווי תמיד מיט אין גאַנג און טראָט, אָלא די וווּנד, די טיפע וווּנד היילט ניט, זי איז געבליבן אָפן און טריפט ווײַטער מיט בלוט. וואָס ווײַטער פון יענעם קבורה־טאָג, הילכן שטאַרקער אין מח יענע דרײַ זאַלפן בײַ אַריקס אָפענעם קבר. ערשט איצט 18 חדשים שפּעטער האָט ער דערפילט ווי גרויזאַם לייִדיק ס׳איז אים געוואָרן, אָט דאָס שטיק פעלד, וואָס ער אַקערט יאָר נאָך יאָר צום הונדערטסטן מאָל, און די גרודעם טרוקענע ערד, וואָס פאַלן אַרום די אַקער מעסער, קלאַפּן איצט ווי דונערן אין אַריקס אָרון...

אַ מענטש איז נישט פון אײַזן. חנן האָט נישט אויסגעהאַלטן. זיך אונטערגעגעבן און צוזאַמענגעבראָכן. מען האָט אים געפונען קניִען בײַם אַקער. דעם דופק האָט מען קוים געפילט, אַ נס, וואָס די בהמה אין שפּאַן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, זי האָט געוואַרט אויף חננס רוף, אַז דער רוף איז נישט געקומען איז די בהמה רויִק געשטאַנען. אַ נס, וואָס דאָרט האָט פון ווײַטן פעלד דערהערט די יללה פון הויפישן הונט, וואָס פלעגט חננען באַגלייטן אין פעלד. דער הונט האָט אַרומגעטאַנצט אַרום

חננן, ווי מיט אכצן חדשים צוריק ארום דעם „מעם צאדיק" אויפן מאטאציקל.

* * *

—בוקר טוב — א גוטן פרימארגן! האט ארײַנגעזונגען א מיידלשער קול אין שפיטאל צימער.

— בוקר טוב, — האבן שמייכלענדיק געענטפערט די קראנקע פון די בעטן. — א גוטן פרימארגן, שוועסטער.

ס'איז געווען פארטאג. קוים צו זען אויפן מזרח־הימל די קאנטורן פון זריחה. די שוועסטער האט ארויפגעצויגן די שטארן און אויפגעמאכט א פענצטער. פונעם אפענעם פענצטער האט ארײַנגעשטראמט די פריש־קייט פון א נײַעם טאג, מיטן „ערשטן מנין"־געזאנג פון די פייגל אויף די ביימער. זייער צוויטשערן פארטאג, האט זיך צונויפגעגאסן מיטן ווײַטן מורמל פון ים מיטן „בוקר טוב" פון דער שוועסטער. די בלענדנ־דיקע ווײַסקייט פון איר לבוש מיטן זינגענדיקן שמייכל אויף איר יונגן פנים, האבן פארטונקלט ס'בלאסע ליכט פון קליינעם נאכט־לאמפ, די קראנקע האבן אויסגעגלײַכט די ביינער, ווער ס'האט געגענעצט אויפן קול, ווער ס'האט צוגעהוסט, און אלע צוזאמען האבן זיך געקוויקט מיטן שטראם פרישע לופט פון דרויסן.

— א שיינער ליכטיקער טאג גייט אויף, געענדיקט מיטן חמסין. דער רעגן האט גערייניקט די לופט, דער שטורעם האט פארטריבן די כמארעס, מה שלומך חנן? — האט די שוועסטער אויסגעזונגען אין איין אטעם בײַם פאררוכטן חננס צוקאפנס.

— טוב, רחלע, האט חנן שטיל געענטפערט, אויסציִענדיק די מידע הענט איבערן איבערדעק פון בעט. ס'איז ליכטיקער געווארן אין דרויסן, ווײַזט אויס, די זון נעמט אפירשווימען פון אונטער די בערג פון גליל. ס'צינדט זיך דער מזרח, און די שויב אין פענצטער איבער חננס בעט צעפלאמט זיך אין רויט. די שוועסטער האט אפגעקלעפט די זויערשטאף טרײַבל פון חננס נאז, צו לאזן אים פרײַ געניסן פון דער פרישער באגי־נען לופט געמישט מיט טוי, מיטן ריח פון ים, מיט די שארפע בשמים

פון די בערג אוןביימער, מיט די דופטן פון גרינס ארום. חנן האָט פאַר־מאַכט די אויגן מיט דער כוונה צוריק צו פאַרבינדן די איבערגעריסענע פעדים פון די פּיצלעך מחשבות פון נעכטן אָוונט; די נאַכט איז ער גע־שלאָפן, יאָ, ס׳וויס ליכטיק פנים פון דער שוועסטער דורית, בליצן, דונערן אַ שטורעם־ווינט מיט רעגן. — רעגן, ס׳רעגן און די היים... —
„יאָ, מיין אומעטיק היים", האָט חנן געזאָגט צו זיך אין דער שטיל, „דאָראַ, נורית, דער הויף, די אַלטע קלעצער, ס׳פעלד, וואָס האָט זייער נעדורשט נאָך רעגן און"...

— וואָס חנן, באַהעפטן דעם חמצן? (זויערשטאָף) האָט די שוועס־טער געפרעגט.

— לאָ, לאָ, כלום, רחלע, גאָרנישט, — האָט חנן געענטפערט מיט אַ זיפץ.

— כלום רחלע, לאָמיר זיך אַליין באַדינען מיט לופט, האָט חנן געשמייכלט, — ס׳איז גאָרנישט, לאָמיר אַליין אָטעמען די גוטע פרישע לופט...

צום ערשטן מאָל האָבן חננס קראַנקע שכנים געהערט פון אים אַזאַ לאַנגן געשפּרעך.

„בחיי", האָט אַן אַסטמאַטיקער פון אַ אַקעגנדיקער בעט געמורמלט שטיל צום שכן דעם מושבניק פון שומרון, „חנן גייט אויף אַ דרך, בחיי"!

— ווייזט אויס, איז געפאַלן אַ תשובה.

חנן האָט צום ערשטן מאָל זינט ער ליגט אין שפּיטאָל, איינגעדרע־מלט אין דער פרי, אָן דעם זויערשטאָף, אָן אַ שלאָף־מיטל. חנן האָט געאָטעמט פריי, רעגלמעסיק, און רחלע, האָט אים נישט געוואָלט וועקן צום פאַרמיטאָקדיקן טיי. חנן איז געשלאָפן, ניט צו הערן דעם באַזוך פון די דאָקטוירים, וואָס זענען אויף די שפּיץ פינגער פאַרביי זיין בעט.

— היינט נישט געבן קיין ניטראָ־גליצערן, לאָזן שלאָפן וויפל ער וויל, זאָל אים זיין צו געזונט, הוא מתחיל להתגבר, ער איבערגעוועלטיקט זיך, אַ גוטער סימן, — האָט שטיל געזאָגט דער אויבער־דאָקטער צו זיינע באַגלייטער.

— אַזעלכע פאַלן ביי דער אַרבעט, נישט צו פאַרגינען זיך קיין

מנוחה שעה, קיינמאָל נישט, — האָט דער אָקעגנדיקער שכן געמורמלט צום אַסמאַטיקער.

— אויף קרענקען האָט מען שטענדיק צײַט...

— בײַ אַזעלכע מענטשן זעצט זיך אָפּ די מידקייט אויפן הארצן, ווי שטיין אויף די ווענטלעך פון אַ קעסל אָדער אַ קאַן, ווו מען קאָכט אָן אויפּהער וואַסער, ביז עס פּלאַצט.

— אב שכול — אַ פּאַריתומטער פּאָטער, אַ יתום נאָך אַן איינציקן זון, — האָט דער שכן צוריקגעמורמלט.

— אַזוי?

— יאָ, די שוועסטער דורית האָט דערציילט, ער האָט זיך געשטיקט מיט זײַן צער 18 חדשים צײַט, ביז, ביז...

— ששאַ!

— שאַ, שקט! האָט זיך רחלע געבייזערט אין דער שטיל, — שקט!

יענער טאָג איז געווען איינער פון די דערלויבטע באַזוך־טעג אין שפּיטאָל. ס'איז אויסגעפאַלן אַ שיינער מילדער זוניקער ערב פּרילינג טאָג, ווען דאָראַ פּאָרט באַזוכן חננען. צולהכעיס האָט זיך יענעם באַגי־נען געגומען שווער קעלבן „עליזה", די שכנים האָבן געוווּסט און פּרוּ־בירט איר איבערצײַגן, זי זאָל זיך נישט קימערן און פאָרן צו חננען ווי תמיד, ס'קען אים מצער זײַן. דאָראַ ווידער האָט מער נישט געוואָלט אַזויפיל באַלעסטיקן די שכנים, האָט זי באַשלאָסן דערוויילע שיקן נוריתן אַליין מיטן פּאָסט־אויטאָ. דער פּאָסט מענטש קערט איר אָן אַ ווײַטער קרוב, ער וועט שוין די טאָכטער ברענגען אויף אַן אָרט. נורית וועט נעכטיקן בײַ קרובים אין שטאָט, און מאָרגן וועט זי קומען זיך זען מיט חננען און ביידע וועלן זיך צוריקקערן אהיים. דאָראַ האָט געוווּסט, אַז חננס מצב איז ווי געווען, דער קרוב אירער פון פּאָסט האָט נעכטן טעלעפאָנירט אין שפּיטאָל.

נורית איז געווען אין זיבעטן הימל; מחוץ דער פרייד זיך צו זען מיטן אבא וועט זי דעם טאָג נישט דאַרפן באַזוכן די שולע, והשנית וועט זי פאָרן אַליין זעלבסטשטענדיק, ווי אַ דערוואַקסענער מענטש. נורית איז געלאָפן אין פעלד און אָנגעקליבן בלומען מכל הבא ביד: קאָרן בלומען, אַנעמאָנען, נאַרציזן, געלע רעבאַרבער בליטן... און עס אויס־

געמישט מיט אַ הויפן פולע גרינע תבואה זאַנגען פון טאַטנס זריעה, פון זייער פעלד; דאָרט האָט בחפזון אויסגעקליבן פון די שענסטע בלומען פון הויף, נאַסטורציעס, ווײַס־ראָזלעכע דאַליעס, פאַרמאַכטע איריסן, צונטער רויטע נעגעלעך, לייבן־האָרץ, מיט די שענסטע טוי־דרויזן פון הינ־טער די פענצטער, זי האָט געמאַכט בוקעטן: — דעם פאַר די שוועסטער, יענעם פאַרן צימער פון די דאָקטוירים, און אַלע איבעריקע פאַרן אבא.

איז נורית געקומען אין שפּיטאָל אַ צײַט פריִער פאַרן דערלויבטן באַזוך, פאַר מיטיק. אַז ס'מיידל מיט ביידע בלאָנדע צעפּ, מיט איר פריש ליכטיק פּנים, אין דאָרפישן הילוך מיט צוויי בערג בלומען אין די הענט, האָט נישט זיכער, אַ ביסל צעשראָקן באַטרעטן דעם וואַרט־צימער פון שפּיטאָל, האָבן נישט וועלנדיק אָנגעקוואָלן די אַלע, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. זי איז דערשינען, ווי אַ גוטע בשורה, ווען ס'איז לײַכטער און ליכטיק געוואָרן, בײַ ווען ס'האָט זיך אָפּגעטאָן דער צער, און בײַ ווען ס'אומגעדולד איז אַוועק. נורית האָט געבראַכט פרילינג מיט אַ שטיק פראַכט פונעם טאָל יזרעאל, די דופטן פון יידישן פעלד, וואָס האָבן ווי פאַרטריבן די שאַרפע ריחות פון שפּיטאָל...

רחלע, די שוועסטער איז איר אַקעגן געקומען און געזאָגט:

— דער אבא איז היינט אַ ילד טוב — אַ וואויל קינד, ער שלאָפט שוין עטלעכע שעה, אַ מחיה, דער אבא וועט זײַן געזונט, אַ שאָד אים אויפוועקן...

רחלע האָט מיטגענומען ס'דופטיק גוטס פון נוריתן. עס פאַרטיילט אין כלערליי גלעזער און טעפּלעך, און נאָכער אַוועקגעשטעלט אויפן נאַכט־טישל בײַם פענצטער, אַפילו אויפן שטול בײַ חננס בעט. די פרישע זאַפ־טיקע זאַנגען האָט זי צוגעהעפט צום באַלאָן אין ווינקל, וואָס איז נאָך אַלץ געשטאַנען אין ווײַסן העמד...

חנן האָט זיך גענומען וועקן, אויפוועקן פון אַ חלום, דוכט זיך אים, אַז ער איז וואַך, נאָר ס'ווילט זיך נישט אויפמאַכן די אויגן. ער ווייסט אַז ער ליגט אין שפּיטאָל, און אפשר איז די גאַנצע מעשה אַ חלום־ — ער פילט בפירוש ווי ער אָטעמט מיט דער היים, מיט די בשמים פון פעלד, דוכט זיך דער שאַרפער ריח פון נאַרציזן געמישט

מיטן דופט פון ציפורן (נעגעלעך) און טיי־רויזן, די רויזן וואָס וואַקסן הינטער זײַנע פענצטער...

חנן ציטערט צו פאַרלירן די זיסע מחשבות, די בשמים... ער ריזי־קירט און מאַכט אויף אַ פּיץ־פּיצל, אַ שפּעלטעלע אויג און דערזעט... גרינע זאַנגען. ער שטרעקט אויס אַ האַנט און טרעפט דעם בלומען־טאָפּ אויפן שטול בײַ דער בעט, ס'גיט זײַן האַנט אַ גלעט דעם ווייכן סאַמעט פון אַ דאַליאַ בלום.

זאָל עס זײַן וואָר און נישט קיין חלום?

פון ווײַטן זשומעט אַ גלעקל, ס'פּראַלן זיך אויף די טירן פון שפּי־טאָל קאָרידאָר, אַלע צימערן ווערן ברייט צעעפנט, אויף די שפּיץ פינגער באַוועגן זיך אומרויִקע געסט און קרובים, באַזוכן די קראַנקע.

רחלע האָט נישט פאַרגעסן נוריתן און איר צוגעפירט פאַרן האַנט ביזן בעטל וווּ חנן האָט מיט די אויגן געצערטלט און געגלעט די בלומען אַרום, און די זאַנגען, די זאַנגען...

אַז נורית האָט אים דערזען האָט זיך זיך לכתחילה צעטומלט, אָבער באַלד צו זיך געקומען, זי האָט זיך אַ ריס געטאָן מיט אימפּעט און אים אַרומגעכאַפּט פאַרן קאָפּ איבערדרייענדיק דעם שטול מיטן בלומען־טאָפּ...

— אבא! האָט זי זײַן קאָפּ געדריקט צו זיך, פאַרכלינעט מיט שמחה, נישט צו וויסן, וואָס פריִער צו זאָגן...

— אבא! עליזה קעלבט זיך איצט!...

פאַר חננען איז געוועזן געגנוג. ס'איז נישט קיין חלום, ס'איז וואָר.

מיט חדוה האָבן זײַנע בלאַסע ציטריקע הענט אַרומגענומען נוריתן.

— נורית ילדתי, מײַן קינד, נוריתל... — האָט ער איר געדריקט צו זיך און מיט פאַרבענקטן דורשט טיף אַרײַנגעאָטעמט איר דופט, דעם ריח פון דער היים, וואָס האָט געשלאָגן פון איר און פון די בלומען אַרום.

